# שדים

נאָוועלע

פון
יצחק וואַרשאַווסקי

## קאַפּיטל איינס

אין דער אידישער צייטונג וואָס מאַקס באַראַבאַנדער האָט געקויפט יענעם פאַרמיטאָג אין וואַרשע האָט מען געשריבען דאָס אייגענע וואָס אין לאָנדאָן און אין ניו יאָרק: אַז דער באַלקאַנישער האַלב-אינזעל איז אַ פאַס מיט פּולווער און אַז פּורישקעוויטש און די אַנדערע שוואַרץ-מאַה'ניקעס האָבען זיך פאַרנומען אומצוברענגען די אידען אין רוסלאַנד. די אידישע קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע האָבען געליטען פון אַ טריקעניש. ווידער, אין באַראָן הירש'עס קאָלאָניעס אין אַרגענטינע האָבען די ביוראָקראַטען פון „איקאַ“ אָנגעטאָן צרות. דער קייזער ווילהעלם האָט פּונסניי זיך אַרויסגעשאָפט מיט אַ פראַזע וואָס האָט אַרויסגערופען פאַרביטערונג אין די דיפּלאָמאַטישע קרייזען פון דער אַליאַנס. די ציוניסטען האָבען געגרייט אַ נייעם קאָנגרעס. אין דער רובריק וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „ארבע פינות העולם“ האָט זיך געפונען די ידיעה, אַז אַ פּויערטע אין עגיפּטען האָט געבוירן זעקס קינדער, אַלע טויט.

מאַקס באַראַבאַנדער האָט געלייענט און דערביי פאַמעליך געגעסען קעז-קוכען און צוגעטרונקען קאַווע מיט שמאַנט.

— אַזוי, זעקס קינדער מיט איין קנאַק! — האָט ער געמורמעלט צו זיך. — ווערט מען דאַרפען גראָבען פאַר זיי זעקס קברים? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט. — אָדער, ווערט מען זיי אַלע אַריינלעגען אין איין גרוב? נו, און וואָס זענען זיי געווען, אינגלעך אָדער מיידלעך?...

אויף דער שיף קיין שערבורג, און שפּעטער, אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד, האָט מאַקס באַראַבאַנדער נישט געהאַט קיין געלעגענהייט צו לייענען קיין אידיש בלאַט. ער האָט געהאַט איינגעהאַנדעלט אין בערלין אַ דייטשען גאַזעט, אָבער אין דער פרעמדער שפּראַך האָט די נייעס נישט געהאַט קיין טעם. אויף אידיש האָט יעדעס שטיקעל כראָניק געהאַט זיין זאַפט. אַ שוסטער האָט געקויפט אַ לאָטעריע-צעטעל וואָס האָט געוואונען די פינף-און-זיבעציג טויזענט, אָבער ער האָט עס געהאַט פאַרנוצט אויף אשר-יצר-פּאַפּיר. קיין אויסטראַליע איז אָנגעקומען אַ שיף מיט דריי הונדערט כלה'ס פון ענגלאַנד. די חתנים האָבען געהאַט אָפּגעקליבען די מוידען פון פאָטאָגראַפיעס. מאַקס באַראַבאַנדער האָט געטאָן אַ טיפען שלוק פון דער קאַווע:

— דריי הונדערט מוידען, אַ רוח אין זייערע טרפה'נע פּופּקעס! — האָט ער גערעדט צו זיך. — אָט דאָס וואָס איך וואָלט געדאַרפט: אַ שיף מיט לעבעדיגער סחורה. — האָט מאַקס זיך געשפּילט מיט'ן געדאַנק. — כ'וואָלט אַריינגעכאַפּט אַ האַלבען מיליאָן רובל צווישען יאָ און ניין...

מאַקס באַראַבאַנדער האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן ביים בוזעם, וואו ס'איז געלעגען זיין טאַש, דאָס געלט, דער אַרגענטינער פּאַס, די שיפס-קאַרטע אויף צוריק און אַן אַדרעס-ביכעל אָנגעפּאַקט מיט אַדרעסען. ווי וואויל ער איז אַליין אַמאָל געווען אַ גנב, האָט ער געציטערט מ'זאָל אים נישט באַ'גנב'ענען. ער האָט שוין פאַר איינוועגס אַ טאַפּ געטאָן דעם רעוואָלווער.

מאַקס באַראַבאַנדער איז שוין אַלט געווען זיבען-און-פערציג יאָר. אָבער ער האָט אויסגעזעהן אַ סך אינגער. מ'האָט אים געגעבען נישט מער ווי פינף-און-דרייסיג, אָדער, העכסטענס, אַכט-און-דרייסיג יאָר. ער איז געווען אַ הויכער פאַרשוין, ברייט-פּלייציג, בלאָנד, מיט בלויע אויגען, אַ פיר-עקיגען קיהן, אַ קורצען האַלז, אַ גלייכער נאָז. ער האָט נאָך אינגעלווייז געהאַט אַ שם פון אַ גיבור. ער האָט געטאָן מיט דער פויסט אַ זעץ אין אַ טיש און דער טיש האָט זיך אויסגעצויגען אויף די פיר פיס ווי אַ צעשמעטערטע חיה. ער האָט זיך געוועט, אַז ער וועט אויפעסען אַ האַלב שאָק אייער און אויסטרינקען צען פלאַשען ביר און געוואונען דעם וועט. וואָס ער האָט געקאָנט אויפטאָן מיט ווייבער, האָט אים קיינער נישט געגלויבט, אחוץ יענע וואָס ער האָט געהאַט מיט זיי עסקים. נו, אָבער ער האָט זיך דערנעהענטערט צו די פופציג און די עלטער האָט אַנגעוואָרפען אויף אים אַ פּחד. די האָר האָבען אים גענומען אויסקריכען און ער האָט קוים ווי ס'איז פאַרדעקט דעם פּליך.

זינט אַרטורא איז געשטאָרבען, האָט ער, מאַקס, נישט אויפגעהערט טראַכטען וועגען טויט. אויב אַ בחור פון זיבעצען יאָר קאָן קריגען אַ קאָפּ-ווערהטאָג און צען מינוט שפּעטער אויסהויכען די נשמה, איז דאָס גאַנצע מענטשליכע לעבען נישט ווערט קיין שישקע פּולווער. ער, מאַקס, האָט נאָך ווי ס'איז זיך געצוואונגען צו פאַרגעסען אָן מאַלעיר, אָבער ראַשעל איז געוואָרען האַלב-צעררודערט. טאַקע צוליב איר האָט ער אונטערגענומען די דאָזיגע נסיעה. ער האָט מער נישט געקאָנט בלייבען אין דער היים, אויסהערען איערע רייד וואָס האָבען אַפּט אַ שמעק געטאָן מיט משוגעת. זי האָט אים, מאַקס'ן, געטריבען צו זאָגען קדיש. זי האָט געהאַלטען אין איין צינדען ליכט נאָך אַרטורא'ס נשמה. זי האָט געגעבען אויף צדקה סומעס געלט וואָס ער, מאַקס, האָט זיך דאָס נישט געקאָנט פאַרגינען. זי האָט געקראָגען אַטאַקעס אויף די גאַלשטיינער און ס'האָט שוין געהאַלטען דערביי זי זאָל דורכמאַכען אַן אָפּעראַציע. ער, מאַקס, האָט זי געוואָלט מיטנעמען קיין פּוילען. די דאָקטוירים האָבען אַלע גע'טענה'ט, אַז אַ רייזע וואָלט זי געראַטעוועט. אָבער ראַשעל האָט גע'טענה'ט:

— יאָך מוז בלייבען מיט אַרטורא'ן:...

דער אמת איז, אַז ער, מאַקס באַראַבאַנדער, האָט זיך שוין געהאַט אַזוי גוט ווי אַרויסגעלאָזט פון די טרפה'נע מסחרים. ער איז גאָר געוואָרען אַ שותף צו אַ טעאַטער אין בוענאָס איירעס. ער האָט געהאַט אין די גוטע צייטען אָנגעקויפט הייזער און פּלעצער וואָס האָבען געבראַכט גרויסע רווחים. די נייאָנגעלאָפענע אידען אין אַרגענטינע האָבען געפירט אַ מלחמה מיט די „טמאים“, זיי נישט אַריינגעלאָזט אין אַ שוהל, זיי נישט פאַרקויפט קיין קרקע אויפ'ן בית-עולם, אָבער ער, מאַקס באַראַבאַנדער, האָט זיך געבריידערט מיט כלל-טוער און האָט אפילו געהאַט דעם אמט פון אַ וויצע-פּרעזעס אין אַ יתומים-הויז. שוין יאָרען ווי ער האָט געפירט אַ באַלעבאַטיש לעבען. ראַשעל האָט אים צופרידענגעשטעלט.

ביז צום אומגליק מיט אַרטורא'ן איז די ראַשעל געווען אַ קניפּל פייער. זי האָט אים געהאַט אַזוי אַריינגענומען אין די הענט, אַז ער האָט פאַרלוירען דעם חשק צו אַנדערע נקמה'ס. נו, אָבער אַרטורא'ס טויט האָט אַלץ קאַליע געמאַכט. ראַשעל איז געוואָרען קאַלט. זי האָט אים רעכט נישט צוגעלאָזט צו זיך. זי האָט געוואָלט שטאַרבען און נייערט געפלאַפּעלט פון טויט. זי איז אַוועק צו אַ מצבה-קריצער און זיך געלאָזט אויסקריצען אַ מצבה. זי האָט אים, מאַקס'ן, צום ערשטען מאָל זינט ער האָט זי דערקענט, געשיקט צו אַנדערע. ער האָט געפּרוואָוט טאָן ווי זי האָט פאַרלאַנגט, אָבער ער איז געבליבען אומבאַהאָלפען.

די דאָזיגע רייזע וואָס מאַקס באַראַבאַנדער האָט אונטערגענומען האָט געזאָלט זיין נישט פאַר געשעפט, נאָר פאַרגעניגען. און ווער ווייסט? אפשר וועט ער דאָ, אין פּוילען, זיך אָפּפרישען.

ער האָט געהאַט געהערט אויף דער שיף אַלערליי געשיכטעס וואָס מ'האָט דערצעהלט וועגען די אַלפאָנסען פון דרום-אַמעריקע. זיי כאַפּען-אויף מיידלעך אין קאַרעטעס. מ'צווינגט אָרענטליכע טעכטער צו שאַנד. מ'פאַרקויפט זיי ווי שקלאַפינס אויפ'ן מאַרק. אָבער מאַקס האָט אין זיך געלאַכט פון די דאָזיגע באָבע-מעשיות. אפשר האָט מען דאָס געקאָנט טאָן אַמאָל, מיט זעכציג יאָר צוריק. היינט איז דאָס אוממעגליך. ס'לוינט נישט אויך. מ'קאָן קריגען מוידען וואָס פאַרען מיט'ן גוטען ווילען. ער איז פאַקטיש געקומען אַהער זוכען אַ געליבטע. ס'איז אים שוין געווען קלאָר אַז ראַשעל וועט נישט זיין דאָס וואָס אַמאָל. אויב ער, מאַקס, וויל בלייבען אַ מאַנסביל, מוז ער זיך אין עמיצען פאַרליבען אַזוי שטאַרק ווי ער האָט זיך אַמאָל איינגעליבט אין ראַשעל.

ער האָט געהאַט נאָך אַנדערע חשבונות. ער האָט איבערגעלאָזט טאַטע-מאַמע אין ראַשקעוו און קיינמאָל צו זיי נישט געשריבען. זיי זענען געשטאָרבען נישט וויסענדיג וואו ער איז אַהינגעקומען. ער האָט געהאַט אַ ברודער זלמן ערגיץ אין פּוילען און אַ שוועסטער שרה נעכע, שוין נישט רעדענדיג פון פעטערס, מומע, געשוועסטער-קינדער. ער'ט געהאַט גוטע פריינד דאָ אין פּוילען.

נו, אָבער קאָן ער זיך ווייזען פאַר זיינע קרובים נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעשוויגען דריי-און-צוואַנציג יאָר? קאָן ער קומען אויפ'ן בית-עולם צו די עלטערען וואָס ער איז אפשר שולדיג אין זייער טויט? יאָ, ראַשעל האָט דאָ אויך משפחה, וואָס האָט געוואוסט וועגען איר אויפפירונג מיט יאָרען צוריק. ער, מאַקס, האָט זי איינפאַך געהאַט אַרויסגענומען פון אַ זומפּ...

מאַקס באַראַבאַנדער האָט געטאָן אַ לעצטען שלוק קאַווע און אַראָפּגעשלונגען דעם לעצטען ביס קעז-קוכען. ער איז געקומען מיט אַ שעה צוריק אָנגעקומען מיט'ן שנעלצוג פון בערלין און איבערגעלאָזט דאָס געפּעק אין באַגאַזש-צימער אויפ'ן ווינער וואָקזאַל.

ער האָט זיך געלאָזט גיין צופוס איבער וואַרשע און איז דערגאַנגען ביז צום גזשיבאָוו. ער האָט געקענט די שטאָט. ער איז דאָ געהאַט דורכגעגאַנגען, ווי מ'זאָגט, קאַלטס און וואַרעמס. ער איז אפילו געהאַט געזעסען דריי חדשים אין פּאַוויאַק. ער האָט דאָ איבערגעלאָזט געליבטע און וואָס נישט? אָבער צוואַנציג יאָר איז אַ לאַנגע צייט.

ווען ער איז אַוועק פון וואַרשע האָט ערשט אָנגעהויבען קורסירען אַ טראַמוואַי מיט פערד. איצט זענען געלאָפען עלעקטרישע טראַמוואַיען. פון מאָל-צו-מאָל איז אויך פאַרביי אַן אויטאָמאָביל. די געשעפטען אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע האָבען אויסגעשטעלט טייערע סחורה'ס און די פרויען האָבען זיך דאָ געקליידט נישט ערגער ווי אין פּאַריז און בערלין. די טראָטואַרען זענען געוואָרען ברייטער, די געביידעס העכער. די אידישע געגענט האָט זיך ווייניגער געענדערט, אָבער אפילו דאָ האָט מען געפיהלט די נייע צייט, דאָס צוואַנציגסטע יאָרהונדערט. אַ סך אידישע יונגעלייט האָבען ראַזירט די בערד, אָנגעטאָן קאַפּעליושן, אַנצוגען. אידישע טעכטער האָבען געטראָגען קליידער מיט קורצע אַרבעל, אויסגעצירט אַזוי, אַז מ'האָט געזעהן די נאַקעטע העלזער. אין זיין, מאַקס באַראַבאַנדער'ס צייט, האָבען אידישע מיידלעך אַלע געטראָגען שאַלען. אַ הוט איז געווען אַ זעלטענהייט. מ'האָט אפילו רעכט נישט געוואוסט פון אַ האַנט-טאַש.

אין דער צייטונג זענען געווען אָנאָנסירט אידישע פּיעסען, אַ פאַרלעזונג אין „הזמיר“, אַ געזאַנגאָוונט מיט שניאור'ס כאָר, אַ פאַרזאַמלונג פון סטודענטען אין „מרכז“. דאָקטוירים האָבען געמאָלדען, אַז זיי היילען ווענערישע קראַנקהייטען ווי אויך „מענער שוואַכע“.

— נו, די וועלט האָט זיך אַ רוקגעטאָן — האָט מאַקס באַראַבאַנדער געמורמעלט.

ווי מאָדנע, צווישען די געסט אין קאַפּעע זענען אויך געווען עטליכע מיידלעך. זיי זענען געזעסען ביי די קליינע טישלעך, געגעסען אָנבייסען, אַריינגעקוקט אין צייטונגען. וואָס זיינען דאָס פאַר'אַ מיידלעך? — האָט מאַקס באַראַבאַנדער זיך געפרעגט. אין אַרגענטינע האָט ער קיינמאָל נישט געזעהן אַן אָרענטליך מיידל אַליין, ספּעציעל אין אַ רעסטאָראַן. אָבער די דאָזיגע פרויליינס האָבען אויסגעזעהן „וויטישע“. לויט זייער אָנטאָן האָבען זיי אויסגעקוקט ווי אַרבעטאָרינס, אָדער אָנגעשטעלטע.

מאַקס באַראַבאַנדער האָט געהאַט געהערט אין אויסלאַנד וועגען דער רעוואָלוציע אין 1905 און פון דער מלחמה צווישען דער אונטערוועלט און די אַרבעטער, אָדער די „סטרייקערס“. אימיגראַנטען האָבען איבערגעגעבען אַלערליי פאַקטען וועגען דעם „בלוטיגען מיטוואָך“, דער באָמבע וואָס ברוך שולמאַן האָט געוואָרפען אויף דער פּאָליציי, די דעמאָנסטראַציעס, סטרייקען, די מאַסען-אַרעסטען. דער קייסער האָט געהאַט נאָכגעגעבען און רוסלאַנד האָט שוין געהאַט אַ „דומאַ“, אָבער דער פעליעטאָניסט אין דער צייטונג האָט געגעבען אָנצוגעהערן, אַז אַלץ איז געבליבען ביים אַלטען: די מאַכט איז אין די הענט פון די שוואַרץ-מאַה'ניקעס און פון דעם „זקן“ ראַספּוטין, וואָס האָט היפּנאָטיזירט דעם קייסער, די קייסערינע, די הויף-דאַמען...

— נו, וואו געהט מען איצט? וואָס טוט מען איצט? — האָט מאַקס באַראַבאַנדער זיך געפרעגט.

ער האָט אַרויסגעצויגען דאָס אַדרעס-ביכעל און גענומען בלעטערען. עמיץ האָט אים געהאַט פאַרשריבען דעם נאָמען פון אַ האָטעל: האָטעל בריסטאָל. ער האָט נאָך געדענק דעם האָטעל פון אַמאָל. מען פלעגט דאָמאָלסט רעדען, אַז עס שטעהען דאָרט איין גענעראַלען, פירשטען, סוחרים פון דער ערשטער גילדע. ווען עמיץ האָט זיך געקלאָגט אין טורמע אַז דאָס געלעגער איז האַרט, האָט מען אים געענטפערט: מאָרגען וועט מען דיך אַריבערפירען אין האָטעל בריסטאָל... איצט וועט מאַקס באַראַבאַנדער איינשטעהן אין האָטעל בריסטאָל.

ער איז אַרויס אין דרויסען, צוגערופען אַ דראָשקע און זיך געהייסען פירען צום ווינער וואָקזאַל. ער האָט אַרויסגענומען די צוויי לעדערנע וואַליזעס. אַ פאַרטער האָט זיי אים אַרויסגעטראָגען צו דער דראָשקע וואָס האָט געוואַרט אויף אים אינדרויסען און מאַקס האָט אים דערלאַנגט צען קאָפּיקעס. יענער האָט זיך פאַרנויגט...

— יאָ, אַז מ'האָט די ממתקים, איז מען אומעטום אַ פּריץ — האָט מאַקס באַראַבאַנדער אין זיך איינגע'טענה'ט. — ווער ס'האָט די מאָה, דער האָט די דעה...

ער האָט אָנגעלעהנט דעם קאָפּ אָן דעם ווענטל און טיף איינגעאָטעמט. יעדע שטאָט האָט, אפּנים, אַן אַנדער ריח. ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּגעבען קיין חשבון, וואָס פאַר'אַ גערוך דאָס איז, אָבער די נאָז האָט אים דערקענט פון אַמאָל: אַ געמיש פון בעז, רינשטאָק, פערד, ווינטלעך וואָס בלאָזען-אָן פון פּראַגער וועלדל און נאָך עפּעס, וואָס האָט נישט קיין נאָמען. אַזוי איז דאָס אויך מיט דעם רויש. די טראַמוואַיען האָבען דאָ אַנדערש געקלונגען, די רעדער פון די דראָשקעס האָבען דאָ אַנדערש געקנאַקט איבער די שטיינער. ס'האָט זיך דאָ געטראָגען אַ האַרמידער פון מאַרק און פון חדר-אינגלעך, וואָס זאָגען דאָס חומש באַנאַנד...

די דראָשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים האָטעל בריסטאָל און אַ פאַרטער האָט אַרויפגעטראָגען מיט די מאַרמאָרנע טרעפּ מאַקס באַראַבאַנדער'ס וואַליזעס.

— אַ צימער ווי אַלע צימערען — האָט מאַקס אַ זאָג געטאָן אויפ'ן קול. ער האָט מיט געניטשאַפט אָנגעטאַפּט דעם מאַטראַץ. ניש-קשה, ס'פעהלט בלויז אַ ביישלעפערין...

ער האָט זיך אויסגעזעצט אויף אַ פאָטעל און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט ווידער אַרויסגענומען דאָס אַדרעס-ביכעל. ערגיץ-וואו מוז מען אָנהויבען. איין קאַנטשאַפט ברענגט אַן אַנדערע. וואָס, אַשטייגער, טוט איצט ראַשעל? דאָ, אין פּוילען, איז זומער, אָבער אין אַרגענטינע איז ווינטער. דאָ איז טאָג, דאָרט איז אוודאי נאַכט. ימ'ען, טייכען, שטעט, מדינה'ס האָבען אים אָפּגעטיילט פון ראַשעל'ן. וואָס האָט אים פאַרבונדען מיט איר? — בלויז דער געדאַנק, דער זכרון.

מאַקס באַראַבאַנדער איז געווען אויף זיין שטייגער אַ שטיק פילאָזאָף. ער האָט זיך געגריבעלט אין אַלערליי רעיונות. ער האָט נישט געגלויבט אין חומש, אין דער גמרא, אָבער ער האָט געהאַלטען אַז אַ גאָט איז דאָ. יעדער מענטש האָט זיין גורל. מ'האָט ערגיץ וואו אין הימל געוואָלט אַז ער, מאַקס באַראַבאַנדער, זאָל ווערן דאָס וואָס ער איז, אָבער — צו וואָס?

נו, און צו וואָס דאַרף מען האָבען קייזער ווילהעלם, אָדער פּורישקעוויטש'ן, אָדער דעם בלינדען מאיר? עמיץ האָט אים, מאַקס'ן, געהאַט רעקאָמענדירט צום בלינדען מאיר. יענער האָט נישט אָנגעגעבען קיין אַדרעס, נאָר אַ קנייפּע אויף דער קראָכמאַלנע נומער זעקס. דער בלינדער מאיר זאָל זיין דער פירער פון דער בלאַטער חברה אין וואַרשע, אַ סאָרט רבי ביי די וואָרילעיונגען. דער אמת איז, אַז מאַקס באַראַבאַנדער האָט נישט בדעה געהאַט זיך אַריינצולאָזן מיט דער וואַרשעווער אונטערוועלט. צו וואָס זיך לייגען מיט אַ געזונטען קאָפּ אין אַ קראַנק בעט? אָבער געהן און טאָן אַ קוק קאָן קיינמאָל ניט שאַדן. ער, מאַקס, האָט אַמאָל געוואוינט אויף דער קראָכמאַלנע נומער 17. ער האָט גאַנץ גוט געדענקט די קנייפּע אין נומער זעקס.

(פאָרזעצונג מאָרגן)

---

מען שטענדיג אויך געדענקען צו צונאָגלען צום שאַנד-סלופּ אָט די וועלכע זיינען ניט געקומען אידען צו הילף געגען דעם שונא (ולזה נתגנו אשר לא באו לעזרת ה' בגבורים כנגד מחנה סיסרא ונתקללו יושבי מרוז מאת השם יתברך).

און מערקווירדיג, אין די איצטיגע גורל'דיגע טעג פאַר מדינת ישראל איז מיר פּלוצלונג געקומען אויפ'ן געדאַנק די דערמאָנטע שירת־דבורה, מיט דעם ליכטיגען פירוש פון רלב"ג. און צוליב צוויי פאַקטאָרען:

פון איין זייט האָב איך געזעהן ווי די מערסטע אַמעריקאַנער אידישע שבטים, „עמך“ און שוהל-אידען, זיינען אַזוי טיף צעוועהטאָגט פון צער און צאָרן איבער דעם גורל פון ישראל. אגודת הרבנים, הסתדרות הרבנים, האָבען גערופען אידען צו פאַסטען און מתפלל זיין. אין אַלע שוהלען און ישיבות האָט מען געזאָגט תהלים און ספּעציעלע תפילות פאַר ישראל.

און פון דער צווייטער זייט האָב איך געזעהן ווי אַ קליינער אידישער שבט, שטעהט אויך היינט אָפּגעזונדערט פון דעם טיפען צער און און וועהטאָג פון ישראל, פּונקט ווי ער טוט עס אין געוויינליכע רוהיגע טעג. מיר האָבען ניט געהערט זיין שטים צווישען די תהלים-זאָגער און מיר הערען אויך ניט פון אים דעם טיפען אידישען קרעכץ, ווי ביי אַלע אידען, אין די איצטיגע שווערע טעג. אויב ניט נאָך ערגער...

אָט דאָס מערקווירדיגע בילד האָב איך באַקומען די טעג ווען ס'איז מיר אָנגעקומען די טרויעריג באַקאַנטע צוויי-וואָכען צייטונג — „דער איד“, דער פירשפּרעכער פון אָט דעם אָפּגעזונדערטען אידישען שבט. און אָט די „איד-צייטונג“ באַטיטעלט זיך נאָך אומפאַרשעמטערהייט אַלס דער „אָרגאַן פון אומאָפּהענגיגען אָרטאָדאָקסישען אידענטום אין אַמעריקע“. עס הייסט: כלומר'שט, ווי זיי וואָלטען —געווען די איינציגע אמת'ע אָרטאָדאָקסען...

אָט דער פינסטערער, אַזוי גערדפענער, „אָרטאָדאָקסישער אָרגאַן“, וואָס ערשיינט אויף יענער זייט פון „וויליאַמסבורג בריק“ — פּאַסט אים, ניט אַנדערש, ווי נאָר זיך צו רופען מיט'ן שעהנעם נאָמען „דער איד“.

איך האָב שוין לענגער אַמאָל געשריבען, אַז דער נאָמען „דער אַראַבער“ וואָלט זיך בעסער געפּאַסט

# שווים

## נאָוועלע

פון
יצחק ווארשאַווסקי

### קאַפּיטעל איינס

(פאַרזעצונג)

2

מאַקס באַראַבאַנדער'ס גאָלדענער זייגער האָט געוויזן צען מינוט צו זיבען, אָבער ס'האָט נאָך דאָ אויסגעזעהן ווי אין מיטען טאָג. מאַקס האָט זיך דערמאָנט, אַז די טעג זענען דאָ זומער לענגער ווי אין בוענאָס איירעס, אָדער ניו יאָרק. עס ווערט ערשט נאַכט נאָהענט צו צען. ער איז דאַסמאָל נישט געפאָרען מיט קיין דראָשקע, נאָר געגאַנגען צופוס.

ער איז אַרויס אויף דער גנאינע און זיך אומגעקוקט. די אייגענע ריחות פון אייל, זייף, הערינג. אַ סטרוזש מיט אַ בלעכל אויפ'ן היטל האָט מיט אַ לאַנגען בעזים געקערט פערד־מיסט. אין די געוועלבען זענען געשטאַנען אידען אין לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט גדיכטע בערד, אין גראָבע שטיוועל. ס'איז זיי גאָר נישט הייס? — האָט מאַקס זיך גע'חידוש'ט. ער אַליין האָט געהאַט אָנגעטאָן אַ העלען אַנצוג און אַ שטרוי־הוט.

ער האָט זיך אַריינגעדרעהט אין דער קראַכמאַלנע. פון איין זייט האָט זיך געצויגען אַ הויכע צוים, פון דער אַנדערער — אַ געביי אָהן פענסטער. וואָס איז דאָס, אַ פאַבריק, אַ קאַזאַרמע? ער איז געגאַנגען ווייטער און איז באַלד צוגעקומען צום „פלאַץ", דעם באַריהמטען פלעצל פון די גנבים, די מאַרוויכערס, די אַלפאָנסען, די טליקעס.

אַלץ איז געבליבען דאָס אייגענע. יונגען אין קאַשקעטען פאַררוקט איבער די אויגען זענען געשטאַנען אין בינטלעך, גערעדט, זיך גע'סוד'עט. אַ געזעמל מיט יאַטען האָט געשפּילט אויף אַ לאָטעריע אַזאַ, וואו מ'האָט געדרעהט אַ הילצערנעם האָן און מ'האָט געוואונען אַ „טשאַסטע", אַ קיכל געבאַקען אין אייל און איבערגעצויגען מיט שאָקאָלאַד. ביי אַן אַנדער געשטעל האָט מען געצויגען נומערען פון אַ זעקל. ביי די טויערען האָבען געלויערט הורען. מאַקס האָט זיי באַטראַכט מיט מבינות. זיי האָבען נישט גענוצט קיין רוזש, נאָר ווייזט־אויס אָנגעריבען די פנימ'ער מיט רויט פּאַפּיר. זיי האָבען געטראָגען ציצענע יאַקעס, רויטע זאָקען, געלע סאַנדאַלען. איינע איז געווען קליין און קיילעכיג ווי אַ פעסל, די אַנדערע געשטרופּעלט ווי אַ ריבאייזען, מיט איינגעפאַלענע באַקען און אַ שטערן פול מיט קרעצלעך. מ'דאַרף האָבען צו זיי אַ קופּערנעם יצר־הרע, האָט מאַקס געקלערט.

ס'האָט דאָ געשמעקט מיט רויך, געבעקס און ס'איז מאַקס'ן אַריין אין דער נאָז אַ געשטאַנק אַזאַ וואָס ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסען.

צוויי יונגען האָבען אים דערזעהן, זיך איבערגעוואונקען און צוגעקומען נאָהענט. איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

— פעטער, פון וואַנען זענט עץ?

— איך בין נישט דיין פעטער און טראָג דיך אָפּ — האָט מאַקס געענטפערט.

— אַ וואַוילער, האַ?

— יאָ, נעם פיס איידער כ'פאַרפאַר דיר אין פרעסער אַריין.

— אַ שטאַרקער, וואָס?

מאַקס האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַר דעם סאָרט געהינטעכץ, אָבער ער האָט פונדעסטוועגען באַנומען אַז ס'לוינט נישט אָנצוהויבען מיט זיי קיין העצע. ער האָט די צוויי אַוועקגעשאַרט מיט ביידע אַרעמס און האָט געשפּאַנט ווייטער.

ס'האָט זיך דאָ גאָרנישט געביטען, האָט מאַקס באַשלאָסען. דער אייגענער שמוץ, דער אייגענער דלות. מאַרק־זיצערס האָבען געהאַנדעלט מיט פויל אויבסט, אָפּגעשיילטע ציבעלעס, צעבראָכענע אייער — „קנייטשלעך" — און מיט געצערעוועטע זאָקען. אַלטע אידענעס אין קאַפּקעס און אין וואַטענע קליידער, ווי אין ווינטער, האָבען אויסגערופען הייסע אַרבעס, באָב, קאַרטאָפל־קוכן. די סחורה צוגעדעקט מיט שמאַטעס.

— כ'על געבען אַ קוק און מער אָהער נישט אַריינשמעקען, — האָט מאַקס ביי זיך אָפּגעפּאַסט.

ער איז צוגעקומען צו דער קנייפּע פון נומער זעקס. ער האָט געעפענט די טיר און אַריינגעקוקט. יונגען זענען געזעסען און געשפּילט אין דאָמינאָ, אין פאַרפעטסטע קאַרטען. אַנדערע זענען געשטאַנען ביים בופעט און גערעדט צו אַ קורצער מויד מיט גראָבע ליפען און אַ סך זומער־שפּרענקעלעך. ס'זענען דאָ געלעגען קיכלעך, פלעצלעך און ס'זענען געקראָכען אויף זיי פליגען.

— אָט דאָ איז דער בלינדער מאיר אַ שטאַם־גאַסט? — האָט מאַקס זיך געוואונדערט.

עמיץ האָט אַ רוף געטאָן:

— העי, פריימייער, פאַרמאַך די טיר!

— קימעץ אַריין און קיקעץ אַרויס — האָט אַ מויד זיך גע'חכמה'ט.

מאַקס האָט צוגעלעהנט די טיר און איז אַוועק ווייטער. ער האָט נישט בדעה געהאַט זיך אַוועקצוזעצען אין דעם הייסען טאָג אין אַזאַ שטיקעניש.

ער איז צוגעקומען צום נומער זיבעצען און דערקענט די שענק. ער האָט אויפגעמאַכט די טיר. דאָ האָט אויסגעקוקט אַ ביסל באַלעבאַטישער. אויף אַ בופעט זענען געשטאַנען טאַצען מיט געבראָטענע גענדז, שיסלען מיט געהאַקטען הערינג, פאַרגליווערטען פוס, קייבערלעך מיט זאַלץ־פלעצלעך, ווי אויך טעלערס מיט אייער־קיכלעך. אַ דיקער פאַרשוין האָט אָנגעצאַפּט ביר אין אַ קופעל. ביי טישען זענען געזעסען מאַנסלייט, ווייבער, געטרונקען, גערעדט, צוגעביסען. דער דיל דאָ איז געווען אַ געפלאַסטערטער, ווייסע און שוואַרצע קוואַדראַטען.

מאַקס האָט דערבליקט אַ ליידיגען טיש און זיך אַוועקגעזעצט. אַ קעלנער איז צוגעקומען און מאַקס האָט ביי אים באַשטעלט ביר. יענער האָט אַ פרעג געטאָן:

— בייריש אָדער אָוושאַנע?

מאַקס'ן זענען די ווערטער פאַרגעקומען היימיש, אָבער ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסען זייער מיין. ער האָט אַ שמייכל געטאָן:

— קאַלט ביר.

— עפּעס צוצובייסען?

— יאָ, אָבער ס'זאָל טאָן אַ צופּ.

— ברויט מיט געהאַקטען הערינג? געהאַקטע לעבער? אויפשניט?

מאַקס האָט נאָכגעטראַכט.

— זאָל זיין געהאַקטער הערינג.

— אַ זעמל אָדער געבייטעלט ברויט?

— זאָל זיין געבייטעלט ברויט.

דער קעלנער איז אַוועק. מאַקס האָט זיך גענומען אַרומקוקען. ער איז געבוירען און אויפגעצויגען געוואָרען אין אָרעמקייט, אָבער ער האָט מער נישט געקאָנט פאַרטראָגען קיין קבצנות. ער האָט געהאַנדעלט מיט הייזער, נישט מיט הייזלעך. ער האָט אויסגעמיטען גאַסען־פרויען און אַלפאָנסען. ער האָט געשמירט די פּאָליציי, אָבער נישט אַליין, נאָר דורך אַ מאַכער. ווי וואויל ראַשעל האָט דורכגעמאַכט פינסטערע יאָרען, האָט זי זיך גיך צוגעוואוינט צום לוקסוס. זי האָט ליב געהאַט שעהנע קליידער, טייער מעבל, דאָס בעסטע צירונג. זי האָט גערן געהאַט צו שפּילען אין דער קאַסינאָ. זי האָט געמאַכט מיט אים רייזעס קיין ריאָ דע זשאַנעירא און קיין ניו יאָרק.

ער, מאַקס, האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעלערנט ריכטיג קיין שפּאַניש, אָבער ראַשעל האָט גערעדט ווי אַ דאָרטיגע. אַרטור'ן רעדט ווי אַ דאָרטיגע. אַרטוראָ'ן שטאַלט וואו עס האָבען שטודירט די רייכסטע קינדער. ראַשעל האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פייערדיגער סוחר'טע. ער האָט קיינמאָל נישט געטאָן קיין שום מסחר אָהן איר עצה.

נו, אָבער די זיבען גוטע יאָר זענען געהאַט אַריבער. ראַשעל איז איצט אַ צעבראָכענע פרוי און ער, מאַקס, דער גרויסער דאַמען־העלד, איז אומבאַהאָלפען מיט אַ נקבה. ער האָט אין פּאַריז באַשטעלט אַ מויד אַ שעהנהייט; ער איז אַרויסגעפאָרען מיט איר קיין דאָוויל און איז איינגעשטאַנען מיט איר אין בעסטען האָטעל, אָבער ווי נאָר יענע האָט אים אַרומגענומען האָט אים אָנגעכאַפּט אַ טרויער און אַ מיגל. ס'האָט זיך אים גלייך געוואָלט ברעכען. ס'האָט נישט געהאָלפען נישט דער שאַמפּאַניער, נישט די טרפה'נע קונצען. עפּעס עהנליכס איז ער דורכגעגאַנגען אין בערלין און פריהער אויף דער שיף. ער האָט שוין געהאַט זיך באַראַטען מיט דאָקטוירים אין אַמעריקע און אין אייראָפּע, אָבער אַלע האָבען געזאָגט דאָס אייגענע; ס'איז נערווען. מ'האָט אים פאַרשריבען הידראָפּאַטיע, וואַרעמבעדער און מעדיצינען וואָס העלפען ווי אַ טויטען באַנקעס. אַלע דאָקטוירים האָבען געגעבען די זעלביגע עצה: ער מוז מאַכען אַ לאַנגע און אָנגענעהמע רייזע. ער מוז פּראָבירען פאַרגעסען דאָס מאַלעיר וואָס איז מיט אים געשען, געפינען פרישע געזעלשאַפט, באַנייטע אינטערעס.

דער קעלנער האָט צוגעטראָגען אַ קופעל ביר, ברויט מיט געהאַקטען הערינג, אַ זויערע אוגערקע און אַ שיסעלע געפעפערטע אַרבעס פאַר אַ צולאָג. מאַקס האָט אָפּגעוואַרט ביז דער שוים האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט מיט איין שלוק אויסגעטרונקען אַ האַלבען קופעל. ער האָט צוגעביסען אַ פּעניצל ברויט מיט געהאַקטען הערינג.

מער ווי די הנאה פון עסען איז אים איצט נישט געבליבען. מאַקס האָט געקאָנט טרינקען, אָבער ער איז זעלטען געוואָרען שיכור. ער האָט געווייכט פון שיכורים, נישט געהאַט קיין געדולד צו זייערע פּוסטע רייד, באַריהמערייען, קלאָגערייען. מאַקס האָט אָפּט געטראַכט, אַז נישט געקוקט אויף זיינע זיבענאונפערציג יאָר איז ער געבליבען אַ אינגעל מיט אינגעלשע פאַנטאַזיעס. ווי־וואויל ער איז רייך, האָט ער כסדר פאַנטאַזירט פון מיליאָנען. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי ער געפינט אוצרות, ס'פאַרליבען זיך אין אים אָפּערע־זינגערינס, גראַנד־דאַמען, פּרינצעסינס. ער ווערט רייך ווי ראָטשילד. ער גיט הלוואה'ס דעם רוסישען קייסער, דעם רומענישען קעניג, דעם סולטאַן, און ער קויפט אָפּ ביי אים פּאַלעסטינע.

מאַקס באַראַבאַנדער האָט געהערט פון דר. הערצל און ווי ער איז געשטאָרבען פון האַרץ־דריקעניש, ווייל ער האָט נישט געקאָנט קריגען פּאַלעסטינע פאַר'ן אידישען פאָלק. ער, מאַקס, האָט צושטייער געגעבען פאַר'ן ציוניזם, געקויפט יעדעס יאָר אַ שקל. ער האָט אַפילו געפּלאַנט צוריקצוואַוועגס אָפּצוטרעטען אין ארץ ישראל, אַ קוק צו טאָן אויף ירושלים, רחל'ס קבר, דער כותל מערבי און אויף די קאָלאָניעס, וואו יונגע אידען, פריידענקער, געוועזענע סטודענטען, אַקערען די ערד, פלאַנצען ווייַנגערטנער, רעדען העבראַאיש...

יאָ, דאָ אין נומער 17 האָט ער, מאַקס, אַמאָל געוואוינט, אין אַ פּאַציאַטע, צוזאַמען מיט נאָך איינעם. ער פלעגט יעדען טאָג פאַרבייגעהן די שענק, אָבער ער איז קיינמאָל אָהער נישט אַריינגעקומען. אין יענער צייט האָט ער זיך נישט געקאָנט פאַרגינען קיין גלאָז ביר. די פּאָליציי האָט אים געזוכט. ער איז געווען פאַרוויקעלט אין אַ סך שלעק. מ'האָט אים טאַקע שפּעטער אַרעסטירט און איינגעזעצט אין פּאַוויאַק. איצט איז ער אַ בירגער פון דער אַרגענטינער רעפּובליק. אויפ'ן פּאַס זיינעם איז אָפּגעסטעמפּעלט אַ רוסישע וויזע. קיינער קאָן אים קיין שלעכטס נישט טאָן.

אָבער זיצען אַליין ביי אַ טיש אין אַ שענק איז אַ קנאַפּער פאַרגעניגען. ווען ראַשעל איז מיט אים! אָדער ווען ער געפינט אַן אַנדערע פרוי וואָס ער קאָן מיט איר זיין נאָהענט! ער האָט זיך אומגעקוקט אַרום די טישען. די פּאָר פרויען וואָס זענען דאָ געזעסען זענען אַלע געווען מיטעל־יעריג, ברייט, צעגאָסען. זיי האָבען אויסגעזעהן ווי קרעמערינס פון יאַנאַש'עס הויף. זיי האָבען גערעדט מיט הייזעריגע קולות. איינע האָט אַפילו געטראָגען אַ פאַרטוך מיט אַ ברייטער קעשענע פון אַ מאַרק־פאַרקויפערין. ניין, נישט אַזאַ סאָרט פרוי האָט ער, מאַקס, געזוכט.

ער האָט אַרויסגענומען דאָס אַדרעס־ביכל און פּונסניי גענומען נישטערען אין די אַדרעסען. מאַקס האָט איבערגעלייענט אַ נאָמען, אַן אַדרעס, אָבער ער האָט נישט געדענקט פון וועמען ער האָט אים געקראָגען.

פון די אַרומפאַרענישען איז אים עפּעס ווי קאַליע געוואָרען דער זכרון. ער האָט געהאַלטען אין איין פאַרגעסען די ברילען, די פּילפעדער וואָס ער האָט געקויפט אין ניו יאָרק. ער האָט איבערגעטאָן אַ גאַרניטור און דאָרט איבערגעלאָזט דאָס געלט, די דאָקומענטען, אָדער ער האָט נישט געדענקט אַריינצולייגען נאָטיצלעך אין די הויזענקעשענעס.

ס'זענען איצט אַריינגעקומען נייע געסט, אָבער קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. אַלע האָבען דאָ, ווייזט־אויס, זיך געקענט. מ'האָט צוגערוקט איין טיש צום אַנדערען. מ'האָט גערעדט הויך, געלאַכט, זיך געוואונשען לחיים. אַ פאַרשוין מיט אַ גראָבען בויך און אַ וועסט וואָס ס'איז איבער איר געהאַנגען אַ קייט פון גאָלדענע פינפער רובעלס, מיט אַ גלייכען נאַקען און אַ דיק פנים, האָט דאָ געפירט די גרענדע. אַלע האָבען אים גערופען שמואל, געלאַכט פון זיינע ווערטלעך, אים גע'חנפ'עט. ער האָט גערעדט מיט דעם קול פון עמיצען וואָס דאָס האַרץ זיינס איז פאַרוואַקסען מיט שמאַלץ. ער האָט געהירזשעט און אַפילו געפרייכט ווי איינער וואָס ליידט פון אַסטמע. ער איז, ווייזט־אויס, געווען אַמאָל אַ ריז, אָבער מאַקס באַראַבאַנדער האָט געוואוסט, אַז אַזאַ פאַרשוין קאָן יעדע מינוט קריגען די אַפּאָפּלעקציע. ער האָט אַריינגעגאָסען אין זיך איין קופל ביר נאָכ'ן אַנדערען. ער האָט צוגעביסען מיט וועמפּלעך און צעריבענע קאַרטאָפל.

מאַקס באַראַבאַנדער האָט אָנגעשטעלט אַן אויער. יענער האָט דערצעהלט ווי אַזוי ער האָט אַרויסגעראַטעוועט אַ מורה הוראה פון קרימינאַל. דער „טייערער איד" האָט געהאַט געגעבען אַ פאַרפאַלק חופה־וקידושין, אָבער דאָס איז קעגען געזעץ, ווייל דער מורה הוראה האָט נישט געהאַט קיין „פּאָזוואָלעניע" (ערלויבעניש) צו פּראַווען חתונות. ער האָט געקאָנט קריגען צווישען דריי חדשים און אַ יאָר טורמע. אָבער ער, שמואל, איז אַוועק צום „שלעדאָוואַטעל" (אויספאָרשונגס־ריכטער) און אַלץ פאַרריבען.

אַ דיקע פרוי, וואָס דער קאָפּ אירער האָט זיך אָנגעהויבען שמאָל און איז געוואָרען אַלץ ברייטער, מיט קיילעכיגע אַקסלען, אַ ריזיגען ברוסט ווי אַ גאַניק און צוויי אָרעמס וואָס ס'האָבען נאָכגעהאָנגען פון זיי שטיקער פלייש, האָט אַ פרעג געטאָן מיט אַ ראַציגער שטים:

— ער'ט זיך געלאָזט שמירען, האַ?

— אַז מ'שמירט נישט, פאָרט מען נישט — האָט שמואל געענטפערט.

— וואו האָט דאָס רבי'לע גענומען געלט?

— פאַראיבעריגען זאָל יאָך עס יעדען טאָג וויפל ס'האָט מיך אָפּגעקאָסט — האָט שמואל געענטפערט מיט אַ שלוקערץ.

— אַ אידיש האַרץ, האַ?

— וואָס זאָל יאָך טאָן? דער טייערער איד איז געקומען צו מיר אַהיים: ר' שמואל, ראַטעוועט מיך! ר'האָט איינגאַנצען געציטערט. כ'האָב

(שלוס אויף בינטעל בריוו זייט)

# שׁווים

(שלוס פון זייט 2)

מורא געהאט ער זאל נישט אוועק־פאלען ביי מיר אין שטוב. ווען אזא איד געהט אויף דריי טעג אין קי־טשימענט איז ער א קדוש.

— מיר צאלען אים וואכענגעלט.

— ער׳ט פיר קינדער.

— די רביצין קויפט ביי מיר פיש אויף שבת — האט די דיקע פרוי געזאגט. — דריי פערטל פונט... ס׳זאל נישט אויסגערעדט זיין, כ׳גיב איר א צולאג... זאל זיין צו מצווה...

— זי׳ט אנומעלט באשטעלט ביי מיר א פעלען שייטל — האט זיך אנ־געריפען אן אנדערע פרוי.

— וואס איז דאס אזוינס?

— עץ ווייסט נישט? נישט פון האר, נאר פון זייד.

— און ס׳זעהט אויס ווי האר?

— אסור צי עץ וואלט דערקענט.

— איז דאס א מצווה?

— א רביצין טאר נישט טראגען פרעמדע האר.

— פארוואס נישט?

— אז א מאנסביל דערזעהט האר, נעמט אים גענדזלען...

ס׳איז געווארען א לאכעניש, א באכעניש. די דיקע אידענע האט אויסגעשנייצט די נאז אין פארטוך. שמואל האט ארויפגעלייגט א פויסט אויפ׳ן טיש.

— לאכטץ ניש׳. אין זייער זכות לעבען מיר.

מאקס באראבאנדער האט זיך מער נישט געקאנט איינהאלטען. ער איז אויפגעשטאנען, זיך דערנעהענ־טערט צום טיש און געזאגט:

— כ׳הער מ׳רעדט מאמע־לשון. קאן מען זיך צוזעצען? איך בין ניש׳ קא היגער. כ׳קום ערשט פון יענער זייט ים.

— אן אמעריקאנער, הא?

— ארגענטינע איז אויך אמע־ריקע.

אלע זענען געווארען שטיל. שמואל האט א זאג געטאן:

— נו, רוקט־צו די שטוהל. פון וואנען קומט איר, פון בוינעס איי־רעס?

— פון בוינעס איירעס, פון ניו יארק, פון פאריז, — פון דער גאנ־צער וועלט.

(פארזעצונג פרייטאג)

# שוים

## נאוועלע

פון **יצחק ווארשאווסקי**

(פארזעצונג פון נעכטען)

**4**

מ'האט גאר געשמועסט א ווייל. דערנאך זענען זיך אלע צעגאנגען. מאקס באראבאנדער איז געבליבען אליין. ער האט באצאלט דעם רע־כענונג און איז אויך ארויס אינ־דרויסען.

געוויינליך ווערט קיהל זומער אין אוונט, אבער דא איז נאך גע־ווארען הייסער און שטיקיג. א היץ האט געזעצט פון די מויערען, די בלעכענע דעכער, די שטיינער פון ברוק. פון די קוימענס זענען גע־פאלען רויכעס געמישט מיט פונקען. דאס געסל האט געשוועבעלט מיט יונגען, מיידען. מ'איז געשטאנען אין מיטען גאס און ווען א דראשקע איז פארבייגעפארען, האט מען די לעצטע רגע אפגעטרעטען געגוג דאס פערד זאל קאנען דורכקריכען.

מאקס באראבאנדער האט זיך גע־לאזט צוריק צו דער גנאינע. ער האט אריינגעקוקט אין די געוועלבען, וואו האלבע טירען זענען אפען. מ'האט דא געהאנדעלט מיט מילך, וואורשט, קוילען, שפייז, צעלניק, נאפט. ביי יעדען טויער האבען גא־סען־מוידען גערופען מאנסלייט. מאקס האט געהאט געטרונקען און געווארען א ווייל האפערדיג, אבער דאס געמיט זיינ'ס איז גע־בליבען צוגעלייגט.

צו וואס האט ער געמאכט די דא־זיגע לאנגע נסיעה? צו רעדען מיט שמואל סמעטענע? איינגעלאדען צו ווערען צו א בעקערין וואס האט שוין אן אייניקעל? ער האט דא אין ווארשע אמאל געהאט געליבטע, אבער, ערשטענס, האט ער נישט געוואוסט זייער אדרעס, צווייטענס, זענען זיי שוין אלטע שקאפעס. וואס ס'קאן אלץ פאסירען אין אזוי פיל יארען! נו, אבער בלייבען אין דער היים מיט ראשעל'ן האט ער אויך נישט געקאנט.

— איכ'ל גאר אוועקפארען קיין ראשקעוו! — האט מאקס באראַ־באנדער צו זיך גערעדט. — דארט קאן איך אפשר טאן עפעס גוטס. מ'לעבט נישט אייביג...

א ווייל האט מאקס זיך גענומען שפילען מיט דעם געדאנק, וואס עס וואלט געשען, ווען ער כאפט דא א שטארב, מ'וואלט אים ערגיץ בא־גראבען און ראשעל וואלט מסתמא קיינמאל נישט געוואוסט וואו זיין געביין איז אהינגעקומען. מ'וואלט ביי אים אלץ ארויסגענומען, נישט בלויז דאס געלט, נאר אויך דעם פאס און די שיפס־קארטע. ראשעל וואלט אוודאי געווארט א יאר אדער צוויי, דערנאך וואלט זי חתונה גע־האט. וואדען? מ'טרויערט נישט אייביג. מאקס האט זיך פארגע־שטעלט ווי ראשעל פוצט זיך אויס אין א הוט מיט שטרויספעדערען און געהט צו א רב שטעלען א חופה. זי קאן נאך אמאל נעמען מיגועל ווילדער, איז אים איינגעפאלען. זי זאגט אלעמאל, אז ער איז א שעה־נער מאנסביל. דער באלוואן וואלט זיך ארייגעצויגען צו אים, מאקס'ן, אין הויז, געשלאפען אין זיין בעט, אפשר אנגעטאן זיינע וועש... ווי פלעגט זאגן די מאמע עליו השלום? די וועלט איז א טאנץ אויף קברים. נו, אבער וואס קאן ער, מאקס, טאן? לאזען שרייבען א ריינקייט? אוועקגעבען דאס געלט פאר דער געזעלשאפט וואס פארקויפט די פא־פירענע בלימלעך?

ער האט זיך מיטאמאל דערמאנט אן דעם „טייערן איד", וואס שמואל סמעטענע האט אים באשירעמט פון קרימינאל. אפשר אריינגעהן צו אים און אים געבען א פאר רובל? ס'איז נאך נישט שפעט. קיינער שלאפט נאך דא נישט...

מאקס באראבאנדער האט זיך אפגעגעבען א חשבון, אז ס'איז א משוגעת. וואס וועט ער מיטאמאל ווערן א בעל צדקה? ער איז, חלילה, נישט קראנק. ס'פעהלען נישט קיין ארימעלייט אומעטום. אבער עפעס א כוח האט אים געטריבען.

ער האט אפגעשטעלט א אידענע אין א קאפקע און געפרעגט:

— איר זענט פון דער גאס?

— וואס ווילט עץ?

— וואו וואוינט דא דער „טייע־רער איד", כ'האב שוין פארגעסען ווי מען רופט אים? א רבי. מ'מאכט ביי אים חתונות.

— א רבי? חתונות? איר מיינט דעם מורה הוראה?

— יא, דעם מוירערוע.

— דא, אין נומער צען. אויפ'ן ערשטען שטאק. עץ זעהט דעם באל־קאן? וואו ס'לויכט זיך.

— א שעהנעם דאנק.

— אין טויער לינקס...

מאקס באראבאנדער האט ארי־בערגעשפאנט די גאס, איז אריין אין טויער. ס'האט דא געגלימערט א פיצעלע נאפט־לעמפעלע. ער איז געשטאנען א ווייל און אריינגעקוקט אין הויף. קעגען דער שיין וואס איז געפאלען פון די פענסטער האט ער דערזעהן א מיסט־קאסטען, א בלינ־דען מויער, אן אפטריט. ס'איז שוין שפעטליך, אבער מ'האט נאך דא גע־ארבעט. מאקס האט פארנומען דעם רויש פון ניי־מאשינען, א קלאפען פון שוסטערשע העמערלעך, א גע־רניש און א געזשום ווי פון א פאב־ריק.

ער האט שוין געהאט פארגע־סען אז ס'זענען פאראן קעלער־שטו־בען, אבער לינקס איז דער בליק זיינער געפאלען אויף א דירה מיט א קרומען סופיט און א פענסטערל ביי דער ערד. אויף שטריק האט גע־האנגען וועש. א ווייבל האט אויס־געבעט א געלעגער אויף א ברייטער באנק — אלץ קויטיג: דאס קישעז, דאס ליילעך, דאס איבערדעקל. ביי א קיך האט א מויד געזיגען א טאפ קארטאפעל.

— אפשר גאר אראפגעהן צו זיי און דערלאנגען א פאר רובעל? — האט מאקס זיך גע'ישוב'ט. אבער ער וואלט מורא געהאט צו קריכען איבער די פינסטערע טרעפ. דער אמת איז, אז די שטיגען וואס הא־בען געפירט ארויף צום מורה הוראה זיינען אויך נישט באלויכטן.

— ע, מ'לעבט נאך דא ווי מיט הונדערט יאר צוריק, האט מאקס באראבאנדער גערעדט אין זיך.

ס'איז אים ערשט איצט אויפגע־פאלען אז ס'זענען דא פאראן עט־ליכע טירען. ער האט געוואלט אנ־קלאפען אין איינער פון די טירען, אבער זי האט זיך גלייך געעפענט. ער האט דערזעהן א קיך, די ווענט געפארבט אויף ראז. אויפ'ן קאפעל־אויווען זענען געשטאנען טעפ. פון באלקען האט אראפגעהאנגען א נאפט־לאמפ מיט א בלעכענער אבא־זשור. ביי א טישעל האט א פרוי געשריבען מיט א פען. אויף א בעטל איז געזעסען איין מיידל און קע־גענאיבער אויף א קופערט — א צוויט מיידל.

מאקס באראבאנדער האט א זאג געטאן:

— וואו וואוינט דא דער טייע־רער איד, כ'מיין, דער — —

די פרוי וואס האט געשריבען האט אונטערגעהויבען דעם באשיי־טעלטען קאפ. זי האט געהאט א שמאל פנים, איינגעפאלענע באקען, א שמאלע נאז. די גרויע אויגען הא־בען געקוקט אויף אים פרעגענ־דיג, א קאפעלע דערשראקען און עפעס אויך מיט אן איינגעהאלטע־נעם שמייכל.

— איר דארפט צום מורה הוראה?

— יא, דער מוירערוע...

— מיין מאן איז דער מורה הוראה, אבער ר'איז איצט נישט אין דער היים. וואס דארפט איר, א שאלה?

— הא? ניש' קא' שאלה.

— מיין מאן איז אונטען, אין חסידים ־ שטיבעל, ס'ניישטעטער שטיבעל, אזוי רופט מען עס.

— איר זענט די רביצין, הא?

— יא, די רביצין.

— קומט אריין, זייט מוחל, און פארמאכט די טיר — האט געזאגט דאס מיידעל, וואס איז געזעסען אויפ'ן בעט. ס'איז געווען אין איר קול און אין איר טאן אן אומגע־דולד און אויך עפעס אזוינס ווי שפאס.

מאקס האט זי באטראכט א ווייל: א מיידל פון א יאר אכצען, אדער ניינצען, מיט טונקעלע האר פאר־פלאכטען אין א גרעק, אין א ציצען קלייד מיט א הויך קעלנערל און מיט לאנגע ארבעל. דאס פנים איר'ס האט אפגעשיינט העל, ווי וואויל זי איז געזעסען אין שאטען. ס'איז געווען עפעס אין דעם מיידל וואס האט מאקס'ן פארווירט. זי האט אויסגעזעהן סאי קליינשטעטלדיג סאי גרויס־שטאטיש, שיער נישט ווי די דאמען וואס ער האט נאכ־געקוקט אין פאריז און אין בערלין. די שעהנקייט אירע האט זיך נאך מער געוואָרפען אין די אויגען דער־פאר ווייל די אנדערע, יענע וואס איז געזעסען אויפ'ן קופערט, איז טונקל, מיט א ברייטער נאז, א שמא־לען שטערן, גראבע ליפען און דיקע ברעמען, ווי ביי א מאנסביל. האר האט זי געהאט שווארצע און גע־קרייזעלטע, ווי ביי א נעגערטע. אויף די אקסלען האט געהאנגען א שאלכעל. זי האט אויסגעוויזען ניד־ריגער פון דער אנדערער, ברייטער, דיקער.

מאקס האט געהאט פארמאכט די טיר הינטער זיך, אבער ער איז גע־שטאנען א מינוט און נישט גע־וואוסט וואס צו זאגען. ווי אלעמאל, האט ער געלאזט די צונג פריי, זי זאל אליין רעדען. ער האט זיך ווי צוגעהערט צו דעם אייגענעם גע־פלאפעל.

— איך בין נישט קא' היגער. כ'קום פון די ווייטע מדינות. כ'בין אריין אין שענק נומער 17 און איי־נער א שמואל סמעטענע האט דער־צעהלט וועגען אייער מאן... איר זענט אוודאי א טאכטער — האט ער זיך געווענדט צו דעם העלערן מיידל. — אדער זענט איר צוויי שוועסטער? ער'ט דערמאנט, אז דער טייערער איד האט געהאט, — ווי זאל איך דאס זאגען? — פאר־דרוס צוליב א חתונה... האט'ץ נישט קא' מורא, כ'בין נישט קא' שפיאן. כ'בין נישט געקומען אייך טאן קא' שלעכטס. פארקערט, פאר־קערט, כ'האב געהערט ווי דער טייע־רער איד האט געליטען און ס'איז מיר איינגעפאלען, אז ס'איז אים אוודאי שווער מיט דער — ווי רופט מען עס? — פרנסה... איך האב דא געהאט אמאל עלטערן, אבער זיי זענען שוין געשטארבען. נישט דא, אין ווארשע. גאר אין ראשקעוו. דאס איז א שטעטעל אין לובלינער גו־בערניע. איר ווייסט אפשר וואו דאס איז? כ'בין געקומען, קאן מען זאגען, אויף קבר־אבות, אבער כ'ביז א ווארשעווער אויך. כ'האב דא אמאל געוואוינט, מיט איבער צוואנ־ציג יאר צוריק — —

אלעמענ'ס אויגען האבען געקוקט אויף אים פאר'חידוש'ט. אין דער רביצינ'ס בליק האט זיך געוויזען א שארפקייט. ביי דעם העלען מיידל זענען די אויגען געווארען פול מיט געלעכטער. די טונקעלע, די דיקע, האט געגלאצט א געפלעפטע און גע־וויזען לאנגע און קרומע ציינער. די רביצין האט אוועקגעלייגט די פען.

— ווארט צו א ווייל. מיין מאן קומט באלד אריין. צירעלע, ברענג אריין דעם גאסט א שטוהל.

צירעלע, די העלע, האט זיך אויפ־געהויבען מיט א צעגערניש. זי האט געעפענט א טיר אין א נישט בא־לויכטענער שטוב און אריינגע־בראכט א שטוהל. זי האט אים אוועק־געשטעלט אין מיטען שטוב. מאקס באראבאנדער האט א זאג געטאן:

— אדאנק. כ'דארף נישט זיצען. מיין מאמע פלעגט זאגען: מ'זאל נאר שטעהן גוט. כ'בין אפגעזעסען א האלבען טאג מיט א נאכט אין באהן. געפארען בין איך צווייטע קלאס, אבער ס'ווערט צוגעגעסען סאי־ווי־סאי. דא שטעה איך איין אין האטעל בריסטאל.

— אין האטעל בריסטאל? — האט צירעלע געפרעגט. — דארט קאסט דאך אן אוצר מיט געלט!

— נישט קא'ן אוצר! פיר רובל א טאג.

— דאס איז אכט און צוואנציג רובל א וואך!

— נו, איז וואס? אין בערלין האב איך געצאלט צוועלף מארק א טאג. דאס איז זעקס רובל.

— איר מוזט זיין א מיליאנער!

— צירעלע, רעד ניש' קא' נא־רישקייטען — האט די רביצין זיך אריינגעמישט. — אז דער אויבער־שטער העלפט, קאן מען זיך אלץ פארגינען...

— זעקס רובל א טאג איז צוויי און פערציג רובל א וואך! וואו נעמט איר עפעס אזוי פיל געלט? וואו וואוינט איר? אין אמעריקע?

— יא, אין אמעריקע.

— מיר זיצען דא און מיר פאנ־טאזירען וועגען צונעמען א לעה־רער — האט צירעלע גערעדט. — מיר ווילען זיך לערנען רוסיש און פויליש אויך. ס'איז דא נעכטען גע־קומען א לעהרער, וויל ער צוואנציג קאפיקעס א לעקציע. דריי לעקציעס א וואך איז זעכציג קאפיקעס, פיר גולדען. ער וואלט אונז ביידע גע־לערענט פאר דעם געלט, אבער וואו נעמט מען אזוי פיל געלט? דאס איז מיין חבר'טארין, לאה'טשע — האט צירעלע אנגעוויזען אויף דער אנדערער.

— לאה'טשע, הא? איך האב געהאט א קוזינע לאה'טשע. זי איז געשטארבען אויף די פאקען, נישט אנגעמאסטען אויף אייך. שוין אי־בער דרייסיג יאר צוריק.

— מ'האט דאמאלסט נאך נישט געשטעלט קא' פאקען? — האט די רביצין געפרעגט.

— נישט אין ראשקעוו. איר וואוינט דא אויך אין דעם געסל? — האט מאקס געפרעגט לאה'טשע'ן.

יענער האט געמאכט א מינע צו

יענע האט געמאכט א מינע צו ענטפערען, אבער ס'האט געדויערט לאנג ביז די ווערטער זענען ארויס פון איר מויל, און ארויסגעקומען זענען זיי האמעטנע, שטומפיג און מיט דער אנשטרענגונג, וואס מען זעהט צומאל אויף די מיילער פון שטאמלערס.

— אונז וואוינען מיר אויף דער פראסטע גאס. אונז זענען געקומען פון ווישקאוו. פריהער דער טאטע און דערנאך די מאמע מיט מיין ברו־

(שלוס אויף זייט 3)

# שוים

פון
**י. וואַרשאַווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

---

דער יואל און מיין שוועסטער נעמי און די קליינע מויד —

— וואָס טוט איי ער טאַטע? אויך אַ מוירערוע?

ביי לאה'טשע'ן האָט זיך געוויזן אַ שמייכל.

— אַ, ער איז אַ שדכן, און מיר האַנדלען צו מיט זייגערס און מיין עלטערער ברודער איז אַ משרת אין אַ געשעפט —

— ווי באַלד ער איז אַ שדכן, פאַרוואָס שאַנצט ער אייך נישט צו אַ שידוך?

די רביצין האָט פאַרצויגען די ברעמען.

— זי איז נאָד אַ יונג מיידעל. אַז ס'וועט קומען די צייט, וועט זי אוודאי טרעפען איר זיווג.

— כ'בין געקומען אַהער און אַלץ זעהט מיר אויס עפּעס אַזוי פרעמד. איבער צוואַנציג יאָר געווען אויף דער וועלט און מיטאַמאָל בין איך ווידער דאָ! כ'בין אַריין אין דער שענק און דער שמואל סמעטענע האָט דערצעהלט די גאַנצע זאַך. וואָס געהט עס אַן פאַניע חזיר אַז אַ טייערער איד שטעלט אַ חופּה? זיי זענען אַלע אַוועק אַהיים, אָבער אַ האָטעל איז נישט אַ היים. ס'קאָן זיין ווי גרויסאַרטיג, נאָר אַליין איז, ווי מ'זאָגט, קאַלאַמוטנע. איז מיר איינגעפאַלען אַריינצוגעהן צום טייערען איד —

— איר האָט אין דעם אַמעריקע אַ משפחה? — האָט די רביצין געפרעגט.

— הא? געהאַט.

— וואָס איז געשען?

— כ'האָב געהאַט אַ זוהן. אַרטורא, אַזוי האָט ער געהייסען. מיין פרוי האָט אים אַ נאָמען געטאָן נאָך איר פאָטער אריה לייב. אין אַרגענטינע ווערט פון אריה אַרטוראָ. אַ וואויל קינד. קלוג און געראָטען. געקומען אַהיים פון אַ שפּאַציר און זאָגט אַז ער האָט אַ קאָפּ־וועהטאָג. מיין פרוי האָט אים געהייסען זיך צולייגען אויפ'ן בעט. ער'ט זיך צוגעלייגט און געטאָן אַ זיפץ. מיין פרוי איז געגאַנגען אים ברענגען אַ טרונק וואַסער. זי קומט אַריין און ס'איז נאָך אים —

דער רביצינ'ס פּנים האָט זיך אויסגעקרימט.

— באַהיט און באַשירעמט זאָל מען ווערען!...

— כ'האָב מער נישט געקאָנט בלייבן אין דער היים — האָט מאַקס געזאָגט.

— וואָס איז מיט אייער ווייב?

— מיין ווייב איז געגאַנגען נאָך אים — האָט מאַקס זיך געהערט זאָגען, ערשטוינט פון די אייגענע רייד.

— באַהיט זאָל מען ווערען!... וואָס איז? געוואָרען קראַנק?

— זיך אַליין אָפּגע'סמ'ט.

די רביצין האָט פאַרבראָכען מיט די שמאָלע הענט. זי האָט זיך אַ בויג געטאָן ווי אויסצושפּייען. אָבער זי האָט נישט אויסגעשפּיגען.

— מ'זאָל שוין אָפּגעהיטען ווערען פון אַזאַ צער!... זי איז אַוודאי פון וועהטאָג אַראָפּ פון זינען... זאָל איר דער אויבערשטער מוחל־זיין...

— איין טאָג האָב איך געהאַט אַ היים. מיטאַמאָל בין איך געוואָרען, ווי מ'זאָגט, נאַקעט און בלויז...

ס'איז געוואָרען אַ ווייל שטיל. מ'האָט דערהערט ווי דער קנויט זויגט דעם נאָפט אין דער באַניע.

— וואָס איז אייער טועו, הא?

— הייזער. פּלעצער.

— נו, אַלץ איז באַשערט. ס'טוט זיך קיין זאַך נישט אַליין! — האָט די רביצין גערעדט שטרענג, האַלב צו זיך, האַלב צו דעם גאַסט. זי האָט נאַכגעטראַכט, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

מאַקס'ן איז מיטאַמאָל אויפגעפאַלען, אַז דאָס שייטל וואָס זי טראָגט מוז זיין דאָס אייגענע וואָס די פרוי, די פריזירערין, האָט דערמאָנט אין שענק — נישט פון האָר, נאָר פון פעל, זיידענע פעדים. ער האָט געוואָלט פרעגען דערוועגען, אָבער ער האָט באַנומען, אַז ס'איז איצט נישט די צייט. ער האָט געהאַט אויסגעטראַכט אַ ווילדען ליגען, אַליין נישט וויסענדיג צוליב וואָס פאַר'אַ צוועק.

צירעלע האָט אָנגענויגט דעם קאָפּ אַן אַ זייט. זי האָט זיך איינגעקוקט אין אים קרום, פאַרשעמט, נייגעריג. זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט, הייסט עס, געמאַכט די רייזע צו פאַרגעסען אייער פאַרצווייפלונג.

מאַקס האָט שוין לאַנג נישט געהאַט געהערט דאָס וואָרט פאַרצווייפלונג. ער האָט עס אפשר קיינמאָל נישט געהערט. דאָס איז אַוודאי פון די ווערטער וואָס מ'שרייבט אין די צייטונגען. אָבער ער האָט פונדעסטוועגען פאַרשטאַנען דעם מיין דערפון. דאָס פרעמדע, דייטשמערישע וואָרט האָט אים אויפגערודערט. ס'האָט אים ווי אַ ריס געטאָן אין אינגעווייד. דאָס דאָזיגע מיידל, דעם טייערען איד'ס טאָכטער, האָט מיט איין וואָרט צוגעטראָפען וואָס ס'איז אים און פאַר־וואָס ער האָט געמאַכט די דאָזיגע נסיעה. אַ זיג־זאַגישע האָר איז אים דורכגעלאָפען דורכ'ן רוקען.

— יאָ, דערפאַר...

---

(פאַרזעצונג פרייטאָג)

## איבער טויזענט אַמעריקאַנער שטעט מיט ביבלישע נעמען

---

(שלוס פון עדיטאָריעל זייט)

---

וואָס טראָגען ביבלישע נעמען. זיי פּלאַנען אויך אַ גאַנץ בוך וועגען דער זעלבער, אינטערעסאַנטער פראַגע.

און איידער מיר פאַרענדיגען, ווילען מיר דאָ ווידער אָנווייזען, אַז די ליבע צו דער ביבל איז ניט קיין צופאַל אין אַמעריקע.

די גרינדער פון דער אַמעריקאַנער רעפּובליק זיינען געווען אָנגעזאָפּט מיט דער ליבשאַפט צו דער ביבל און מיט פאַרעהרונג צו אידען און אידישקייט.

מיר האָבען שוין איינינע מאָל דערצעהלט וועגען בענדזשאַמין פרענקלין, טאָמאַס דזשעפערסאָן, דזשאָן עדעמס, וועלכע האָבען פאָרגליכען דאָס אָנקומען פון אייראָפּעאישע אימיגראַנטען קיין אַמעריקע צו דער באַפרייאונג פון אידען פון מצרים.

און עס איז געווען פּרעזידענט איברעהעם לינקאָלן, וועלכער האָט געזאָגט, אַז די גרעסטע מתנה וואָס גאָט האָט געגעבען דעם מענשען איז די ביבל. און פּרעזידענט ווילסאָן האָט באַצייכענט די ביבל ווי די מאַגנאַ קאַרטאַ פון דער מענשליכער נשמה.

---

## אַרבעטער אין האָלאַנד האָבען באַשלאָסען אָוועקצוגעבען 3 שעה שכירות פאַר ישראל

---

אַמסטערדאַם, האָלאַנד, יוני 9 (איטאַ). — אַ צאָל [illegible]בעטער־אָר־גאַניזאַציעס האָבען באַשלאָסען צו אַרבעטען 3 עקסטראַ־שטונדען און אָוועקגעבען די שכירות פאַר ישראל. מען דערוואַרט דאָס זאָל אַריינברענגען הונדערטער מיליאָן גילדערס.

צוויי גרופּען האָלענדישע דאָקטוירים און נוירסעס זיינען אַרויסגעפלויגען פון אַמסטערדאַם קיין ישראל אַלס וואָלונטירען.

# שווים

## נאָוועלע

פון
**יצחק ווארשאווסקי**

(פאָרזעצונג)

5

— וואָס שרייבט איר, רביצין?

— האָט מאַקס באַראַבאַנדער געפרעגט.

— קוויטלעך.

— וואָס איז דאָס? פון שוהל?

— מיין מאַן געהערט נישט צום ראַבינאַט. ער קריגט נישט קיין געהאַלט פון דער גמינע. די גאַס צאָלט אים וואָכענגעלט. אַ גובה געהט־אום צונויפנעמען און ער גיט יעדען אַ קוויטל.

— און דערפון לעבט דער טייערער איד?

— אַמאָל מאַכט זיך אַ חתונה, אַ גט, אַ דין־תורה.

מאַקס באַראַבאַנדער האָט נאָכגעטראַכט אַ ווייל.

— אַ טייערער איד דאַרף האָבען פּרנסה, ער זאָל קאָנען לערנען תורה און נישט דאַרפען זאָרגען וועגען געלט.

צירעלע האָט געטאָן אַ לאַך. די אויגען אירע האָבען אויפגעשיינט.

— אַ סך זאַכען וואָלטען געדאַרפט זיין. ס'זענען דאָ ביי אונז אין גאַס טרעגערס און זיי שלעפען אויף די פּלייצעס אַזוינע משאות, אַז ס'איז אַ וואונדער ווי זיי פאַלען נישט אונטער דער לאַסט. די מערסטע זענען עלטערע אידען. אַנומעלט האָב איך געזעהן איינעם טראָגען אַ גאַנצע שראַנק. ווי אַזוי ער איז נישט געפאַלען אונטער דער משא קאָן איך נישט פאַרשטעהן. אָבער וואו וואוינען די מענשען? אין פינסטערע קעלער־שטובען, וואו ס'איז אַזוי פייכט, אַז מ'מוז קריגען די שווינדזוכט. זיי געהען אַרום אָפּגעריסען און אָפּגעשליסן. אַנומעלט איז איינער פון זיי געשטאָרבען. האָט מען געדאַרפט צונויפמאַכען אויף תכריכים —

— צירעלע, מיש נישט אַריין די טרעגערס ווען מ'רעדט וועגען דיין טאַטע'ן — האָט די רביצין גע־טענה'ט. — אַוודאי איז אויף די אידען אַ גרויס רחמנות, אָבער איינס געהערט זיך נישט אַן צום אַנדערען.

— ס'געהערט זיך אַן, מאַמע. אין אַ גערעכטער וועלט וועט קיינער נישט ליידען קיין נויט און אין אַן אומגערעכטער ליידען אַלע, אויסער אַ פּאָר אויסנוצערס און בלוט־זויגערס.

— די סטרייקערס האָבען ביי דיין טאַטע'ן אויסגעהאַקט די שויבן.

— אַ פּאָר נאַרישע יונגען. עס האָט זיי פאַרדראָסען פאַרוואָס דער טאַטע האָט גערעדט קעגען זיי אין שטיבל. פאַרוואָס זאָל איין אַרי־מאַן רעדען קעגען אַנדערען? זיי האָבען נישט געקעמפט קעגען טאַטע'ן, נאָר קעגען קייסער.

די רביצין האָט געטאָן אַ ציטער. זי האָט אַוועקגעלעגט די פען.

— טאָכטער, ווי רעדסטו? דיינע רייד וועלען אונז חלילה צו דער תליה ברענגען!

— שרעק דיך נישט, מאַמע. דער מענטש איז נישט קיין מסור.

— חס ושלום, אָבער ווענט האָבען אויערען. דער קייסער קאָן נישט מאַכען אַלעמען פאַר גבירים. ווען דער קייסער זאָל צעטיילען אַלע אוצרות, וואָלט אויסגעקומען יעדען איינעם אַ דרייער —

— קיינער פאַרלאַנגט נישט ער זאָל צעטיילען די אוצרות. זאָל ער געבען דעם פאָלק פרייהייט, — אמת'ע פרייהייט, נישט אַ דומאַ וואו מ'האָט מורא אַ וואָרט אַרויס־צורעדען, ווייל די אָכראַנע זיצט אויבען ־ אַן מיט אירע שפּיאָנען און — — —

— טאָכטער, וועסט שווייגען, אָדער נישט? — האָט די רביצין אויפגעהויבען דאָס קול. — ס'קומט אַריין אַ מענטש און זי הויבט גלייך אָן מיט אירע טענה'ס. מיר קאָנען נישט פאַרזאָרגען די גאַנצע וועלט. ס'זענען אַלעמאָל געווען אָרימע לייט און ס'וועלען אַלעמאָל זיין, סאַידען ווען משיח וועט קומען. ס'שטעהט אין דער תורה: כי לא יחדל אביון מקרב הארץ, דאָס הייסט — —

— כ'ווייס, מאַמע, כ'ווייס. פון וואַנען האָט משה רבנו געוואוסט וואָס ס'וועט זיין אין דריי טויזענט יאָר אַרום? ס'מוזען נישט זיין קאַ'ן אָרימעלייט. ס'וואַקסט גענוג תבואה אין רוסלאַנד יעדער איינער זאָל זיין זאַט. רוסלאַנד פאַרקויפט נאָך תבואה אין אַנדערע לענדער. מ'קאָן אויך בויען פאַבריקען וואָס זאָלען אַלץ אויסאַרבעטען, קליידונג, שיך, און וואָס אַ מענטש דאַרף. אַנשטאָט דעם געהט אַרום דער מוזשיק נאַקעט און באָרוויס. אַ שטיקעל ברויט איז אַ לוקסוס ביי די מענטשען וואָס זייען און אַקערען און שניידען דאָס ברויט וואָס אַנדערע עסען. מ'לאָזט נישט צו די קינדער זייערע זאָלען קריגען די מינדסטע בילדונג. אויב מ'לערנט זיי שוין עפּעס, איז: קושען ס'יויזל — —

— נו, דו וועסט פאַרזאָרגען די מוזשיקעס? זיי זענען שונאי־ישראל. זיי מאַכען פּאָגראָמען אויף אידען.

— זיי מאַכען פּאָגראָמען, ווייל די שוואַרץ־מאה'ניקעס העצען זיי. וואָס האָבען די מוזשיקעס קעגען די אידישע אַרבעטער אין באַרדיטשעוו אָדער קישיניעוו? פּורישקעוויטש רייצט זיי אָן און זיי געהען ווי די בהמות. עמיץ מוז קומען און זיי דערציילען דעם אמת — —

— לויף און דערצעהל זיי!

— הלוואַי וואָלט איך געקאָנט רוסיש!...

מאַקס באַראַבאַנדער האָט גע־קוקט אַ פאַרבליפטער. ער האָט קיינמאָל נישט געהערט אַ מיידל רעדען אַזוינע ווערטער. לאה'טשי, צירעלע'ס חבר'טע, איז געזעסען מיט אַן אָפען מויל. דער קיהן אירער האָט מאַקס'ן דערמאָנט אָן דער מאָרדע פון אַ בהמה. מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— רביצין, זייט נישט אויף איר בייז. זי האָט אַ קאָפּ וואָס טראַכט געדאַנקען. ס'איז דערפאַר, ווייל איר טאַטע איז דער טייערער איד און ווי זאָגט מען עס? ס'עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע. ער טראַכט פון תורה און זי וויל ס'זאָל קומען צו אַ צוועק. אין אַמעריקע זענען אויך דאָ סאָציאַליסטען און דאָרט זענען זיי פריי. ס'קומט דער ערשטער מאַי, טראָגען זיי די רויטע פאָהן און אַלץ מיט אַנאַנדער. זיי שטרעבען מ'זאָל אַרבעטען ווייניגער און קריגען בעסער באַצאָלט.

— דאָרט איז נישטאָ קאַ' קייסער און ס'זענען אויך דאָ אָרימעלייט — האָט די רביצין גערעדט. — ווער קערט־אויס דעם קוימען? ראָקעפעלער?

— פון וואַנען ווייסט איר, רביצין, פון ראָקעפעלער'ן?

— מ'ווייסט. מיין טאָכטער קויפט יעדען טאָג די צייטונג און איך קוק אַריין. מ'קאָן נישט פאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט! — האָט די רביצין געענדערט דעם טאָן. — דער אויבערשטער האָט באַשאַפען די וועלט און ער האָט אויף איר השגחה. בעסער געה וואַש־אָפּ ס'געפעס. עס ווערט פאַרטריקענט און מאָרגען מוז מען רייבען און שייערן —

— נישט איצט, מאַמע. נישט איצט.

— רביצין, זייט נישט אויף מיר בייז — האָט מאַקס גענומען רעדען, אַליין רעכט נישט וויסענדיג וואָס ער פאַרמעסט זיך צו זאָגען. — כ'בין געזעסען אין שענק, געהערט רעדען פון טייערען איד און כ'וויל, ווי מ'זאָגט, עפּעס טוען. איך בין אַליין אויך נישט קאַ'ן אָרימאַן, אָבער וואָס האָב איך פון מיין געלט? כ'וואָלט געוואָלט אַראָפּגעהן און עפּעס קויפען, ס'זאָל זיין, ווי מ'זאָגט, צו מצווה און אַלץ מיט אַנ־אַנדער. די געוועלבען זענען אָפען און מ'קאָן אַלץ קריגען: וואורשט, פרישע זעמל, בייגל, סאַרדינען. אפשר האָט ער ליב אַ גלעזל ווייין אָדער בראָנפען? ס'גיט אַפּעטיט. דער טייערער איד קומט באַלד פון שוהל און ער'ט אפשר אויך אונ־טערלעהגען ס'האַרץ —

די רביצין האָט פאַרצויגען די ברעמען.

— מיר זענען נישט קאַ נגידים, אָבער מיר האָבען, ברוך השם, וואָס צו עסען. אַ שעהנעם דאַנק אייך פאַר אייער גוט האַרץ. אָבער מ'דאַרף נישט.

— אפשר קאָן איך עפּעס צו־שטייער געבען, אויף אַ ספר אָדער אַ הייליגער זאַך.

— מיין מאַן קומט באַלד און ער — —

אַזוי ווי די רביצין האָט אַרויס־גערעדט די דאָזיגע ווערטער, האָבען זיך דערהערט טריט אויף די טרעפּ. צירעלע האָט געטאָן אַ געמיש פון אַ וואונק און אַ לאַך. די טריט זענען געווען שווערע און האַס־טיגע. דער טייערער איד האָט אַוודאי מורא, ווייל ס'איז פינסטער, איז מאַקס'ן איינגעפאַלען. די טיר האָט זיך געעפענט און מאַקס האָט דערבליקט דעם מורה הוראה: אַ ניד־עריגער, אַ ברייטליכער, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע ביז די קנעכלען, אין שווערע שטיוועל, אין אַ קאַפּעלאַטש אָפּגעטראָגען און אָפּגעריסען. ער האָט געהאַט אַ רויטע באָרד, טונקעלע געקרייזעלטע פּאות, אַ ווייס פּנים, אַ גלייכע נאָז, העלע אויגען.

— עהנליך צו דער טאָכטער ווי צוויי טראָפּענס וואַסער, — האָט מאַקס גערעדט אין זיך. ער האָט זיך געטאָן אַ שטעל אויף.

אַן אויסטערלישע היימישקייט האָט געהויכט פון דעם איד. מאַקס האָט געהאַט אַ געפיהל, אַז ער האָט אים שוין אַמאָל באַגעגענט. דער מורה הוראה האָט, אַפּנים, געוואָלט עפּעס דערצעהלען. ער איז אַריינגע־פאַלען ווי עמיץ וואָס ברענגט מיט זיך אומגעדולדיג אַ מעשה אָדער אַ בשורה.

דערזעהן דעם גאַסט, איז דער מורה הוראה געוואָרען אַ ווייל פאַר־ווירט און אַפילו עפּעס ווי דער־שראָקען. אָבער ס'האָט געדויערט בלויז איין רגע. גלייך האָט די גוט־מוטיגקייט זיך אומגעקערט, און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— גוטען אָוונט. אַ איד, האַ? ברוך הבא! איר וואַרט אַוודאי אויף מיר, העַ?

— צינד־אָן דעם לאָמפּ אין דער אַנדערער שטוב! — האָט די רבי־צין באַפוילען צירעלע'ן.

— יאָ, מאַמע.

צירעלע האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַריין אין דער אַנדערער שטוב. מאַקס האָט איינדערגיך באַ־טראַכט איר פיגור: נישט הויך, אָבער שלאַנק, מיט אַ שמאָלער טאַ־ליע. מאַקס האָט אַלץ באַמערקט אין איין סעקונדע: די מיידעלשע אַקס־לען, די קליינע שיכלעך, דעם נישט־הויכען בוזעם. דער האַלז איז ווייס און צאַרט ווי ביי אַ קינד. אַ באַ־טעמ'ט שטיקעל סחורה! — האָט דער וואַוילער יונג אין אים גע־פסקנ'ט. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— רבי, איך קום פון די ווייטע לענדער און כ'האָב געהערט פון אייך. כ'וויל עפּעס געבען צו שטייער פאַר אַ גוטער זאַך.

— אַזוי גאָר? מהיכי תיתי... ס'זענען דאָ אין וואַרשע ישיבה'ס. חברה'ס און גלאַט אידען וואָס דאַרפען מ'זאָל זיי אַרויסהעלפען. קומט אַריין. צו וואָס זיצען אין קיך? שלום עליכם.

און דער מורה הוראה האָט אויס־געשטרעקט אַ קליינע האַנט. מאַקס באַראַבאַנדער האָט זי אַ ווייל גע־האַלטען אין זיין לאַפּע. ער האָט געטורעמט איבער דעם מורה־הוראה און צו אים אַראָפּגעקוקט ווי אַ דער־וואַקסענער אויף אַ חדר־אינגעל.

דער מורה הוראה און מאַקס זע־נען אַריין אין דער אַנדערער שטוב. צירעלע האָט שוין געהאַט אָנגע־צונדען דעם בליץ־לאָמפּ. מאַקס האָט דערזעהן ווענט פול מיט ספרים, אַן אָרון־קודש באַהאַנגען מיט אַ פּרוכת. אויבען האָבען צוויי לייבען געהאַל־טען די לוחות מיט די צען געבאָט, די גריוועס אָפּגעפאַרבט גאָלדיג, די צונגען — רויט, די ווידלען — פאַרריסען. די גלעזערנע אויגען האָבען געשימערט מיט אַ סאָרט הייליגער ווילדקייט. נישט ווייט פון פענסטער, אויף אַ שטענדער, זענען געלעגען אָנגעהויפט ספרים און בויגענס פּאַפּיר מיט שרייבכצער. אין מיטען שטוב איז געשטאַנען אַ טיש, אַ שטוהל, צוויי בענק.

וואָס איז דאָס, אַ בית־מדרש, אַ שוהל? — האָט מאַקס זיך גע־חידוש'ט. ער האָט זיך נישט גע־ריכט די קיך זאָל האָבען אַריינגע־פירט אין אַ מקום קדוש. ער האָט מורא באַקומען פאַר דעם ליגען וואָס ער האָט נאָר וואָס אָפּגעבאַקען: אַז ער איז אַן אַלמן.

צירעלע האָט געשמייכעלט.

— דאָס איז אונזער סאַלע. אין אַמעריקע באַוואוינט מען מסתמא אַנדערש —

— ס'זענען ביי אונז אויך דאָ שוהלען — האָט מאַקס גערעדט. — אָבער דער רב וואוינט באַזונדער —

— ס'איז נישט קאַ' שוהל. ס'האָ־וועט ביי מיר שבת אַ חברה — האָט דער מורה הוראה זיך ווי פאַרענט־פערט. — ס'אָרון קודש איז זייער'ס, אָבער די ספרים זענען מיינע.

— דירה־געלט איז דאָ טייער? — האָט מאַקס געפרעגט.

— פיר און צוואַנציג רובל אַ חודש. ס'איז דאָ פאַראַן נאָך אַ שטוב און אַ באַלקאָן. לויט ווי פאַר וואַר־שע איז דאָס נישט טייער. אין די אַנדערע גאַסען איז נאָך מער יקרות.

— רבי, כ'וויל אייך צושטייער געבען אויף דירה־געלט. פופציג רובל.

דער מורה הוראה האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער.

— וואָס עפּעס? מ'דאַרף נישט.

(שלוס אויף זייט 6)

# שלום

פון
**י. ווארשאווסקי**

(שלום פון זייט 2)

אוודאי קומט ־ אן ס׳דירה ־ געלט שווער, אבער מ׳טוט זיך ברוך־השם אן עצה.

— אייער טאכטער איז שוין א כלה ? — האט מאקס געפרעגט, צעטומעלט פון די אייגענע ווערטער.

דער מורה הוראה האט א ווייל נאכגעקלערט, א שטייגער ווי ער וואלט אליין נישט געדענקט, צי די טאכטער האט שוין א חתן, אדער נישט.

אין צירעלע׳ס בליק האט זיך באוויזן א געמיש פון געלעכטער און פארדרוס. זי איז געווארען רויט, אבער די רויטקייט האט בלויז דערגרייכט א העלפט פון פנים.

דער מורה הוראה האט א זאג געטאן :

— זעצט אייך. אזוי. זי איז ניש׳ קא׳ כלה, נאר מ׳רעדט איר שידוכים. ס׳פירט זיך, אז מ׳גיט א טאכטער נדן, אבער א ווינקל־מורה־הוראה קאן נישט אנזאמלען קא׳ נדן. נו, אבער יעדער האט זיין זווג. פון וואנען קומט א איד ? וואס איז אייער טוען ?

צירעלע האט זיך דערנעהנטערט צו דער טיר, נאר זי האט זיך נישט אומגעקערט אין קיך. זי איז געבליבען שטעהן און געווארט, אפשר וועט דער פאטער איר הייסען ברענגען טעה אדער כיבוד. זי האט געווארפען אויף מאקס׳ן בליקען וואס האבען סאי געפרעגט, סאי פארגעהאלטען, סאי עפעס ווי געגעבען שטומע אנצוהערענישען.

מ׳קאן מיט דעם מיידל קומען צו א טאלק, האט מאקס ביי זיך באשלאסען, — איכ׳ל נאך מאכען מיט איר א ראנדקע...

דער מורה הוראה האט זיך אוועקגעזעצט באדעכטיג און מאקס האט באמערקט, אז אויף דער שטוהל ליגט א קישעלע באצויגען מיט שווארצער צעראטע. מאקס האט געזאגט :

— וואוינען וואוין איך אין ארגענטינע, אבער כ׳קום איצט פון דער גאנצער וועלט — לאנדאן, ניו יארק, פאריז, בערלין. כ׳האנדל מיט הייזער, פלעצער.

— אזוי ? וואס הערט זיך אויף דער וועלט ? אידען זענען אידען, הא ?

— יא, רבי, אידען זענען אידען. אבער נישט אזוי ווי דא. אין ווייטשעפל זענען דא שוהלן און מקווה׳ס און אלץ מיטאנאנדער, אבער דאס יונגע דור רעדט ענגליש. איר רעדט מיט איינעם פון זיי און מיטאמאל זאגט ער : אי עם עי דזשו. א דזשו אין ענגליש איז א איד. ווען ער זאגט נישט, ווייסט איר נישט. אין פאריז רעדען זיי פראנצויזיש. אין ארגענטינע האט דאס יונגע דור אנגעהויבען רעדען שפאניש.

— ס׳איז דא א חרם אידען זאלען נישט וואוינען אין שפאניע — האט דער מורה הוראה געזאגט האלב צו זיך, האלב צום גאסט.

— ארגענטינע איז נישט שפאניע. די שפאניער זענען געקומען אהין און איינגענומען ס׳לאנד. מ׳האט ארויסגעטריבען די אינדיאנער און זיי אויסגעהרג׳עט.

— פארוואס איז זיי דאס געקומען ?

— פארוואס האבען די אידען אויסגעהרג׳עט די פעלקער וואס האבען אמאל געוואוינט אין ארץ ישראל ? — האט צירעלע א פרעג געטאן פון נעבען דער טיר. — זיי זענען אויך געווען טאטעס און מאמעס פון קינדער. פארוואס איז זיי געקומען אומצוברענגען ?

דער מורה הוראה האט זיך געטאן א טרייסעל. ער האט, ווייזט אויס, נישט געוואוסט, אז די טאכטער איז נאך דא פאראן. ער האט זיך אנגענומען ביי דער בארד און באלד צוריק אפגעלאזט. ער האט געהאט אויסגעטאן דעם קאפעלאטש און איז געבליבען אין א קאפל. אין דעם הויכען שטערן האט זיך געוויזען א קנייטש.

— אזוי האט דער אויבערשטער געהייסען. יענע פעלקער, די זיבען אומות, זענען געווען אינגאנצען אריינגעטאן אין זינד, אין כל׳ע תועבות שבעולם. ווען אן ערדערנע כלי ווערט טריף, קאן מען זי מער נישט כשר׳ען אדער גליען. מ׳מוז זי צעברעכען. אזוי איז מיט שטעט און מיט פעלקער. ווען א גאנצע שטאט דינט די עבודה זרה, ווערט זי אן עיר הנדחת און מ׳מוז זי פארברענען. ס׳קומט א צייט ווען מ׳זינקט אין דער טומאה אזוי טיף, אז מ׳קאן מער נישט טאן קא׳ תשובה.

— וואס זענען די קליינע קינדער שולדיג ? — האט צירעלע געפרעגט. — די קליינע קינדער האבען נישט געזינדיגט...

דער מורה הוראה האט זיך פארקרימט. דאס קול זיינ׳ס איז געווארען הייזעריגליך.

— צוליב די עברות פון די ערוואקסענע ליידען די קליינע קינדער. ווען די טאטעס און מאמעס ווידערשפעניגען דעם בורא עולם און לאזען זיך אריין אין כישוף און כל־ערליי אומריינקייטען, קאן מען שוין קיינעם נישט באשירמען.

— דאס, טאטע, איז נישט גערעכט.

— ווי רעדסטו ? וואס טוט זיך מיט דיר ? מ׳קאן נישט האבען מער רחמנות פון באשעפער. ער שיקט אראפ אלע נשמות. אזוי שטעהט : ונשמות אני עשיתי. בעסער ברענג אריין טעה. איר׳ט אפשר עפעס פארבייסען ?

— רבי, איך וויל בעטען אייער טאכטער זי זאל עפעס ארויפברענגען. איכ׳ל איר געבען געלט. איין מינוט !

מאקס האט זיך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען צו דער טיר און דערלאנגט צירעלע׳ן צוויי צען־רובעלדיגע באנקנאטען.

— זייט אזוי גוט, פריילין, ברענגט עפעס ארויף, א פאר קיכלעך, אדער א פרוכט. כ׳וויל אליין עסען און מכבד־זיין דעם טייערען איד.

— פאר צוואנציג רובל קיכלעך ?

— די רעשט קאנט איר נעמען פאר זיך. לערענט זיך רוסיש...

צירעלע האט זיך אומגעקוקט אויף הינטערוויילעכץ, אשטייגער ווי זי וואלט חושד־געווען אז די מוטער הערט זיך אונטער.

— אן אויסטערלישער מענטש !

(פארזעצונג מארגען)

---

צו די אראבישע לענדער איבערצוגעווינען זיי, אבער זיי זיינען געווען און פארבליבען אמעריקע׳ס ביטערסטע שונאים.

איז דען א וואונדער, וואס ישראל האט אויך פארלוירען דעם צוטרוי צו אמעריקע, טראץ דעם וואס זי ווייסט אז אמעריקע איז נאך אלץ איר בעסטער פריינד. ישראל האט אבער דורך ביטערער ערפארונג געלערענט, אז מען קען זיך ניט פארלאזען אויף דעם גרויסען ברודער און זי פילט זיך גליקליך, וואס זי האט ניט געפאלגט די עצות פון אמעריקע אין צייט פון קריזיס אין מיטעלען־מזרח.

ביים איצטיגען מאמענט איז די דזשאנסאן פאליסי צו ישראל נאך אלץ ניט קלאר. ס׳איז זינלאז צו לייקענען, אז טראץ דעם גרויסען זיג, וואס ישראל האט אפגעהאלטען, נויטיגט זי זיך נאך מער ווי אימער אין מאראלישער און מאטעריעלער שטיצע פון אמעריקע.

ס׳איז אין די אמעריקאנער אינטערעסען צו שטיצען ישראל, און איך האף, אז די שטיצע וועט קומען.

# שוים

## נאָוועלע

פון
**יצחק וואַרשאַווסקי**

(פאַרזעצונג)

### קאַפּיטעל צוויי

1

מאַקס באַראַבאַנדער איז געהאַט געשלאָפן עטליכע שעה, אָבער עס איז נאָך נישט געווען דריי אַזייגער ווען ער האָט זיך איבערגעוועקט. ער האָט געטאָן אַ שליידער מיט אַ פוס און איז אויפגעקומען. דער טאָג האָט שוין אַריינגעשיינט דורכ'ן פענסטער. ער איז אַראָפּ פון בעט און געפּרוּווט מאַכן גימנאַסטיק. ער האָט אויפגעהויבן די הענט, די פיס, זיך געבויגן רעכטס, לינקס, פאַראויס, אויף הינטערוויילעכץ.

אין חלום האָט ער פאַרבראַכט מיט ראַשעל'ן און מיט זיינע אַמאָליגע געליבטע. ס'האָט זיך אים געחלום'ט צירעלע אויך. ער איז געפאָרן מיט איר אויף אַ שיף. ער האָט געפירט נאָך אַנדערע ווייבער, איינגעשפּאַרט אין שטייגן, ווי עופות. ער האָט זיי געטראָגן עסן און זיך דערביי גע'חידוש'ט: ווייסט נישט דער קאַפּיטאַן וואָס דאָ טוט זיך, אָדער מאַכט ער זיך נישט ווויסענדיג? אַ שטורמווינט האָט געבלאָזן און די שיף איז גאָר אַוועק קיין סיביר. ס'איז דען דאָ אַ ים אין סיביר? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. — אָדער פליהט די שיף אין דער לופט? ווי אויסטערליש, די נקבה'ס וואָס ער האָט געפירט זענען האַלב־מענטשען, האַלב־הינער. זיי האָבן געקוואַקט. איינע האָט זיך גאָר צעקרייעט ווי אַ האָן. צירעלע האָט אַ זאָג געטאָן: מ'עט זי מוזן שעכטן. און דערפון האָט מאַקס געטאָן אַ צאַפּל און אויפגעוואַכט פול מיט לוסט.

ער האָט געהאַט אַ באַגער זיך צו באָדן און אָנגעקלונגען דעם צימער־מיידל. אָבער קיינער איז נישט געקומען. אין דעם האָטעל אין בערלין האָט ער געהאַט אַ וואַנע ביי זיך אין צימער, אָבער דאָ האָט מען געמוזט באַשטעלן אַ באָד. ער האָט זיך געוואַשן ביים קראַן און אָנגעריבן דאָס לייב מיט אַ האַנטוך איינגעטונקט אין זאַלץ־וואַסער. אַ רפואה צו די נערוון.

ער האָט זיך אָנגעקלעטערט... ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אַרויסקוקן אינדרויסן. די גאַס האָט זיך אויסגעשטרעקט אַ לעדיגע, נישט קיין טראַמוויי, נישט קיין דראָשקע, נישט קיין איינציגער פאַרבייגעהער. אויף די ביימער איז געפאַלן טוי, פייגעלעך האָבן געצוויטשערט. מאַקס באַראַבאַנדער האָט זיך אומגעקערט צום געלעגער.

ער האָט פונסניי איינגעדרימלט און ער האָט זיך געפונען אין אַ שטאָט וואָס איז סאַי בוענאָס איירעס און סאַי ניו יאָרק. די שיף וואָס איז פריהער געפלויגען אין שטורם איז געהאַט אָנגעקומען, אָבער מ'האָט אַלע פּאַסאַזשירן אוועקגעפירט קיין עליס איילאַנד. צוליב עפּעס האָט ראַשעל זיך געמוזט פאַרשטעלן פאַר אַ מאַנסביל, נאָר פון אונטער דעם רעקל האָבן אַפּגעשטאַרצט אַ פּאָר ווייבערשע מייטקעס. וואָס איז די חכמה? אַפילו אַ בלינדער וועט דערקענען אַז זי האָט זיך איבערגעטאָן. מאַקס האָט געשריגן אויף איר זי זאָל פאַרשטעלן די שפּיצעלעך, אָבער זי האָט אים נישט געהאָרכט. ער האָט איר דערלאַנגט אַ זעץ מיט דער פויסט און האָט זיך אויפגעוועקט אַ באַגאָסענער מיט שווייס, מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ, פול מיט תאוה.

— איכ'ל משוגע ווערען פון די אַלע חלומות! — האָט מאַקס באַראַבאַנדער צו זיך גערעדט. אויף דער וואָך איז ער אומבאַהאָלפען, אָבער ווען ער שלאָפט־איין ווערט ער צוריק דער אַמאָליגער גיבור.

ער האָט פונסניי זיך געמוזט וואַשען מיט קאַלט וואַסער, איינצושטילען דעם פאַרלאַנג. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזען, אַז ער איז געשלאָפען בלויז עטליכע מינוט, אָבער דער זייגער האָט געוויזען צען מינוט צו זעקס. אין גאַס האָבען שוין געקלונגען טראַמווייען. סטרוזשעס האָבען געקערט דעם ברוק מיט בעזימער, געשפּריצט וואַסער פון קישקעס.

ביז מאַקס האָט זיך אָנגעטאָן איז געוואָרן זיבען. ער איז געגאַנגען אַ שטיקעל וועגס ביז ער איז צוגעקומען צו אַ קאַפע־הויז. ער איז שוין גרייט געווען אַריינצוגעהן און באַשטעלען פרישטיק ווי ער האָט זיך דערמאָנט אַז חיים קאַוויאַרניק, דעם פאַרשוין וואָס האָט געזאָגט נעכטען אַז ביי אים אין קאַפע־הייזל קריגט מען דעם בעסטען קעז־קוכען אין דער וועלט. איכ'ל גאָר צופאָרען אַהין! — האָט מאַקס באַשלאָסען. ער האָט גלייך געקראָגען אַ דראָשקע.

ווען דער פורמאַן האָט געהערט אַז דער פּאַסאַזשיר הייסט זיך פירען אויף דער קראָכמאַלנע, האָט ער אַ קרים געטאָן מיט דער נאָז. אָבער ער האָט פונדעסטוועגען אַ פאָכע געטאָן מיט דער בייטש:

— וויאָ!

מאַקס באַראַבאַנדער האָט זיך אָנגעלעהנט אַן ווענטעל. ווער ווייסט? — אפשר וועט ער זי זעהן. דער טייערער איד האָט דערמאָנט, אַז ער האָט אַ באַלקאָן. אפשר וועט צירעלע אַרויסקומען אויפ'ן באַלקאָן?

מאַקס האָט צוגעשלאָסען די וויעס. כ'לאָז מיך אַריין אין אַ משוגעת, האָט ער געקלערט. איכ'ל מיך אַזוי פאַרדרעהען, אַז מ'וועט מיך נישט קאָנען אַרויסשלעפּען מיט זיבען פּאָר אָקסען. נו, אָבער ער האָט שוין געהאַט אויף דער דאָזיגער נסיעה צופיל דורכפאַלען. ער האָט געמוזט דורכברעכען דעם כישוף... עפּעס וועט שוין זיין, האָט ער זיך געטרייסט. ווער ווייסט? ראַשעל קאָן אַמאָל ווערען ערנסט קראַנק. זי קאָן אַמאָל באַשטעהן אויף אַ גט אויך. ער וואָלט איר אוועקגעגעבען אַ העלפט פון פאַרמעגען... דער עיקר איז: נישט ליגען מיט פאַרלייגטע הענט...

מאַקס איז פאַרביי גאַסען, נישט געוואוסט זייערע נעמען. ער האָט זיך באַלד ווידער געפונען אין אַ אידישער געגענט, דערקענט דאָס געביי פון דער „ווינער סאַלע". אונטען, צווישען די זיילען, האָט מען געהאַנדעלט מיט טישטוכער, האַנטוכער, לייוונט, פאָדים, קנעפּ, רעשטלעך. ס'האָט געשמעקט מיט קאַרשען, שטרויבערעלעך, ווייַנפּערלעך און נאָך אַנדערע זומערדיגע ריחות. מאַקס האָט טיף איינגעאָטעמט דעם גערוך פון פערד־מיסט. אַפילו די קראָכמאַלנע האָט אינדערפריה אויסגעוויזען פרישער ווי נעכטען. דער פלאַץ איז נישט אַזוי געדיכט באַשטעלט.

די דראָשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים נומער 8 און מאַקס האָט דערלאַנגט דעם פורמאַן אַ פופציגער. מאַקס האָט גלייך דערזעהן דאָס קאַפע־הייזל. ער איז אַריין אינעווייניג און דערקענט חיים קאַוויאַרניק, ווי וואויל ער האָט איצט געטראָגען אַ לאַנג פאַרטוך און אַ ווייס היטעלע פון אַ קוכער, אָדער אַ בעקער. יענער האָט אַ רוף געטאָן:

— כ'לעבען, דער אַמעריקאַנער!

און געטאָן אַ פּאַטש מיט די הענט. ער האָט אָנגעוויזען אויף אַ טישל:

— זעצט אייך צו. איר'ט שוין דאָ פאַרהונגערט נישט ווערען.

— אייער קעז־קוכען פאַרשמעקט די גאַס.

— מ'קומט צו מיר עסען קוכען און טרינקען קאַווע פון מראַנאַוו. זאָ'מיר אַזויביידע זיין געזונט.

— איר האָט אפשר דעם אידישען גאַזעט?

חיים האָט געפּענט אַ טיר און אַריבערגעשריגען צו עמיצען אַקעגענאיבער. גלייך האָט אַ מויד אַריינגעטראָגען אַ אידיש בלאַט.

מאַקס איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי גיריג נאָך אַ אידיש וואָרט ווי זינט ר'איז אַרויסגעפאָרען פון אַרגענטינע. ער האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעלערענט ריכטיג די גוי'אישע לשונות. אַפילו אַ שפּאַנישע צייטונג איז אים אָנגעקומען שווער דורכצוקריכען.

די נייעס אויף דער ערשטער זייט האָט אים אויסגעוויזען די אייגענע וואָס נעכטען, אָבער די כראָניק איז פול מיט אַלערליי פּאַסירונגען: אַן ערד־ציטערניש אין טשילי, אַ סטרייק פון באַן־אַרבעטער אין רוסלאַנד, אַ שרפה דאָ אין וואַרשע מיט מענטשליכע קרבנות. אונטער אַ קעפּל „אַ מענטש אַ חיה" האָט מאַקס איבערגעלייענט:

„נעכטען שפּעט באַנאַכט איז יאַן לאַפּאַטאַ, אַ הויז־וועכטער אויף דער סמאַטשע צוועלף, געקומען אַהיים שיכור און זיך געוואָרפען אויף זיין טאָכטער, מאַריאַננאַ, עלף יאָר די אַלט. די מוטער האָט געפּרוּווט שטערען דעם שיכור אין זיין בעסטיאַלישען פאַרמעסט, אָבער ער האָט זי געשטאָכען מיט אַ מעסער אין דער לינקער ברוסט. דערנאָך האָט ער פאַרגוואַלדיגט זיין אייגען קינד. אויף די געשרייען פון די שכנים איז אָנגעקומען פּאָליציי און מ'האָט דעם בעסטיאַלישען פאָטער אוועקגעפירט אין אַרעסט אין קייטען. די פרוי געפינט זיך אין שפּיטאָל פון הייליגען גייסט אין אַ קריטישען צושטאַנד".

מאַקס האָט געגעסען דעם קעז־קוכען און דערביי געפּרוּווט זיך פאַרשטעלען וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. אַזוי ווי דער קעז־קוכען איז זיס, אַזוי איז דאָס לעבען ביטער. ווער ווייסט וואָס'ערע געדאַנקען ס'קאָנען איינפאַלען אַ פאָטער. ער, מאַקס, האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין טאָכטער און ער'ט פאַרשפּאַרט זיך צו גריבלען אין אַזוינע פאַרוועלענישען, אָבער האָט מען דען נישט פאַרצייטענס געטאָן אַזוינע זאַכען? האָט נישט יעקב חתונה געהאַט מיט צוויי שוועסטער? אין אַרגענטינע, פּערו, באָליוויאַ, טשילי באַגעהען די גויים אַזוינע זינד כמעט אָפען. טעכטער פאַרשוואַנגערען פון טאַטעס. ברידער פאַרען זיך מיט שוועסטער. ס'טרעפט אַז אַ מאַמע האָט עסקים מיט דעם אייגענעם זוהן. מ'הערט אַפילו נישט מ'זאָל עמיצען אַרעסטירען פאַר אַזוינע פאַרברעכענס. מ'געהט צום גלח זיך מתוודה זיין און ער באַשווענצעלט מיט ווערה־וואַסער. די אינדיאַנער פירען זיך ווי מיט טויזענט יאָר צוריק... נו, אָבער יאַן לאַפּאַטאַ וועט שוין הייַנטיגען זומער נישט זיין אויף דער פריי. ער סעקט שוין אַוודאי אויף אַ טאַפּטשאַן אין פּאַוויאַק, אָדער אין אַרסענאַל אויף דער לאַנגער גאַס און פרעסט ברויט מיט וואַסער.

— נאָך אַ גלאָז קאַווע?

חיים קאַוויאַרניק האָט אַליין צוגעבראַכט די קאַווע און זיך אוועקגעזעצט אויף דער שטוהל אַקעגענאיבער.

— וואָס שטעהט אין בלאַט?

— אַ, פאַרשידענס.

— זיי שרייבען דען אַן אמת וואָרט? ס'זיצען די שרייבערלעך און בראַקען ליגענס. פון אַ וואָרט מאַכען זיי אַ קוואָרט. פּוצט־צו. דאָרט, וואו איר האָט געוואוינט, האָט מען געוואוסט וואָס דאָ טוט זיך?

— ס'זענען דאָרט אויך דאָ צייטונגען.

— עצ'ט געהערט פון די סטרייקען?

— געהערט.

— און פון דער יאַפּאַנישער מלחמה?

— אַלץ.

— ס'האָט זיך דאָ געטאָן אויף טיש און אויף בענק. כ'האָב געמוזט פאַרמאַכען די קאַוויאַרניע. וואָס ווילט עץ. פרעג איך? זאָגען זיי: פרייהייט, אַלע זאָלען זיין גלייך, ס'זאָל נישט זיין קיין קייסער. זאָל יאָך אַראָפּזעצען דעם קייסער?

— פרעג איך. זאָגען זיי: איר זענט אויך אַ בורזשוי. איר צאַפּט אונזער בלוט. אָט אַזוי האָבען זיי גערעדט. לייענען קאָנען זיי נישט, אָבער עמיץ האָט פאַר זיי פאַרגעלייענט, ווי הייסט עס? אַ פּראָקלאַמאַציע. אַז מ'האָט געפונען ביי איינעם אַזאַ בלעטל, האָט מען אים אוועקגעשיקט קאַ' סיביר. אַז ס'איז אַרויס די נייעס, אַז דער קייסער גיט־נאָך, זענען זיי אַוועק צום ראַטהויז און דאָרט האָט מען זיי מכבד געווען מיט קנוידלעך. זיי זענען געפאַלען ווי די פליגען. די קאָזאַקען זענען אַריינגעריטען מיט די פערד און געהאַקט קעפּ מיט די שאַשקעס. די וואוילע דאָ אין גאַס, די גנבים, די פּאַסערס, די פּושידופּניקעס האָבען זיך אַריינגעמישט און ס'איז געוואָרען יענץ געשלעג. די סטרייקערס זענען אַריינגעפאַלען און צעשלאָגען די טליקעס. ביי אַ מומע האָט מען אונטערגעהאַקט די זייטען. ס'איז דאָ פאַראַן איינער אַ בלינדער מאיר, האָט מען אים פינף מאָל געשטאָכען —

— דער בלינדער מאיר? ווער איז ער?

— איר קענט אים?

מאַקס האָט געוואָלט זאָגען אַז ער האָט צו אים אַ גרוס, אָבער ער האָט זיך אָפּגעהאַלטען.

— כ'האָב געהערט דעם נאָמען.

— ער איז געווען אַמאָל אַ גאַנצער פירער ביי די בלאַטע יונגען. רבי, אַזוי האָבען זיי אים גערופען. אַז מ'האָט עמיץ באַ'גנב'עט, איז יענער אוועק צום בלינדען מאיר און אים געגעבען איסלייז־געלט. אַז דער בלינדער מאיר האָט געהייסען צוריקגעבען, האָט מען אַלץ צוריקגעגעבען, ביז אַ גראָשען. היינט איז ער אויס יאַ־טעביע־דאַם. אויף איין אויג איז ער בלינד און מיט'ן אַנדערען זעהט ער שוין אויך קוים. ס'איז אויפגעקומען אַ ניי דור, ווי ס'שטעהט אין חומש: אשר לא ידע את יוסף. איר ווייסט וואָס דאָס הייסט, האַ?

— כ'האָב געלערענט אין חדר.

— ס'פאַרגעסט זיך, אָבער עפּעס געדענקט זיך. כ'וועק מיך איבער אין מיטען דער נאַכט און ס'דערמאָנט זיך מיר אַ פסוק. שפּעטער פאַרגעס איך ווידער און אַזוי געהען אַריבער די יאָרען. כ'האָב געהערט איר זענט אוועק נעכטען צום מורה הוראה און אים געגעבען אַ פּאָר רובל —

מאַקס באַראַבאַנדער האָט אָפּגערוקט דאָס גלאָז.

— פון וועמען האָט איר געהערט?

— מ'ווייסט אַלץ. אַ טייערער איד, אַן אָרימאַן אין זיבען פאַלעס. איין זוהן האָט ער, איז ער געוואָרען אַ דייטש, האָט אָנגעטאָן אַ קאַפּעליוש מיט אַ פעלערינע און דער פאָטער איז געזעסען נאָך אים שבעה. איר'ט באַגעגענט די צירעלע'ן, האַ?

— יאַ, זי איז דאָרט געווען.

— אַ וואויל מיידל, נאָר דער פאָטער האָט פון איר אויך נישט קאַ' נחת. הייַנטיג וועלטיש. מ'האָט איר גערעדט מיט אַ זוהן פון אַ מלמד, ר' זיינוועלע, האָט זי נישט געוואָלט דעם שידוך. ווען די מוטער האָט זיך אויף איר אָנגעזעצט, האָט זי געפּרוּווט אַראָפּשפּרינגען פון באַלקאָן. כ'ביז געשטאַנען דערביי. ס'האָט זיך דערהערט אַ געשריי. די מויד איז אַרויסגעלאָפען אין איין אייןהעמד און געפּרוּווט זיך אַראָפּוואַרפען. זעלבסטמאָרד, אַזוי רופט מען דאָס. די רביצין איז איר נאָכגעלאָפען און אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט. דערנאָך איז אַרויס דער מורה־הוראה אַליין, אַהן אַ קאַפּאָטע, אין טלית־קטן. ס'קאַפּל איז אים אַראָפּגעפאַלען פון קאָפּ. זיי האָבען צוויי חדר־אינגלעך, און זיי זענען אויך אַרויסגעקומען. מ'האָט זי וויַ־ס'איז אָפּגעריסען. פון שידוך האָט זיך שוין אויסגעלאָזט אַ בוידעם. וואָכען דערנאָך האָט זי זיך געשעהמט צו ווייזען ס'פּנים אין גאַס. אָבער ווי לאַנג קאָן מען זיצען אָפּגעשלאָסען? זי קומט יעדען אינדערפריה קויפען דעם גאַזעט, מעג רעגענען און שנייען. אַמאָל געהט זי צו יאַנטשע בעקער טריקענען פאַרפל. איר זענט אַן אַלמן, האַ?

— יאַ, אַן אַלמן.

— וואָס איז עס פאַר'אַ גראַטשקע אינדרויסען? כ'על טאָן אַ קוק.

חיים איז אַרויס אינדרויסען. מאַקס באַראַבאַנדער האָט געגעבען אַ שלוק קאַווע. ס'האָט געלוינט צו קומען אַהער. אַ חוץ דעם געשמאַקען אָנבייסען, האָט ער זיך דערוואוסט נייעס וועגען צירעלע'ן. נו, די גאַנצע זאַך איז געפערליך. ווי באַלד אַ מיידל קאָן אַריינפאַלען אין

(שלוס אויף בינטעל בריף זייט)

# שזים

(שלוס פון זייט 2)

אזא יוכע, מוז מען זיין מיט איר אפגעהיטען. צוריקגעשמועסט, אזא נקבה'לע האט הייס בלוט, מ'קאן זי אפשר גרינג קאליע־מאכען...

מאקס איז געבליבען זיצען אהן געדאנקען. ער האט זיך ווי צוגעהערט צום אייגענעם געמיט. ס'האט אים גענאגט ווי א פיאווקע אויפ'ן הארץ. ער האט געמוזט אפטאן עפעס, אבער וואס?

אן אויסטערלישער געדאנק איז אים איינגעפאלען: דער יאן לאפאטא האט געמוזט זיך געפינען אין אן ענהליכען מצב. ס'ווערט אזוי ליידיג, אז עפעס מוז מען אפטאן — זאל זיין איבערשניידען דעם אייגענעם האלז...

חיים איז צוריק אריינגעקומען.

— א גלעזער איז אראפגעפאלען פון דריטען שטאק.

— זיך דער'הרג'עט?

— צעבראכען א פוס.

מאקס האט באטראכט: אים איז בעסער פון מיר. מ'וועט אים אוועקנעמען אין שפיטאל. ס'וועט קומען צו אים א דאקטאר. אז ס'טוט וועה א פוס, לעכערט נישט אין קאפ... מאקס האט צוגערופען דעם קעלנער און באצאלט. ער איז ארויס אינדרויסען.

וואס טוט מען איצט, הא? ביר? ניין. בראנפען? אוודאי נישט. א שוויץ־באד? דאס איז גוט מיט א נקבה, נישט אליין. ער האט זיך דערמאנט, אז נישט ווייט פון דער פראגער בריק געפינט זיך א שוויץ־באד. מ'האט דארט געקאנט זיך אויסשוויצען, קריגען א מאסאזש. ניין, דאס וועט מיר אויך נישט העלפען! — האט מאקס צו זיך גערעדט. — אפשר גיין צו א ווארשעווער דאקטאר?...

ער איז ארויס פון דער קאוויארניע און געכאפט א בליק אויף דעם באלקאן, וואס האט, לויט זיין חשבון, געזאלט זיין פון מודה־הוראה'ס דירה. ס'איז דארט געשטאנען א אינגל מיט א פאר רויטע פאה'ס, אין א צעקנעפעלט כאלאטל, וואס ס'האט דערפון ארויסגעקוקט א טלית־קטן. דער באלקאן איז געווען אזוי נידריג, אז מאקס'ן האט זיך אויסגעדוכט ער וואלט געקאנט דערלאנגען צו אים מיט דער האנט. ער האט א רוף געטאן:

— העי, דו, ווי הייסט דו?

— יאך? איטשעלע.

— דיין טאטע איז דער מורערוע?

— יא.

— ר'איז אין דער היים?

— ניין.

— און די מאמע?

— אויך נישט.

— ווער איז אין דער היים?

— מיין שוועסטער.

מאקס'ן האט זיך עפעס אפגעריסען אין אינגעווייד. איכ'ל ארויפגעהן. וואס קאן דא זיין? אויב זי'ט מיך ארויסווארפען, וועט אויך די וועלט נישט אונטערגעהן. ער איז אריין אין טויער.

כ'האב מיך פארליבט אין איר, אדער וואס? — האט ער זיך געפרעגט. ניין, דאס איז נישט קיין ליבע, נאר אן עקשנות: דורכצוברעכען א וואנט. ער איז געקומען קיין פוילען עפעס אויפטוהן. אויב ער וועט דא נישט ארויסקריכען פון זומפ, האט ער מער נישט צו וואס צוריקצופארען... ער האט זיך אליין פארגליכען צו יענע שפילער וואס שטעלען איין קאן דאס גאנצע פארמעגען...

(פארזעצונג פרייטאג)

# שוים

## נאָוועלע

פון
### יצחק וואַרשאַווסקי

(פאָרזעצונג)

2

מאַקס האָט אַנגעקלאַפּט אין דער טיר, נאָר מ׳האָט נישט געענפערט. ער האָט אַ דריק געטאָן די קליאַמקע און די טיר האָט זיך אויפגעמאַכט. ער האָט גלייך דערבליקט צירעלע׳ן. זי איז געזעסען אויפ׳ן אייזערנעם בעטל (דאָרט וואו זי איז, ווייזט אויס, געשלאָפען) און געלייענט דאָס אידישע בלאַט.

קעגען דער שיין פון דער זון האָט מאַקס ערשט רעכט געקאָנט אָפּשאַצען איר שעהנקייט. די האָר אירע זענען געווען פון דעם סאָרט ברוין וואָס פאַלט אַריין סאַי אין בלאָנד און סאַי אין געל; דער קאָליר פון איר פנים און האַלז — בלענדיג ווייס. אין די באַקען זענען געשטאַנען צוויי רויטע פלעקען, ווי מ׳זעהט טיילווייז ביי שווינדזיכטיגע און אויך ביי מיידלעך וואָס זענען ערשט אַרויס פון די קינדישע שיכלעך. צירעלע האָט איצט אויסגעזעהן יונגער ווי נעכטען באַנאַכט. ווען זי האָט דערזעהן מאַקס׳ן, האָבען די גרויסע בלויע אויגען זיך צעשמייכעלט אויף אַ רגע מיט דעם סאָרט שטראַליגער פרייד וואָס איז אייגען בלויז פאַר דעם ווייבערשען מין. אָבער גלייך זענען זיי געוואָרען ערנסט.

צירעלע האָט זיך עפּעס ווי אַ רוק געטאָן אויף צוריק. זי האָט געטראָגען איבער׳ן קלייד אַ שוואַרץ ריפּסען שירצל ווי אַ שילערין.

מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— דערשרעקט אייך נישט, צירעלע. כ׳על אייך ניש׳ טאָן קאַ׳ שלעכטס. כ׳בין אַריין אין דער קאָנדיטאָריי דאָ, אין נומער אַכט, ווי הייסט ער? — חיים קאָוויאַרניק — און כ׳האָב דערזעהן אייער ברודערל אויפ׳ן באַלקאָן. ער איז ענהליך צו אייך ווי צוויי טראָפּען וואַסער.

צירעלע האָט אָוועקגעלייגט די צייטונג אויף די קני.

— ער איז היינט ניש׳ געגאַנגען אין חדר אַריין. ס׳איז אַ „גאַלאָוועקע“.

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

— דעם קייסער׳ס אַ פעטער איז געבוירען געוואָרען, אָדער אַן אַנדער שאַלמויז. ער געהט אין אַ כשר חדר און דאָרט האַלט מען אַלע חגאות...

מאַקס האָט רעכט נישט באַנומען וואָס זי זאָגט, אָבער דאָס קול איר׳ס האָט אים באַרוישט. ס׳איז געווען אין איר שטים די אייגענע הייזעריגליכקייט ווי ביי איר פאָטער, דעם טייערען איד, אָבער ס׳האָט אויך געהאַט אַ קלימפּערניש ווי פון אַ גלעקעל. די ליפּען איר האָבען זיך פאַרשאַרצט און ס׳האָט זיך געוויזען די ווייסקייט פון אירע ציין.

פריש ווי אַ וואַרימע בולקע, — האָט מאַקס גערעדט אין זיך. — זי האָט יענעם חן... ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צוצולויפען צו איר, זי אַ כאַפּ צו טאָן אין די אָרעמס, צודריקען מיט׳ן גאַנצען כוח, זי ערגיץ אַוועקטראָגען, וואו ער וואָלט געקאָנט בלייבען מיט איר אַליין, זיך אָנזעטיגען מיט איר לייב, זיך אָנטרינקען מיט איר זאַפט. אָבער ער האָט דערביי געוואוסט אַז ער מוז זיך צוימען. זי איז דעם טייערען איד׳ס טאָכטער. איר ברודערל איז אין דער היים. ער האָט געזאָגט:

— כ׳וויל מיט אייך עפּעס רעדען. כ׳מיין בלויז אייער גוטס.

— האַ? די מאַמע איז נישט אין דער היים. כ׳מוז באַלד צוגרייטען מיטאָג.

— אפשר ווילט איר געהן מיט מיר עסען מיטאָג? איכ׳ל אייך נעמען אין אַ כשר׳ער — ווי הייסט עס? — רעסטאָראַציע. כ׳וויל מיט אייך רעדען.

— וואָס ווילט איר מיט מיר רעדען? מער פעהלט מיר נישט, נאָר צו געהן מיט אייך אין גאַס. דאָ איז ווי אַ קליין שטעטל. נאָך ערגער. דאָ ווייסט מען וואָס ס׳קאָכט זיך ביי יענעם אין טעפּל. מיין מאַמע —

און צירעלע האָט זיך אָפּגעהאַקט. זי האָט געקוקט אויף אים זייטיג, נייגעריג, האַלב־דערשראָקען. זי האָט געזאָגט:

— כ׳האָב נאָך ס׳געלט וואָס עס איז מיר געבליבען אַ רעשט פון נעכטען, אויב איר ווילט עס —

און צירעלע האָט זיך געטאָן אַ בויג ווי אַרויסצונעמען דאָס געלט פון זאַק. מאַקס האָט געקוקט אויף איר אַ פאַרבליפטער.

— כ׳וויל נישט אייער געלט. פאַרקערט, כ׳וויל אייך צוגעבען נאָך. אפשר קאָנען מיר זיך טרעפען ערגיץ אין גאַס. ווי הייסט דאָרט דער גאָרטען, וואו מ׳לאָזט נישט אַריין קיין אידען?

— דער זאַקסישער גאָרטען? מ׳לאָזט אַריין אידען, נאָר קורץ־געקליידטע. אַ מיידל מוז טראָגען אַ הוט.

— יאָ, דאָרט.

— כ׳האָב נישט קיין הוט. מיין טאַטע —

— איכ׳ל אייך קויפען אַ הוט.

צירעלע האָט געקוקט אויף אים פאָרווירט, קרום, מיט חשד.

— וואָס וואָלטען מענטשען געזאָגט? דעם מורה הוראה׳ס טאָכטער! מ׳וואָלט אַרויסגעטריבען דעם טאַטען פון וואַרשע.

און צירעלע האָט געטאָן אַ שמייכעל און אַ וואונק. מאַקס האָט געמאַכט אַ טריט נעהענטער.

— מ׳קען נישט אייער טאַטען אין גאַנץ וואַרשע. אפשר דאָ אין גאַס. איר קומט אַרויס אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע און קיינער ווייסט נישט ווער איר זענט. מיר׳ן אַריינגעהן אין אַ געשעפט און אייך קויפען דעם שענסטען הוט פון גאַנץ וואַרשע. דערנאָך וועלען מיר איינזיצען אין אַ דראָשקע און פאָרען —

— פאָרען? וואוהין? — האָט צירעלע געפרעגט מיט דעם טאָן פון אַ קליין מיידעלע וואָס מ׳זאָגט איר צו דערוואַקסענע גליקען.

— אַ, צום גאָרטען, אָדער ווייט אַראָפּ מיט דער נייע וועלט. כ׳האָב שוין פאַרגעסען ווי די אַוועניודאַ הייסט. עפּעס מיט ירושלים.

— די ירושאַלימער אַלעע?

— יאָ, דאָרט.

— אַ, כ׳דאַרף צוגרייטען מיטאָג. די מאַמע איז געגאַנגען אין נומער 12. זי האָט דאָרט אַ אידענע, אַ חבר׳טאָרין. זיי רעדען פון פּראָמקייט. צוויי אַזייגער עסט מען ביי אונז מיטאָג. מיין ברודערל, משה, קומט פון חדר און —

— לאָמיר זיך טרעפען נאָך מיטאָג.

— וואו? אַז כ׳געה ערגיץ מוז איך זאָגען וואו. די מאַמע איז נערוועזיש. זי נעמט איבערקלערען און קריגט ספּאַזמעס. אַז כ׳געה אַראָפּ אויף אַ שעה, מוז איך אָפּגעבען אַ רעכענונג פון יעדען קריש, ווען נישט —

— אין אַזאַ שעהנעם טאָג מעג יעדער איינער געהן שפּאַצירען, אפילו אַ רבינ׳ס אַ טאָכטער. קומט צו צום האָטעל בריסטאָל און איכ׳ל אויף אייך וואַרטען. מיר׳ן נעמען אַ דראָשקע און קיינער וועט אונז נישט קענען. איר קענט זיין אפילו מיין טאָכטער. מיר׳ן אייך קויפען אַ הוט, שיך, וואָס איר ברויכט. מיר׳ן פאַרברענגען אַ ביסל און שפּעטער וועט איר צוריקפאָרען מיט אַ דראָשקע. אפשר ווילט איר געהן אין טעאַטער, אָדער אין דער אָפּערע? איכ׳ל קויפען בילעטען אויף דער ערשטער באַנק —

צירעלע האָט אַרומגעווישט די אויבערשטע ליפּ מיט אַ שפּיצל צונג.

— פון טעאַטער קומט מען אַהיים צוועלף אַזייגער באַנאַכט. זיי וואָלטען געמיינט מ׳האָט מיך אויפגעכאַפּט, אָדער וואָס. די מאַמע וואָלט אויסגעגאַנגען פון שרעק. דער טאַטע —

— איר מוזט נישט געהן אין אַ טעאַטער. מיר קאָנען אַריינגעהן אין אַ צוקערניע, אָדער פאָרען איבער דער פּראַגער בריק. כ׳האָב נעכטען געהערט ווי איר האָט גערעדט און כ׳האָב געזעהן אַז איר זענט נישט קיין יאַלדעווקע. איר פאַרשטעהט ס׳לעבען, אָבער אייערע עלטערען זענען — פאַנאַטיש. זיי וועלען אייך חתונה מאַכען מיט אַ שמאַגעגע און אייך אָפּגאָלען דעם קאָפּ. מ׳עט אייך אָנטאָן אַ שייטל פון זיידענע פּעדים און איר׳ט האָבען אַ פולע שטוב מיט פאַרשמאַדערטע קינדער —

צירעלע איז געוואָרען ערנסט.

— יאָ, ס׳איז אמת, אָבער —

— וואָס אָבער? קומט־צו נאָך מיטאָג צום האָטעל בריסטאָל. אויב איר האָט מורא אַרויפצוגעהן צו מיר אין דער הויך, וועל איך וואַרטען אויף אייך אינדרויסען. כ׳בין נישט קיין אָרימאַן. כ׳האָב געלט. מיין ווייב איז געשטאָרבען. כ׳האָב, ווי מ׳זאָגט, נישט קיין קינד און נישט קיין רינד. כ׳וויל זיין גוט, אָבער מ׳דאַרף האָבען צו וועמען —

האָט מאַקס גערעדט, מיטגעריסען פון די אייגענע ווערטער.

מאַקס האָט אַליין נישט געוואוסט, צי דאָס פּראָבירט ער אַזוי פאַרפירען די מויד, דעם טייערען איד׳ס יפה־פיה, אָדער ער וויל טאַקע טיילען מיט איר זיין לעבען. אַ גרויסער דאָקטאָר אין בערלין, אַ פּסיכיאַטער, וואָס קאָן אידיש, האָט אים געהאַט געזאָגט, אַז די בעסטע רפואה אין זיין לאַגע איז זיך צו פאַרליבען אין עמיצען אויף אַן אמת. די ליבע צו ראַשעל׳ן איז געהאַט ביי אים אויסגערונען צוליב דער טראַגעדיע מיט אַרטוראָ׳ן. די צייט ווען ער, מאַקס, האָט ליב געהאַט יעדע נקבה איז געהאַט אַריבער. מיט איר וואָלט איך ווידער געוואָרען אַ מאַנסביל, האָט מאַקס געטראַכט, נישט זיכער צי ער איז טאַקע איבערגעצייגט דעריז, אָדער ער וויל זיך אַליין איינרעדען אַז ס׳איז אַזוי.

צירעלע האָט מיט אַ צעגערניש אָוועקגעלייגט דאָס בלאַט אויף די קני.

— כ׳האָב מורא. עמיץ קאָן מיך דערזעהן.

— קיינער וועט אייך נישט זעהן.

— וואָס וועל איך טאָן מיט׳ן הוט, אַז כ׳על קומען אַהיים? זיי וועלן פרעגען פון וואַנען כ׳האָב אים.

— האַ? איכ׳ל רעדען מיט דיינע עלטערען. כ׳על זיי זאָגען אַז כ׳וויל מיט דיר חתונה האָבען — האָט מאַקס געזאָגט. ס׳איז געווען ווי אַ דיבוק וואָלט פון אים אַרויסגערעדט.

צירעלע האָט געוואָרפען אַ בליק צו דער טיר.

— אוי, ווי איר רעדט!

— כ׳בין עלטער פון דיר מיט אַ צוואַנציג יאָר — האָט ער זי מיטאַמאָל גענומען „דוצען“ — אָבער כ׳בין נאָך נישט קיין אַלטער מאַן. מיר וואָלטען געמאַכט צוזאַמען אַ רייזע איבער דער וועלט. כ׳וואָלט דיר צוגענומען אַ לעהרער, נישט עפּעס אַ לעהרערל וואָס קריגט צוואַנציג קאָפּיקעס, נאָר אַ פּראָפעסאָר און ער וואָלט דיך געלערענט רוסיש, דייטש, פראַנצויזיש, אַלץ. איך אַליין וויל זיך אויך לערנען. ווי זאָגט מען דאָס: בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל נישט. געלט האָב איך, דאַנקען גאָט, גענוג. מיר וואָלטען געפאָרען קיין פּאַריז, לאָנדאָן, ניו יאָרק. דו ביסט נישט קיין מיידל פון הינטער׳ן אויוון. כ׳האָב געטאָן איין קוק אויף דיר און גלייך געזעהן וואָס דו ביסט —

די קאָלירען אין צירעלע׳ס פנים האָבען זיך געביטען אויסטערליש גיך. אַ שרעק האָט זיך געוויזען אין אירע אויגען און די צעשויבערטקייט פון עמיצען וואָס האָט אַ דראַנג צו רעדען, נאָר מוז זיך צוימען. דאָ האָט זי פאַרריכט דעם פלעכט מיט דער רעכטער האַנט און דאָ מיט דער לינקער. די הענט אירע זענען געווען קליין, ווייס ווי ביי איר פאָטער. זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— כ׳בעט אייך, עמיץ קאָן קומען און זיך אונטערהערען.

— וויפיל אַזייגער וועסטו קומען? — האָט מאַקס געפרעגט, שוין זיכער אַז זי וועט קומען.

צירעלע׳ס אויגען זענען געוואָרען פול מיט פרעגעניש.

— פיר אַזייגער?

— יאָ, פיר אַזייגער.

— ביים האָטעל בריסטאָל?

— יאָ, דאָרט.

— אפשר אַקעגענאיבער?

— זאָל זיין אַקעגענאיבער.

— כ׳על קומען, אָבער... כ׳על מוזען שפּעטער געהן אַהיים... אַ דראָשקע איז נישט גוט... דאָ אין אַ דראָשקע פאָרט מען בלויז מיט פעקלעך... מ׳באַרעדט מיך שוין סאַי־ווי־סאַי... איר׳ט קיינמאָל נישט וויסען וויפל... מ׳האָט מיך געצוואונגען... קעגען מיין נאַטור... כ׳האָב געטאָן איין קוק און... בעסער שטאַרבען!... גאַנץ איינפאַך...

— יאָ, כ׳פאַרשטעה.

— עמיץ האָט אייך דערצעהלט?

— יאָ... ניין... כ׳האָב געגעסן פרישטיק ביי דעם חיים קאָוויאַרניק —

— אַ, דערצעהלט נישט קיינעם. ווען עמיץ זאָל זיך דערוויסען, וואָלט געוואָרען אַזאַ געריידע, אַז — —

— וועמען וועל איך דערצעהלען? כ׳קען דאָ נישט קיינעם. אויב וועסט וועלען, וועל איך רעדען מיט דיינע עלטערען.

— זיי וואָלטן קיינמאָל נישט —

און צירעלע האָט זיך אָפּגעהאַקט.

— מ׳קאָן נישט וויסען. זיי האָבען פאַר דיר נישט קיין נדן און די אַלע ישיבה־בחורים מוז מען געבען קעסט און אַלץ מיט־אַנאַנדער. כ׳בין שוין לאַנג פון דאַנען, אָבער כ׳געדענק, מ׳עפענט ווידער אַ געוועלבל און נאָך אַ געוועלבל. ווער ס׳האָט אַ האַנט און אַ פוס אַנטלויפט קיין אַמעריקע... איז דאָ געווען אַ פּאָגראָם?

— אַ פּאָגראָם? ניין. אָבער מ׳האָט געשאָסען מענטשען... דאָ אַליין אין דעם הויף איז געווען אַ בחור וואָווע. די מוטער זיינע איז אַן אַלמנה. ער איז אַוועק מיט דער דעמאָנסטראַציע און ער איז מער נישט צוריקגעקומען קאַ׳ לעבעדיגער —

— ביסט געווען פאַרליבט אין אים, האַ?

— ניין, אָבער — —

— נו, איכ׳ל געהן. געדענק: פיר אַזייגער אַקעגען האָטעל בריסטאָל.

— יאָ פיר אַזייגער.

מאַקס איז שוין געווען גרייט זיך צו געזעגענען ווי די טיר פון דער אַנדערער שטוב, דאָרט וואו מ׳דאַוונט, האָט זיך אויפגעפּראַלט און ס׳איז אַריינגעלאָפען דאָס אינגל מיט די רויטע פּאות. ער איז אַריין מיט אַן אימפּעט, אַפנים גרייט עפּעס צו דערצעהלען. דערזעהן מאַקס׳ן, האָט ער זיך געטאָן אַ רוק אויף צוריק. ער האָט אַ רוף געטאָן:

— אַ, ער האָט גערעדט צו מיר אויפ׳ן באַלקאָן!

און אָנגעוויזען מיט אַ פינגער.

מאַקס האָט זיך אין אים איינגעקוקט. ער האָט שוין געהאַט פאַר־

(שלוס אויף זייט 3)

# שוים

פון
## י. וואַרשאַווסקי

(שלוס פון זייט 2)

געסען אין די יאָרען אין אויסלאַנד ווי אַזוי אידישע קינדער זענען אָנגעטאָן אין פוילען. ער האָט געטראָגען אַ סאַמעטען היטעלע, צעקנוידערט, פאַרפעדערט און מיט דאשיק אָן אַ זייט. דאָס פּנים זיינס, אַזוי ווייס ווי ביי דער שוועסטער, איז געווען אויסגעשמירט. אין כאַלאַטל האָט אָן איינציגער קנאָפּ זיך געבאַמבעלט אויף אַ פאָדים. די שטיוועלעך זענען געווען געלאַטעט און ס׳האָבן אַרויסגעקוקט די פינגער. דער טלית־קטן האָט געהאַנגען עפּעס ווי קרום און מיט איין ציצה העכער פון דער אַנדערער. מאַקס האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט געניטשאַפּט.

דאָס אינגעלע האָט זיך, ווייזט אויס, פאַרשעהמט מיט זיין הילוך, ווייל ער האָט געפרואווט אין איילעניש אַריינשטופּען דאָס העמד אין די צייגענע הייזלעך.

צירעלע האָט זיך אויפגעריסען פון אָרט.

— טוה נאָר אַ קוק ווי דו זעהסט אויס! מ׳טוט אים אָן אַ פרישׁ העמד, אָבער באַלד ווערט עס שוואַרץ ווי די ערד — האָט זי זיך פאַרענטפערט פאַר מאַקס׳ן. — ער וואַלגערט זיך אַרום אין אַלע מיסטען...

— נו, ס׳מאַכט נישט אויס. אַ קינד איז אַ קינד — האָט מאַקס אים פאַרענטפערט. — ווי, האָסטו געזאָגט, הייסטו?

— איטשעלע.

— איטשעלע, האַ? אין חדר געהסטו?

— היינט נישט.

— וואָס לערנסטו, חומש?

— חומש, רשי, גמרא.

— וואָס׳ער סדרה געהט היינט, האַ?

— שלח.

מאַקס האָט געשוויגען אַ ווייל. ער האָט געהאַט אַמאָל געלערענט, אָבער ער האָט אַלץ פאַרגעסען. דאָס וואָרט שלח האָט עפּעס אין אים אויפגערודערט. כ׳מוז צופאָרען קיין ראַשקעוו! — האָט ער זיך געוואָרענט. ער האָט אַ פרעג געטאָן.

— געלט האָסטו ליב?

איטשעלע האָט אַ שמייכל געטאָן פאַרשעהמט, שלוי.

— יאָ.

— נאַדיר אַ פערציגער.

איטשעלע האָט אויסגעשטרעקט די האַנט. צירעלע האָט פאַרצויגען די ברעמען.

— גיט אים נישט! וואָס טויג אים געלט? ער׳ט זיך אָנקייפען נאַשוואַרג און דערפון קריגען ווערים אין בויך...

— כ׳על ניש׳ קריגען קאַ׳ ווערים...

— נאַ, נעם. קויף דיר וואָס דו ווילסט, און דערצעהל נישט די מאַמע׳ן. וועסט נישט דערצעהלען, האַ?

— ניין.

— זאָג נישט אַז ס׳איז דאָ עמיץ געווען. געה און קויף דיר וואָס דו ווילסט. איך הייס מאַקס.

— מאַקס? דאָס איז ניש׳ קאַ׳ אידישער נאָמען.

— מיין אמת׳ער נאָמען איז מרדכי, אָבער אין אַמעריקע ווערט פון מרדכי — מאַקס.

— דו וואוינסט אין אַמעריקע?

— וואָס איז דאָס פאַר׳אַ „דו“?

— האָט צירל זיך געבייזערט. — צו אַן עלטערען מענטש זאָגט מען „איר“.

— כ׳האָ׳ פאַרגעסען.

— ס׳מאַכט נישט אויס. קאָנסט מיר זאָגען דו. איר אויך, צירעלע. אַזוי ווי כ׳בין נעכטען אַריינגעקומען צו אייך אין שטוב, איז מיר גלייך געוואָרען היימיש. ווי כ׳וואָלט ווידער אַריין צו מיינע טאַטע־מאַמע, רוהען זאָלען זיי אין גן־עדן. כ׳בין געגאַנגען אין חדר און אַלדאָס איבעריגע. כ׳האָב געהאַט אַ רבי׳ן און מ׳האָט אים גערופען שעפּסעלע באַנאַק. כ׳ווייס אַליין נישט צי ער האָט אַזוי געסייסן, אָבער מען האָט אים געגעבען אַזאַ צונאָמען. אין ראַשקעוו האָט יעדער איינער געהאַט אַ צונאָמען; בערעלע קאָזע, פייוועלע קראַצמיך, הערשעלע קוגל. איינעם האָט מען גערופען: זיינוועלע דער קישקע־פרעסער. וואָס וועסטו קויפען פאַר דעם געלט, האַ?

— כ׳ווייס נאָך נישט.

— ער׳ט אוודאי אַלץ אויסגעבען אויף צוקערלעך. ער איז אַ שרעקליכער נאַשער. ער עסט זיך אָן מיט דעם זיסוואַרג און דערפון קרישלען די ציין.

— כ׳על נישט קויפען קאַ׳ צוקערלעך.

— ניין? וואָס דען? —

— אַ גמרא בבא מציעא. כ׳קוק אַריין מיט אַ אינגל אין איין גמרא, אָבער ער ציהט די גמרא צו זיך און לאָזט מיך נישט אַריינקוקען. דערנאָך, אַז ס׳קומט צום פאַרהערען, געדענק איך נישט און דער רבי נעמט שרייען —

— אַ גמרא קאָסט נישט מער ווי צוואַנציג קאָפּיקעס?

— אַ קליין גמרא׳לע.

— נאַדיר נאָך אַ פערציגער און קויף דיר עפּעס צום נאַשען.

— ניין, דאָס איז צופיל — האָט איטשעלע אויסגעשטרעקט די האַנט.

— כ׳לעבען, איר מאַכט אים קאַליע — האָט צירעלע גע׳טענה׳ט.

— נו, איין מאָל וועט ניט שאַדן. וועסט דיר קויפען אַ גמרא און ס׳וועט דיר נאָך בלייבן, ווי מ׳זאָגט, אַ הוליע צו טאָן. אָבער דערצעהל נישט אַז איך בין דאָ געווען. איז דאָס אַ וואָרט?

— יאָ, כ׳על נישט דערצעהלען.

— אַז וועסט האַלטען וואָרט, וועל איך דיר געבען נאָך געלט. איכ׳ל געהן!

מאַקס האָט זיך אַ קער געטאָן צו דער טיר. ער האָט זיך אָנגעשטויסען אָן אַ אידענע. ס׳איז נישט געווען די רביצין. זי האָט געטראָגען אַ הוהן. זי האָט אויסגעזעהן ווי אַ מאַרק־זיצערין. מאַקס האָט געוואָרפען אַ לעצטען בליק אויף צירעלע׳ן. זי איז געשטאַנען אין מיטען שטוב און אים נאָכגעקוקט. זי האָט צו אים אַ שאָקל געטאָן מיט׳ן קאָפּ.

— נו, ס׳איז ווידער דאָ צו וואָס צו לעבען — האָט מאַקס צו זיך געזאָגט. די פוסטקייט וואָס האָט אים געפייניגט זינט דעם אומגליק מיט אַרטורא׳ן איז געהאַט אָפּגעטראָטען.

ביים טויער האָט ער זיך פאַרנומען לינקס. — וואָס קאָן ווערען דערפון? ראַשעל לעבט. כ׳בין נישט קיין אַלמן...

ער האָט זיך געלאָזט געהן מיט פאַמעלעכע טריט אין דער ריכטונג צו דער גנאַינע.

— נו, זאָל זיין וואָס ס׳וויל! — האָט ער גערעדט צו זיך אויפ׳ן קול. — אַז מ׳טרענקט זיך, כאַפּט מען זיך אָן אין אַ שטרוי...

(פאָרזעצונג מאָרגען)

# שוים

## נאָוועלע

פון
**יצחק ווארשאווסקי**

(פארזעצונג)

3

ס'האט געהאט גערעגנט און דער פורמאן האט אונטערגעהויבען דאס דעכל. מאקס האט ארומגענומען צירעלע'ן און זי געקושט. זי האט געציטערט אין זיינע הענט ווי א היהנדל. זי האט אים אפגעשטופט און זיך געווארגען. דאס פנים איר'ס איז געווארען אויסטערליש הייס. ס'איז געווען צום ערשטן מאל זינט ארטורא'ס טויט ווי ס'האט אים ארומגעכאפט א באגער צו א פרוי — איינדרייסיג, שטארק, ווי אין די בחור'ישע יארען.

— כ'האב דיך ליב, ליב! — האט ער גערעדט צו איר. — מיר'ן חתונה־האבען... דו'סט נאך זיין די מאמע פון מיינע קינדער!...

ביי צירעלע'ן האט דאס הארץ געקלאפט אזוי שטארק, אז מאקס האט זיך דערשראקען. איכ'ל אפגט'ען ראשעל'ן, האט ער ביי זיך אפגעפאסט. כ'על אוועק מיט דער צירעלע'ן קיין אפריקע, אין עק וועלט!...

די דראשקע איז געהאט צוגעקומען צו דער גנאינע און מאקס האט א רוף געטאן צום פורמאן ער זאל זיך אפשטעלען. צירעלע האט נישט געוואלט קומען אהיים אין א דראשקע. מאקס האט איר געהאט צוגעזאגט זי צו ברענגען אהיים ניין אזייגער, אבער ס'איז שוין געווען א פערטל צו צען. דער רעגען האט שוין געהאט אויפגעהערט. דער נאסער ברוק האט געלויכטען מיט אלע זיינע שטיינער, אפגעשפיגעלט די גאז־לאמטערן. א קיהל ווינטל האט געבלאזען פון ערגיץ.

מאקס האט געטאן צירעלע'ן א לעצטען קוש און דער פורמאן האט אראפגעלאזט דאס דעכל. מאקס האט אים באצאלט און געהאלפען צירעלע'ן אויסשטייגען. ער האט א זאג געטאן:

— כ'וועל זיין מארגען ביי אייך אין שטוב. כ'על רעדען צו דיינע עלטערען קלארע דיבורים...

— א, כ'האב אזוי מורא!... וואס זאל איך זאגען איצט? זיי זוכען מיך שוין ארום...

— זאג וואס דו ווילסט. קאנסט אפילו דערצעהלען, אז ביסט געווען מיט מיר. מיר וועלען חתונה האבען סאי־ווי־סאי...

— זיי קאנען אמאל נישט וועלען... איר האט נישט קיין בארד...

— בעסער א איד אהן א בארד, ווי א בארד אהן א איד — האט מאקס ציטירט א קופלעט פון אידישען טעאטער. נאך א ווייל האט ער צוגעגעבען:

— אויב זיי וועלען נישט באשטעהן, וועלען מיר אנטלויפען...

ער איז געשטאנען און נאכגעקוקט ווי זי דרעהט זיך אריין אין דער קראכמאלנע. זי האט אומגעקערט דאס פנים און אים צוגעווארפען א בליק פול מיט שרעק, פול מיט ליבשאפט. ער האט אפגעווארט א פאר מינוט. ניין, די דאזיגע נסיעה איז נישט געווען אומזיסט. ער איז ווידער א מאנסביל. א יונג מיידל האט אים ליב, איז גרייט צו ווערען זיין ווייב. א כשר'ע בתולה, דעם טייערען איד'ס טאכטער... ס'האט מער נישט גערעגענט. אבער די לופט איז געבליבען קיהל, פייכט, נעפלדיג. פון צווישען די אנגערויטעלטע וואלקענס האט אפערגעבליקט א פעניצל לבנה.

מאקס באראבאנדער האט איינגעאטעמט טיף. נו, דער קריזיס איז אריבער. ווי אזוי איז דאס געשעהן, הא? אלץ דערפאר ווייל ער איז נעכטען אריין אין דער ביר־שענק נומער 17. וואלט ער אריין אין דער קנייפע נומער 6, צום בלינדען מאיר, וואלט ער איצט נישט געוואוסט פון קיין צירעלע'ן, אוודאי צום ווי־פעלטען מאל אויסגעפרואווט די כוחות מיט עפעס א נפקא, דורכגעפאלען מיט א קנאק. הייסט עס, ס'איז דא א גאט וואס טוט אכטונג אויף יעדען איינעם?

א ווייל האט מאקס געקלערט וועגען אומקערען זיך אין האטעל, אבער ניין, ס'איז צו־פריה פאר אים צו געהן שלאפען. ער האט זיך דערמאנט אן דער בעקערין אסתר און אין איר איינלאדונג. ס'איז גענוי די ריכטיגע צייט. דאס טויער איז נאך אפען. מאקס האט זיך געלאזט שפאנען מיט ברייטע שפרייזען. פון איצט אן וועט אלץ געהן מזל'דיג...

ער איז צוגעקומען צום נומער 15 און געכאפט א בליק אין דעם מורה הוראה'ס פענסטער אויפ'ן ערשטען שטאק. ס'איז דארט ליכטיג. צירעלע איז שוין אוודאי אין דער היים. ער האט צוגעשטעלט צוויי פינגער צום מויל, איר געשיקט אין געדאנק א קוש. זי איז גענוי וואס ער דארף: יונג, שעהן, נישט צו־שלוי, נישט פאנאטיש... ניש־קשה, דער טייערער איד וועט איינוויליגען. מיט א מיידל וואס פרואווט אראפשפרינגען פון באלקאן קאן מען נישט זיין קיין קאזאק...

מאקס איז פארביי דעם טויער און גלייך דערשפירט די ריחות פון דער בעקעריי: קימל, מאהן, פרישע בייגעל, זויערטייג. ער האט אויך דערזעהן די בעקעריי — אין א קעלער, אראפצוגעהן מיט טרעפ. ער האט זיך אנגעבויגען, אריינגעקוקט. א שיבער האט מיט א לאפאטע גערוקט געבעקס. אין מיטען שטוב איז געשטאנען א קעסל מיט הייס וואסער און א פארשוין אין די בלויזע גאטקעס, בארוועס, מיט א פאפירענעם שקארמיץ אויפ'ן קאפ, האט אריינגעווארפען רויע בייגעל. ביי א ריזיגער מולטער, וואס האט זיך געצויגען פון וואנט צו וואנט, האבען האלב־נאקעטע יונגען געקנעטעט א טייג, געשריגען איינער צום אנדערען, געלאכט. מאקס'ן האבען זיך דערמאנט די מעשיות וואס ער האט געהערט אינגעלווייז פון גיהנום, וואו די רשעים צינדען־אן די אייגענע פייערען זיך צו פרעגלען און בראטען פאר די זינד...

מאקס האט זיך אויסגעגלייכט און דערזעהן א ווייסען פארשוין מיט א ברעט אויפ'ן אקסעל, באלייגט מיט טייגענע לאבענס. מאקס האט א פרעג געטאן:

— וואו וואוינט דא דער בעקער?

— אט דא אויפ'ן צווייטען שטאק...

יא, ס'איז ליכטיג אין די פענסטער. מאקס האט זיך געלאזט ארויפגעהן מיט די טונקעלע טרעפ, באלויכטען מיט א פיצעלע נאפט־לעמפעלע, דאס גלעזל שווארץ פון רוס. ער האט פארשפארט אנצוקלאפען. די טיר איז געשטאנען אפען. ער האט דערהערט רייד, געלעכטער, א קלימפערניש פון געשיר. ער איז פארביי דאס פירהויז און איז אריין אין א שטוב, וואו דריי פרויען זענען געזעסען ביי א טיש און געגעסען א שפעט נאכטמאל. איינע האט געביסען פון א וואורשטל, די אנדערע האט געטרונקען טעה מיט איינגעמאכטס, די דריטע האט אנגעשמירט מושטארדע אויף א זעמל מיט אויפשניט. אלע דריי האבען גערעדט. זיי זענען געווען אזוי פארטאן, אז זיי האבען נישט דערהערט מאקס'עס טריט.

מאקס איז געשטאנען א ווייל ביי דער טיר און זיי באטראכט. ער האט נישט בלויז דערקענט אסתר'ן נאר אויך זיך אריענטירט ווער ס'איז די שוועסטער און ווער — די טאכטער. ס'האט אלץ געדויערט נישט מער ווי עטליכע סעקונדען. מאקס האט געטאן א הוסטל. אלע דריי פרויען האבען זיך אומגעקוקט מיט־אמאל. אסתר האט אוועקגעשטעלט דאס גלאז אויפ'ן טעצל.

— מאמעלעך, ער איז דאך דא!

און זי האט זיך געטאן א הויב־אויף. זי האט א רוף געטאן:

— כ'הא' שוין געמיינט עטץ ניש' קומען!...

און זי האט געטאן א פאטש מיט די הענט.

ס'האט נישט געדויערט קיין מינוט ווי מאקס איז געזעסען ביים טיש. די בעקערין האט אים פארגעשטעלט. מ'האט שוין דא גערעדט וועגען אים. מ'האט שוין געוואוסט אין גאס פון זיין וויזיט ביי דעם טייערען איד. צירעלע איז גערעכט: די קראכמאלנע איז ווי א קליין שטעטל.

אסתר האט גענומען פאדיען ארום אים. וואס וויל ער? הייסע בייגעל מיט צווארעך? זעמל מיט לעבער אדער ברוסט? ברויט מיט שמאלץ־הערינג און געהאקטער מילטש? נו, און וואס וועט ער טרינקען, טעה, קאווע, באווארקע? מאקס האט געהאט געגעסען מיט צירעלע'ן א נאכטמאל אין א וואורשטען־האנדעל, אבער ער האט גלייך באקומען אן אפעטיט. אסתר איז אוועק אין קיך און מאקס האט זיך צעשמועסט מיט די צוויי געבליבענע פרויען.

אסתר'ס איינגערע שוועסטער האט אויסגעזעהן ווי אסתר, כאטש העלער פון יענער, מיט א העכערען בוזעם און ברייטערע אקסלען. אסתר האט פארקעמט די האר מיט א גרעקל פון הינטען, אבער יענע האט געקעמט די האר ארויף, און אויבען מיט א הויכען פלעכט, ווי א ראש־השנה'דיגער ראדיש. שמואל סמעטענע האט געהאט דערמאנט, אז אסתר'ס שוועסטער איז א שעהנהייט, אבער מאקס'ן איז בעסער געפעלען די עלטערע.

די טאכטער איז, ווייזט־אויס, געראטען אין פאטער: הויך, דיק, בלאנד, פון דעם טיפ וואס מ'האט גערופען אויף דער קראכמאלנע: א מויד א צימעס. זי האט געלאכט הויך און קלינגענדיג. זי האט געקייעט אויף ביידע באקען. ס'האט איר שוין באצייטענס נאכגעהאנגען א טאפל־קיהן. אין א פאר יאר ארום וועט זי זיך צעגיסען ווי א מיירע, האט מאקס צו זיך געזאגט.

אסתר איז אריין מיט א פלאש בראנפען אויף א טאץ און מיט גלעזעלעך. זי האט א זאג געטאן:

— מיר זענען ניש' קא' שיכורים, אבער לכבוד דעם גאסט וועלן מיר נעמען צוביסלעך...

אז ס'געהט, געהט מיט אלעמען, האט מאקס געטראכט. ס'איז אים איינגעפאלען, אז ער האט נישט געטארט קומען מיט ליידיגע הענט. ער האט געדארפט ברענגען מיט זיך א מתנה: ליקער, א באנבאניערע אדער וואס ס'זאל נישט זיין, אבער ער האט פארגעסען אן דער איינלאדונג. נו, ס'איז קיינמאל נישט צושפעט.

דער שמועס איז גלייך אריבער וועגען דעם טייערען איד, שמואל סמעטענע, דער שענק אין נומער 17.

אסתר האט א זאג געטאן וועגען שמואל סמעטענע:

— ער איז אלץ אין דער קארט, אבער ר'האט ליב צו טאן א טובה. אויב ער קאן קריגען געלט, הייסט ער זיך גוט באצאלען, אבער פאר אן ארימאן וועט ער טאן אומזיסט. ס'האט געפעהלט א האר מ'זאל דעם טייערען איד אוועקשלעפען אין צירקעל...

— ער האט א ווייב, קינדער?

— ר'האט א ווייב, קינדער, אבער בלויז אויף שבת — האט אסתר'ס שוועסטער, צילע, זיך אנגערופען. — א גאנצע וואך זעהט מען אים נישט אין דער היים.

— ער שלעפט זיך ארום מיט נקבות?

— איינע און א גוטע.

— מיר מעגען עס אלע דריי פארדינען יעדען טאג וויפל ער פארשפילט אין א וואך אין קארטען — האט אסתר אריינגעווארפען.

— וואו שפילט מען דא?

— ס'איז דא פאראן א מלונה אין נומער עלף. נישט איין צלאפ האט דארט פארשפילט דעם נדן.

— אין וואס שפילט מען, אין אקע?

— אין אקע, אין באנק, אין זעקס און זעכציג, אין א טויזענט, וואס איר ווילט. אנומעלט איז איינער געקומען מיט מארקירטע קארטען. ער האט אלעמען אפגעדאצט, אבער אז ס'איז געקומען צום אוועקגעהן האט מען אים אונטערגעהאקט די זייטען. אוועק איז ער נישט אליין, נאר מיט'ן קעטשל פון דער פאגאטאוויע (אמבולאנס).

— די מליצים שווייגען, הא?

— זיי קריגען א חלק פון יעדער סטאווקע...

מאקס באראבאנדער האט די לעצטע יארען זיך געהאט דערווייטערט פון די אלטע גוטע ברידער. ער האט זיך געהאט ארויסגעצויגען אין א נייער געגענט. זיך נישט געוויזען צווישען די לייט פון דער אונטערוועלט, זייערע רעסטאראנען, קאפעען, קלייזלעך. ראשעל האט באקומען די אמביציע צו ווערען א גראנד־דאמע. ארטורא האט שטודירט מיט די זיהנדלעך פון די שפאנישע יחסנים. מאקס האט געשפילט ביי א געלעגענהייט אין דער קאסינא אין מאר דעל פלאטא, אבער אליין און מיט א מאס. ער האט געהאט איינגעשטעלט א פאר פראנק אין מאנטע קארלא, קאן, סאן רעמא, אבער די נערוועז זיינע האבען דערפירט דערצו, אז ער האט אין אלץ פארלוירען דעם געשמאק, אפילו אין עסען. אפילו פון א גלעזל משקה האט ער נישט געקאנט פארגעסען זיין צרה.

איצט האט זיך אלץ געהאט איבערגעאנדערשט. ער האט גענומען א גלעזל בראנפען און איז געווארען האפערדיג. ער האט פארביסען מיט א ציבעלע־פלעצל און ס'האט געהאט דעם אמאליגען טעם. ער האט זיך צעשמועסט מיט די ווייבער וועגען אויסלאנד, אפגעשילדערט די שיף, וואס מיט איר איז ער געפארען, די שעהנקייט פון פאריז, די גרויסקייט פון ניו יארק, די הויך פון אייפעל־טורם, די וואלקענקראצערס. איידער ער איז אוועק פון רוסלאנד, האט אים ווארשע אויסגעוויזען ווי א ריזיגע שטאט. איצט קומט אים ווארשע פאר ווי א שטעטל.

צילע, אסתר'ס שוועסטער, האט א זאג געטאן:

— פארמאגען זאלען מיר עס אלע וויפל אזא שטעטל איז ווערט.

— הויבט זיך אן א מעשה...

נאך א ווייל האט צילע גענומען געניצען. אסתר'ס טאכטער, דאשע, האט געזאגט, אז דער מאן אירער ווארט אויף איר. מאקס האט זיך אויפגעשטעלט.

— נו, ס'איז צייט פאר מיר אויך.

— וואס איז א י י ע ר איילעניש? — האט אסתר געפרעגט. — סאידען עמיץ ווארט אויף אייך אין האטעל בריסטאל.

— ווער קאן ווארטן? די מלכה שבא?

— טא בלייבט זיצען. יאך געה

(שלוס אויף בינטעל בריף זייט)

# שזוים

(שלוס פון זייט 2)

קיינמאל נישט שלאפען פאר צוויי.

די צוויי אנדערע זענען אוועק. אסתר'ס פנים איז געווארען עלטער און שטרענגער.

— וואו איז ערגיץ אייער מאן?

— האט מאקס געפרעגט.

— ביי לאזער'ן אין שענק.

— ער טרינקט, הא?

— פארברענט זיך די קישקעס.

— ווער טוט אכטונג אויף דער בעקעריי?

— קיינער נישט. מיר'ן געקאנט געהן אין גאלד. ס'איז א נס וואס מיר ציהען ארויס די חיונה.

אסתר האט זיך געשפילט מיט'ן מעסער, באקומען א קנייטש אין שטערן. פסח איז דער בעסטער בעקער אין ווארשע. ער איז אלץ: א ברויט־בעקער, א בייגל־בעקער, א לעקעך־בעקער. ער האט בחור'ווייז פארדינט זעכציג רובל א וואך. ווען זי, אסתר, איז געווארען זיין כלה, האט מען גערעדט, אז זי איז אריין אין א שמאלץ־גרוב. די בעקעריי דא איז געווען איר טאטענ'ס. פסח האט געקאנט פארטרייבען אלע בעקערס פון דער געגענט. אבער א פאר יאר נאך דער חתונה האט ער זיך אריינגעלאזט אין ביטערען טראפען. די געזעלען טוען ווי זיי געפעלט. ער האט אראפגעווארפען פון זיך יעדען עול: פון דער טאכטער, דער בעקעריי, דער שטוב. אדער ער טרינקט, אדער ער ליגט אויף די זעק אין דער בעקעריי און כאמערט. פארשעהמט זי פאר מענטשען. ווייסט נישט פון קיין שבת און קיין יום־טוב. געהט ארום אפגעריסען און אפגעשליסען. ווען טאטע־מאמע האבען געלעבט, האט מען זי צוגערעדט צו א גט, אבער זי, אסתר, האט נישט געוואלט געבען דער טאכטער קיין שטיף־טאטע'ן. אסתר האט א פרעג געטאן:

— איר האט א ווייב מיט קינדער?

— געהאט.

— וואס איז געשען, הא?

— אוועק צום מלאך המות.

— ווי אזוי עפעס, הא?

מאקס האט גענומען דערצעהלען, האלב אמת, האלב ליגען. ארטורא'ס טויט האט ער איבערגעגעבען גענוי ווי ס'איז געשען. וועגען ראשעל'ען האט ער געזאגט, אז פון צער האט זי געקראגען א ראק. מאקס האט זיך אליין גע'חידוש'ט ווי גלאטיג די ליגענס גליטשען זיך אים אפער פון דער צונג.

אסתר האט א זאג געטאן:

— ס'איז איר אפשר ווילער אזוי.

— וואס זאל יאך טאן? געבליבען איינער אליין.

— איר זענט נאך א יונגער מענטש.

— די צרות מאכען אלט...

ער האט געהאט א חשק צו רעדען וועגען צירעלע'ן, אבער ער האט זיך אפגעהאלטען. ער האט פארריכערט א פאפיראס, געבלאזען קייקעלער רויך. וואס קומט ארויס פון געלט, ווען מ'האט נישט מיט וועמען זיך צו טיילען? אפילו ראטשילד עסט נישט מער ווי איין מיטאג. די ריוויערא איז שעהן, אז מ'קאן פגר'ן. אבער אז מ'זיצט אליין אין וואגאן, ווערט מען מיד פון קוקן.

אסתר האט געפרעגט:

— איר קאנט נישט געפינען א פרוי וואס איר זאלט אין איר גוסטירען?

— די יונגע זענען צו־יונג. די אין מיינע יארען האבען מאנען.

— פאר יעדער אלמנה וואס ס'איז דא אין ווארשע זאל יאך האבען א טוץ זעכטער.

— אז מ'נעמט אן אלמנה, שלאפט מען מיט איר טויטען מאן — האט מאקס געענטפערט, אליין נישט וויסענדיג צי דאס איז זיין אייגענער געדאנק, אדער ער האט עס ערגיץ געלייענט, אדער געהערט אין טעאטער.

ער האט זיך אויפגעהויבען און גענומען ארומשפאנען אהין און צוריק. אסתר איז אויך אויפגעשטאנען פון טיש. ער האט וואויל געוואוסט, אז אויב ער האט ליב צירעלע'ן, דארף ער זיך נישט אריינלאזען מיט דער דאזיגער בעקערין, א באבע פון אן אייניקל, אבער, ווי זאגט מען עס: ביז מ'קומט צו א גוטער שענק, דארף מען אויך א שנאפס.

ער איז צוגעגאנגען צו אסתר'ן און זי ארומגענומען ביי דער טאליע. זי האט אפילו נישט געמאכט קיין פרואוו זיך ארויסצורייסען. זי איז געשטאנען נעבען אים און אירע קני האבען זיך אנגעשפארט אונטער זיינע קני. ער האט איר א קוש געטאן אין די ליפען און זי האט געפרעגט:

— אזוי שנעל?

— אין אונזערע יארען טאר מען לאנג נישט הארען.

—ווארט, איכ'ל פארריגלען די טיר.

אזוי ווי אסתר האט ארויסגעבראכט די דאזיגע ווערטער, האט מאקס דערפילט ווי זיין חשק פאלט אפ. ס'איז געשען מיט אים דאס וואס ס'האט שוין פאסירט אזויפיל מאל. ווי נאר יענע האט איינגעוויליגט, האט עפעס איז אים גענומען זיך אפקיהלען, איינשרומפען. א בושה איז אים באפאלען און א זארג. ער האט געמאכט צום־נאר זיך און יענעם. ער האט דערבליקט דאס פלעשל בראנפען אויפ'ן טיש. ס'איז נאך געבליבען דערין א ביסל און ער האט עס אינדערגיך אריינגעגאסען אין זיך. דער אלקאהאל האט אים א שלאג געטאן צום מוח, אבער דער פחד האט זיך דערפון נישט אויסגעוועפט. ער איז געשטאנען אן אנגעלאדענער, האט אנגעשפיצט דאס געהער.

אסתר האט זיך געזוימט א סך לענגער וויפיל ס'דויערט צו פארריגלען די טיר. זי האט זיך אפשר געוואשען, זיך איבערגעטאן. ער האט געכאפט א בליק צום פענסטער ווי גרייט ארויסצושפרינגען. ער וואלט עס אפשר געטאן ווען אסתר וואלט געוואוינט פארטער, אנשטאט אויפ'ן צווייטען שטאק.

— נו, כ'בין קאפוט, קאפוט... ס'וועט אפשר געשען דאס אייגענע מיט צירעלע'ן, — האט ער געקלערט. — כ'וויל בלויז דאמאלסט ווען יענע איז נישט גרייט...

פינף מינוט זענען אריבער און אסתר האט זיך אלץ נישט געוויזען. מיטאמאל האט זי אריינגעשטעקט דעם קאפ אין דער טיר און ס'איז געווארען קלאר, אז זי האט זיך אויסגעטאן, אריין אין א שטובראק. זי האט אים געגעבען א צייכען ער זאל איר נאכגעהן, אוודאי אין שלאף־שטוב. ער האט א פאכע געטאן מיט דער האנט אז ער וועט באלד קומען צו איר. נאך א ווייל איז ער אריין אין קארידאר. ער האט באמערקט א האלב־געעפענטע טיר פון א פינסטער צימער. אסתר האט דארט געווארט אויף אים. ער איז אויף די שפיץ־פינגער צוגעגאנגען צו דער דרויסען־טיר, זיך געפלאנטערט א ווייל מיט'ן קלאפ־שלאס, ארויס. ער האט זיך געלאזט היפערען איבער די פינסטערע טרעפ.

מאקס באראבאנדער האט זיך געלאזט לויפען אין דער ריכטונג צו דער ציעפלא. דער נצחון פון דער היינטיגער נאכט האט זיך געהאט געענדיגט מיט א ביטערער מפלה...

— גאט אין הימל, ס'איז דער סוף!...

(פארזעצונג פרייטאג)

---

שאפט פון זייערע געסט, וואס זיי־ וועהטאגט און עס איז ביי אונז א פראגע צי דארפען מיר אויספאלגען די „רולס" פון אונזער שנור. איך בעט אייך זעהר מיר באלד צו ענטפערן.

מיט אויפריכטיגען דאנק,

באבע און זיידע.

---

אייער פארדרוס איז זיכער א בארעכטיגטער. אייער זוהן פארדינט אפשר נאך מער געטאדעלט צו ווערען ווי אייער שנור. ער האט ניט געטארט דערלאזען, אז זיין פרוי זאל אזוי באגרעניצען די צייט ווען איר זאלט פארברענגען מיט אייערע אייניקלעך אום צו פארהיטען, אז זיי זאלען זיך חלילה ניט אנשטעקען מיט אייער אידישען אקצענט.

עס איז אויך גאנץ נאטירליך, אז איר זאלט זיך פילען געטראפען פון אייער שנור'ס ערקלערונג, אז זי וויל ניט, אז איר זאלט קומען צו זיי ווען זיי האבען געסט, וואס זיינען „עכטע אמעריקאנער". עס קומט אויס ווי זי וואלט זיך געשעמט מיט אייך.

די איינשטעלונג פון אייער שנור איז א לעכערליכע און זיכער ניט אין אמעריקאנער גייסט. פארשיידענע פערזענליכקייטען, וואס פארנעמען דא אין לאנד גאר הויכע פאסטענס אין דער רעגירונג, אין דער וויסענשאפט און אין דער געשעפטס־וועלט, האבען זיך ערצויגען ביי אימיגראנטישע עלטערן, וואס האבען ניט גערעדט קיין גוטען ענגליש, אבער דאס האט זיי ניט געשטערט צו דערגעהן צו א הויכען שטאפעל פון ערפאלג. און אט די דערפאלגרייכע אימיגראנטען־קינדער שעמען זיך ניט מיט זייערע טאטעס און מאמעס, וואס זיינען אריבערגעקומענע פון יענער זייט ים. זיי דערמאנען ביי פארשידענע געלעגענהייטען מיט שטאלץ זייערע עלטערן, זייערע זיידעס און באבעס און זיי שטרייכען אונטער, אז זיי האבען בארייכערט זייער לעבען.

מיר האלטען, אז ווער פון אייער פאמיליע וואלט דאס באדארפט ערקלערען אייער שנור און אויך אייער זוהן און אפשר וועלען זיי איינזעהן, אז זיי זיינען אומגערעכט. אויך האלטען מיר, אז עס וואלט ראטזאם געווען, אז איר זאלט געהן זעהן די אייניקלעך, ווי אויך דעם זוהן מיט דער שנור, זאל זיין דערווייל ניט אזוי אפט ווי פריער, ווייל מיט פארפירען א ברוגז וועט איר זיך מער אפטאן ווי זיי.

# שווים

## נאָוועלע

פון
**יצחק וואַרשאַווסקי**

(פאָרזעצונג)

4

מאַקס באַראַבאַנדער האָט זיך אויסגעטאָן און זיך אַוועקגעלייגט אויפ'ן בעט, אָבער ער האָט געוואוסט פאַראויס, אַז ער וועט נישט צוטאָן קיין אויג.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער. די פענסטער זענען געשטאַנען אָפן, אָבער ס'האָט נישט אַריינגעבלאָזן קיין ווינטל. מאַקס איז געלעגן שטיל. ס'האָט אים געביסן אין נאַקן, אין די אַקסלען, אין די לענדן, אָבער ער האָט זיך נישט געקראַצט. ס'האָט אים געדורשט, אָבער ער איז נישט אַראָפּ טרינקען קיין וואַסער. פוילן, וואַרשע, די קראָכמאַלנע גאַס איז געווען זיין איינציגע האָפענונג. אָבער איצט איז מער נישט געבליבן אויף וואָס צו האָפן. דאָס צוזאַמענלעבן מיט ראַשעל'ן איז אוממעגליך. זיין מיט עמיצן אַנדערש קאָן ער אויך נישט. וואָס זשע בלייבט? ווען אַ מאַנסביל אין זיינע יאָרן קאָן נישט געניסן פון קיין פרוי, איז אַלץ אַ לאַסט: דאָס עסן, דאָס טרינקען, דאָס קליידן־זיך, דאָס רייזן איבער דער וועלט.

אין דעם שטעטל זיינעם, ראַשקעוו, איז געווען אַ יאָסעלע טומטום. ס'איז אים נישט געוואַקסן קיין באָרד. ער האָט קיינמאָל נישט חתונה־געהאַט. ער האָט געהאַט אַ גלאַטיג פנים און אַ קאָפּ געדיכטע האָר. מאַקס האָט זיך נישט איינמאָל געוואונדערט פאַרוואָס ער מאַכט נישט קיין עק. וואָס איז דער טעם פון אַזאַ לעבן?

די דאָקטוירים האָבן אַלע געזאָגט דאָס אייגענע: ער, מאַקס, ליידט נישט אויף קיין אָרגאַנישער קראַנקהייט. ס'איז אַלץ נערווען. אָבער ווען נערווען מאַכן איינעם אומבאַהאָלפן צוויי יאָר צייט, קאָן דאָס דויערן צען יאָר אויך. אויב פרישע לופט, הידראָפּאַטיע, ים־בעדער, בראָם־מעדיצינען, אַלערליי איינשפּריצונגען און איינרייבונגען העלפן נישט, — וואָס קאָן יאָ העלפן? דער בערלינער דאָקטאָר האָט געראָטן מאַקס'ן ער זאָל פּרובירן פאַרגעסן אַן זיין קראַנקהייט, זיך אַריינטאָן אין עפּעס אַנדערש. אָבער וואָס זאָל ער טאָן? פאַרשפּילן דאָס פאַרמעגן אין מאָנטע־קאַרלאָ? זיך פאַר'שיכור'ן צום טויט? ווי קאָן מען פאַרגעסן אַן ווייבערשען מין, ווען דאָס אויג זעהט און דאָס האַרץ גלוסט?

ס'איז דאָ איין אויסוועג: זעלבסטמאָרד, האָט מאַקס צו זיך גערעדט. אָבער וואָס גענוי זאָל ער טאָן? זיך דערשיסן? אַראָפּשפּרינגען פון פענסטער? אַוועק צו דער ווייסעל און זיך דערטרינקען? איינעמען סם? זיך אויפהענגען? מאַקס האָט געזעהן אין דער טונקעלקייט אַ האָקן אויפ'ן סופיט, אָבער ער האָט דערביי געוואוסט, אַז ער איז נישט גרייט צו געפינען אַ שטריק, מאַכן אַ פּעטליע, אונטערשטעלן אַ בענקל. ס'האָט אין אים געטליעט די האָפענונג. אַזוי ווי דאָס משוגעת האָט זיך אָנגעהויבן, אַזוי קאָן זיך עס אויסלאָזן. שטאַרבן איז קיינמאָל נישט צו־שפּעט. נו, און אפשר איז דאָ אַ גאָט? אפשר זענען פאַראַן מלאכים, שדים, אַ גן־עדן, אַ גיהנום? אפשר וועט ער צומאָרגענס נאָכ'ן טויט מוזן שטעהן פאַר גאָט'ס שטוהל?

ליגענדיג אַזוי אויסגעצויגן, ווי אַ געליימטער, האָט מאַקס געמאַכט אַ חשבון פון זיינע יאָרן. דער טאַטע זיינער איז געווען אַ פרומער איד, אַ בעל־עגלה, אַוועקגעגעבן די לעצטע גראָשענס אַז ער, מרדכי, אָדער מאָטל, זאָל געהן אין חדר, אָבער ס'האָט אים קיינמאָל צום לערנען נישט געצויגן. ער האָט אָפּגענאַרט מיט'ן דאַווענען, געשפּילט שבת אין קנעפּ, אפילו זיך אָנגעהאַנגען אויף אַ וואָגן. ס'האָט אים פריה אָנגעהויבן ציהען צו מיידן, צו קאַרטן, צו פערד, צו געשלעגן מיט שקצים און אידישע יונגען. ער האָט געקראָגן אַ נאָמען אין ראַשקעוו פאַר אַ ווילצער, אַ שטיקל־אַפּטרער, אַ חמור־אייזל. צו פופצן יאָר איז ער שוין אַוועק צו דער שיקסע יאַנדאַ, וואָס האָט געשמונצט אין שייער. ער האָט געגנב'עט ביי פויערים און אידן. דער פאָטער האָט אים אַריינגעגעבן צו אַ שניידער, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו שניידעריי. ביי דער ערשטער געלעגנהייט איז ער אַוועק קיין וואַרשע.

פאָרט, ער איז נישט געבליבן פאַרגרעבט. ער האָט זיך געהאַט אויסגעלערנט לייענען מעשה־ביכלעך און, שפּעטער, אידישע צייטונגען. ער האָט געלייענט שמר'ן, אייזיק מאיר דיק, אַלערליי קאַלענדאַרן, אפילו אַזוינע שרייבער ווי לינעצקי, מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, הערמאַלין, זייפערט. ער האָט געדענקט אומצאָליגע וויצן און אַנעקדאָטן, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פון קאָמי־וואָיאַזשאָרן, גנבים, פּאַסערס, אָנגעשטעלטע אין געשעפטן. ער איז געוואָרן אַ מאַדים אין פאַרפירן ווייבער, מיידן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעלערנט שרייבן אַ בריוו אָהן גרייזן, אָבער ער האָט געהאַט אַ געשליפענע צונג אין אידיש, פויליש, רוסיש און שפּעטער אין שפּאַניש. ער האָט ליב געהאַט אָפּערע, טעאַטער, צירק, באַלעט.

גאָט אין הימל, ער האָט אָפּגעהאַלטן נצחונות וואָס ער האָט זיך נישט געקאָנט באַריהמען מיט זיי, ווייל מ'וואָלט אים געהאַלטן פאַר אַ ליגנער. ער האָט געהאַט פאַר געליבטע כאָר־זינגערינס אין דער אָפּערע, קאַבאַרעט־טענצערינס, אפילו אַן אַקטריסע וואָס האָט געשפּילט הויפּט־ראָלען אין מוראַנאָווער טעאַטער.

אין אַרגענטינע האָט ער אַ צייט זיך דערנעהענטערט צו די אייגנטימער פון שאַנד־הייזער. ער האָט טאַקע אין דער דאָזיגער סביבה זיך באַגעגנט מיט ראַשעל'ן. אָבער ער איז נישט געבליבן שטעקן אין געמוזעכץ, נאָר געפּרואווט זיך אויפהויבן. זיי, די באַלוואַגעס, האָבן גאָרנישט געוואוסט, אַ חוץ וואָס ס'האָט פאַר זיי געלוינט, אָבער ער, מאַקס, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַלערליי פראַגן. ווי נאָר ער איז געקומען צו געלט, האָט ער געמאַכט רייזעס איבער דרום־אַמעריקע, צפון־אַמעריקע, קאַנאַדע. ער האָט געוואוסט, וואָס ס'ווילן די ציוניסטן און וואָס — די סאָציאַליסטן. ער האָט זיך באַקענט מיט אַנאַרכיסטן און וועגעטאַריער; מיט יענע וואָס האָבן געפּרעדיגט אַז אידן דאַרפן זיך באַזעצן אין באַראָן הירש'ס קאָלאָניעס און מיט טאָלסטאָיאַנער, וואָס האָבן געפּרואווט באַאַרבעטן די ערד און זיך פירן לויט די כללים פון טאָלסטאָי. מאַקס האָט אויסגעשריבן פון ניו יאָרק אַ אידישע צייטונג און אַ זשורנאַל. ער איז אין די שפּעטערדיגע יאָרן געוואָרן פאַרבראַכט מיט די ניו יאָרקער אַקטיאָרן וואָס זענען געקומען גאַסטראָלירן קיין בוענאָס איירעס.

ביי דעם אַלעמען איז ער קיינמאָל נישט געוואָרן אויס וואוילער־יונג. ער האָט שוין נישט געגנב'עט, אָבער ער האָט פאַנטאַזירט פון גרויסע גנבה'ס, פאַבריקלעך פון פאַלשגעלט, שווינדלערייען וואָס מ'קאָן פון זיי גיך ווערן רייך. ער האָט שוין געהאַט איבערגעריסן מיט די טמאים, אפילו געוואָרן אַ מיטגליד אין דער „חברה קדישא", וואו בלויז אָרנטליכע לייט קאָנען אָנקומען, אָבער ער האָט נאָך אַלץ געחלומ'ט פון טריפה'נע מסחרים. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם פאַרלאַנג קאַליע צו מאַכן אומשולדיגע פרויען, אָפּצורעדן אַ ווייב פון אַ מאַן, אַ כלה פון אַ חתן. ער האָט נאָך אַלץ אין געדאַנק געבראַכט שיפן מיט מוידן קיין בוענאָס איירעס, ריאָ דע זשאַנעיראָ, און אַנדערע דרום־אַמעריקאַנער לענדער. ווען ראַשעל האָט פאַרשוואַנגערט, האָט ער, מאַקס, געציטערט, זי זאָל נישט געבוירן קיין מיידל. ווער וויל האָבן טעכטער וואָס אַנדערע זאָלן פאַראומרייניגן? אָבער דאַנקען גאָט, זי האָט געהאַט אַ אינגל.

ער, מאַקס באַראַבאַנדער, איז נישט קיין בוך־מענטש, אָבער ער האָט פונדעסטוועגן פאַרמאָגט אַן אייגענע פילאָזאָפיע. מיט וואָס זענען די מיקלאָמפּערשט עהרליכע לייט בעסער פון די זונות, די גנבים, די אַלפאָנסן? די סוחרים האָבן געשווינדלט. די ווייבער האָבן זיך געלאָזט באַצאָלן. וועגן וואָס האָט מען געשריבן אין די ביכער, געשפּילט אין טעאַטער, אויב נישט וועגן הרג'נען און זנות? אַמווייניגסטן די אונטערוועלט מאַכט זיך נישט הייליג. ער, מאַקס, האָט אויף זיין שטייגער געהאַט חשבונות מיט גאָט. די וועלט האָט זיך אַליין נישט באַשאַפן. עמיץ פירט מיט דעם דאָזיגן וועלטל. אָבער ווער איז ער? וואָס וויל ער? קיינער איז נישט געשטאַנען דערביי ווי גאָט האָט געגעבן משה'ן די תורה. וואָס מ'קאָן אַריינכאַפּן, דאַרף מען אַריינכאַפּן — איידער מ'געהט אַ גאַנג...

אָבער וואָס, מ'שטיינסגעזאָגט, קאָן ער, מאַקס, אַריינכאַפּן? נישט מער ווי אַ שטיק קעז־קוכן וואָס לייגט זיך שווער אויפ'ן מאָגן און וואָס ס'וואַקסט דערפון שמאַלץ אונטער'ן האַרץ...

פאַרטאָג איז מאַקס איינגעשלאָפן, אָבער נאָך אַנדערטהאַלבן שעה האָט ער זיך איבערגעוועקט.

— וואָס טוט מען היינט? — האָט ער זיך געפרעגט. — די זומערטעג דאָ זענען לאַנג. אין בוענאָס איירעס, ווידער, איז איצט ווינטער. ס'רעגנט און עס בלאָזן ווינטן. ס'שטעהט אַ פוילע קעלט וואָס עסט זיך איין אין די ביינער. די שפּאַניער ווייסן אפילו נישט פון קיין אויוונס... ראַשעל איז נישט בלויז טרויעריג, נאָר פול מיט האַס, אַשטייגער ווי עס וואָלט געווען זיין, מאַקס'עס, שולד, וואָס מיט אַרטראַ'ן האָט געטראָפן אַן אומגליק. יעדעס וואָרט איר'ס איז אַ שטאָך...

— נו, מיר'ן זיך נאָך אַ שפּיל טאָן אַ ווייל — האָט מאַקס צו זיך גערעדט, — ס'קבר ווערט נישט זויער...

אַכט אַזייגער האָט ער אָנגעקלונגען דער באַדינערין און דאַסמאָל האָט מען אים צוגעגרייט אַ וואַנע. ער האָט אַראָפּגענומען אין באַד־צימער דעם כאַלאַט, באַטראַכט זיין פיגור אין שפּיגל. ער האָט געהאַט גענומען אויף זיך לייב, אָבער ער האָט נאָך אַלץ האַרטע מוסקולן. ס'האָבן געריזלט אין אים זאַפטן. ס'האָט נאָך געהויערט אין אים די אַמאָליגע גבורה. נישט מער, עפּעס אַ קלעפּקע האָט זיך אים געהאַט פאַרקלאַפּט אין מוח. עפּעס אַ פאַרדרוס, אַ טרויער, אַ פאַרשעהמונג האָט זיך באַזעצט אין אים ווי אַ דיבוק.

יאָ, טאַקע, אפשר זאָל ער געהן צו אַ רבי'ן? — איז מאַקס'ן איינגעפאַלן. — אפשר קאָן אים אַמאָל העלפן דער טייערער איד, צירעל'ס טאַטע? נו, אָבער, ניין. אים קאָן ער אַזוינע זאַכן נישט פאַרטרויען...

דאַסמאָל האָט מאַקס געהייסן זיך ברענגען דאָס אָנבייסן אין האָטעל. ס'האָט לאַנג געדויערט, אָבער נאָך אַ ווייל איז געקומען אַ קעלנער און אַריינגעבראַכט אין אַ טאַץ זעמל, פּוטער, אַ פאַנקוכן, קאַווע. מאַקס האָט זיך אַוועקגעזעצט עסן.

ער האָט זיך געהאַט צוגעוואוינט צו לייענען אַ צייטונג ביים פרישטיק און ער האָט באַמערקט, אַז ער האָט נאָך נישט אַרויסגעוואָרפן דעם נעכטיגן גאַזעט. ער האָט געבלעטערט, דורכגעקוקט די קעפּלעך. נאָך אַ ווייל האָט ער גענומען נישטערן אין די קליינע אַנאָנסן. דער בליק איז געפאַלן אויף אַן אַנאָנס וואָס האָט זיך געלייענט: „בערנאַרד שקאָלניקאָוו טרעפט די צוקונפט". אונטן איז געשטאַנען: „דער באַריהמטער העלזעהער שקאָלניקאָוו לייענט אייער צוקונפט פון דער האַנט, פון שטערן, געפינט פאַרשוואונדענע פ ע ר ז א נ ע ן און חפצים, אַנטדעקט גנבה'ס און ווייזט אייערע באַליבטע אין אַ שפּיגל. מעסיגע פרייזן. נעמט־אָן פון צען אינדערפריה ביז אַכט אין אָוונט". אונטן איז געווען אָנגעגעבן דער אַדרעס און טעלעפאָן־נומער.

מאַקס האָט אַ ווייל אויפגעהערט קייען. אפשר קאָן ער אים העלפן? אפשר האָט דערפאַר די קראַפט וואָס טוט אַכטונג אויף דער וועלט נישט צוגעלאָזט ער זאָל נעכטן אַריינוואַרפן דאָס בלאַט אין קויבער? איכ'ל נאָך אַריבערגעהן צו אים היינט! — האָט מאַקס באַשלאָסן.

ער האָט גענומען קייען גיכער. ווער ווייסט? ס'זענען דאָ סודות וואָס מ'קאָן נישט פאַרשטעהן. אים אַליין, מאַקס'ן, האָט אַ ציגיינערין אַמאָל פאַראויסגעזאָגט זאַכן וואָס בלויז אַ נביא וואָלט דאָס געקאָנט וויסן. און ווי אַזוי? מיט אַ טאַליע פאַרפּעטסטע קאָרטן. ס'איז דאָ כישוף, ס'איז דאָ. עמיץ האָט אים אפשר פאַרשאָלטן, אָדער געגעבן אַן עין־הרע. ראַשעל אַליין איז אַ שטיק מכשפה... מאַקס האָט געהאַט אָנגעהויבן עסן אָהן חשק, אָבער דער דאָזיגער אַנאָנס האָט פאַרשאַרפט דעם אַפּעטיט.

מאַקס האָט אַרויפגעלייגט דעם זייגער אויף דעם אַנאָנס, ווי אויס מורא דער ווינט זאָל אים נישט אַוועקבלאָזן. אַמווייניגסטן וועט ער פאַרשפּאָרן באַלד אינדערפריה אַרומצושלענדערן זיך אָהן אַ צוועק.

מאַקס האָט אָנגעטאָן אַ פריש העמד. ער האָט געהאַט ביי זיך אַ שערעלע צו שניידן די נעגל און ער האָט באַדעכטיג אויסגעשניטן דעם אַנאָנס און אים אַריינגעלייגט אין וועסטל.

מאַקס איז שוין געווען גרייט אַרויסצוגעהן פון שטוב ווי מ'האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. אַ קליין אינגעלע אין אַ רויטן מונדיר מיט געגילדטע קנעפּ, אין אַ רונדער קעפּקע — אַ פּיקאָלאָ, האָט געפרעגט:

— פאַן מאַקס באַראַבאַנדער?

ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער אַזוי, אַז מאַקס האָט קוים זיך געכאַפּט אַז ס'איז זיין נאָמען. נאָך אַ ווייל האָט דאָס שגצ'ל צוגעגעבן:

— מ'רופט אייך צום טעלעפאָן.

— צום טעלעפאָן, האַ?

אַזוי איז אַלעמאָל, האָט מאַקס געקלערט. ווי נאָר ס'דערוועקט זיך אין מענטש אַ פונק האָפענונג, הויבן גלייך אָן זאַכן געשען מיט אים. אָבער ווער קאָן אים טעלעפאָנירן? ווער ווייסט אַז ער איז אין האָטעל „בריסטאָל"?

דער טעלעפאָן האָט זיך געפונען אין קאָרידאָר. מאַקס האָט אָנגענומען דאָס טרייבל:

— ווער איז דאָס?

— איז דאָס מאַקס באַראַבאַנדער? — האָט זיך דערהערט אַ פּעטע, מאַנסבילשע שטים. דאָס קול האָט זיך ווי אַרויסגעריסן פון בויך, נישט פון דער ברוסט.

מאַקס האָט געענטפערט:

— יאָ, דאָס בין איך.

— דאָ רעדט צו אייך שמואל סמעטענע. מיר'ן זיך געטראָפן אייערנעכטן, אין דער שענק נומער 17. איר געדענקט נאָך, האַ?

— אַ שאלה צי כ'געדענק!

— איר וואונדערט זיך אוודאי ווי יאַך קום אייך צו טעלעפאָנירן?

— כ'וואונדער זיך נישט פון גאָרנישט. פאַרוואָס נישט? מיר'ן זיך געטראָפן און געטרונקען אַ גלעזל ביר. מיר זענען שוין אַלטע גוטע ברידער.

— גוט. דאָס געפעלט מיר. יאַך האָב פיינט מענטשן וואָס בלאָזן פון זיך. וואָס איז דער יחוס? אַזוי ווי כ'האָב אייך אָנגעקוקט, האָב יאַך געוואוסט אַז איר זענט אַ נאַש בראַט. מיר זענען נעכטן ווידער אַריין אין שענק און אַלע האָבן זיך געפרעגט אויף אייך. אסתר אויך. די בעקערין פון נומער 15. איר'ט מזל צו ווייבער.

— געהאַט אַמאָל.

— דער גוי זאָגט: גדזיע וואָדאַ בילאַ וואָדאַ בענדזיע, וואו ס'איז געווען וואַסער, וועט זיין וואַסער. אפשר קומט איר היינט אַריבער נאָכאַמאָל? די זאַך איז אַזוי: כ'וויל מיט אייך עפּעס אָדורכרעדן, אָבער נישט אין שענק. כ'וויל שמועסן

(שלוס אויף בינטעל בריף־זייט)

# שוים

(שלוס פון זייט 2)

מיט אייך, ווי מ׳זאגט, אונטער פיר אויגען. כ׳האב דא א פריינדינע, א וואויל ווייבל, און כ׳בין ביי איר אן אייגענער. כ׳האב ניש׳ פאר איר קיין סודות. וואוינען וואוינט זי אין נומער 23. קאכען קאכט זי ווי פאר׳ן קייסער. אפשר וואלט איר געקומען עסען מיט אונז וויעטשערע? מיר׳ן זיין בלויז אונז דריי. קא׳ גלעזל משקה וועט נישט אויספעהלען, און קא׳ הונגעריגער וועט איר אסור נישט אוועקגעהן —

— ווי הייסט זי? וואס איז דער נומער פון דעפארטמענט?

— הא? זי הייסט רייזל — רייזל לארק, אזוי רופט מען זי אין גאס. דער נומער פון דער מיעשקאניע, די דירה, איז 12. דער אריינגאנג איז דורכ׳ן טויער, אויפ׳ן צווייטען שטאק. באלד נאכ׳ן נומער 17 איז נומער איין און צוואנציג און דער־נאך איז דריי און צוואנציג. וויפיל אזייגער קאנט איר קומען?

— וויפיל אזייגער זאל איך קו־מען?

— ארום פינף אזייגער. מיר׳ן האבען צייט אלץ דורכצורעדען. רייזל וויל וויסען וואס איר האט ליב. וואס פאר׳א פלייש האט איר ליב? — היגערינס, געגדזענס, א קאטשקעלע? יאך האב ליב אירע קלאפסען. אז זי קאכט קלאפסען מיט געטרוקענטע פארפל און מיט פלומען און שאפטאלען פאר א קאמפאט, קאן יאך אויפעסען זעקס טעלערס און ווער נישט זאט.

— וואס קאן זיין בעסער ווי קלאפסען מיט געטרוקענטע פארפל?

— הא? א גוטער ענטפער. אי׳ט דא זיין פינף אזייגער?

— יא, פינף אזייגער.

— מיר׳ן ווארטען אויף אייך. אויב איר נעמט א דראשקע, הייסט דעם פורמאן אנקומען דורך דער ציעפלע. צו וואס זאל דאס געזעמל וויסען וואוהין איר געהט? יאך האלט פון פסוק: פתח שין שא...

— בוינע, מיר׳ן זיך זעהן היינט פינף אזייגער...

נישט נאכדעם ווי מאקס האט אוועקגעלייגט דאס טרייבל, האט ער זיך דערמאנט אז דאסווארט „בויי־נע" איז נישט קיין אידיש. אזוי רעדט מען אין די שפאנישע לענ־דער, נישט אין פוילען.

(פארזעצונג מארגען)

# שוים

פון
**יצחק וואַרשאַווסקי**

## נאָוועלע

(פאָרזעצונג)

5

וואַרט אויף דער דלוגע. די דראָש־
קע איז געפאָרען לענגאויס דער
קראַקאָווער פאָרשטאָט, פאַרביי די
קאָזשע, אַריין אין דער מעדגאָס
און פון דאָרט אין דער דלוגע. דאָס
הויז האָט זיך געפונען נישט ווייט
פון פּלאַץ קראַשינסקי. מאַקס באַ־
ראַבאַנדער האָט געכאַפּט אַ בליק
אויפן שלאָס. ער האָט געדענקט די
געגענט פון אַמאָל. ער פלעגט דאָ
אַרומשפּאַצירן מיט מיידען.

מאַקס איז אַריין אין אַן אַלט הויז,
פון דעם סאָרט, וואָס מ'זעהט אין
אַלט-שטאָט, מיט אַ שמאָלן אַריינ־
גאַנג, מיט קרומע טרעפּ.

ווען דאָ ווערט פלוצלונג אַ
שרפה, בין איך אַ קדוש, — האָט
מאַקס צו זיך גערעדט. ער האָט לעצ־
טענס געהאַט אַ געפיהל, אַז עפּעס
אַ סכנה לויערט אויף אים.

ער איז אַרויף אויפ'ן דריטען
שטאָק און ס'איז דאָ געווען פינס־
טער ווי באַנאַכט. ער האָט אָנגע־
צונדען אַ שוועבעלע און איבערגע־
לייענט אויף דער טיר: בערנאַרד
שקאַלניקאָוו. ער האָט אָנגעקלאַפּט.
ס'האָט געדויערט לאַנג ביז
מ'האָט געענטפערט. צום סוף האָט
זיך באַוויזען אַ קליין מענטשעלע
מיט אַ פּיצעלע שוואַרץ בערדעלע,
מיט שוואַרצע וואָנסען און מיט האָר
וואָס האָבען אויסגעוויזען ווי אַ שייט־
טעל. ער האָט געטראָגען אַ סאָרט
נישט-אידישע קאַפּאָטע און גע־
שטרייפטע הויזען מיט שטעק-שיך.
מאַקס באַראַבאַנדער האָט אים באַ־
טראַכט אַ ווייל. יענער האָט אויס־
געקוקט קראַנק, פאַרזאָרגט, דער־
שראָקען.

מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— דאָס בין איך, וואָס האָט אייך
פריהער טעלעפאָנירט. מאַקס באַ־
ראַבאַנדער.

— כ'ווייס, קומט אַריין — האָט
יענער געענטפערט מיט אַ קול וואָס
איז געווען האַלב - קוויטשעדיג,
האַלב-הייזעריג.

מאַקס איז פאַרביי אַ שמאָלען
קאָרידאָר, די ווענט טאַפּעצירט מיט
טונקעלע טאַפּעטען. ס'האָט דאָ גע־
האָנגען אַ מעטאַלענער לאָמטער.
נאָך אַ ווייל איז מאַקס אַריין אין אַ
שטוב, די פענסטער פאַרשטעלט
מיט שווערע גאַרדינען. ס'האָבען דאָ
געהאָנגען בילדער מיט פאַרזעהעני־
שען, שלאַנגען, שקעלעטען. די שטור־
לען זענען געווען איבערגעצויגען
מיט שוואַרצע געוואַנדען. ס'איז
אַלץ איבערצושרעקען, האָט מאַקס
צו זיך געזאָגט. ס'איז דאָ געשטאַ־
נען אַ קעלט ווי אין אַ קעלער.

שקאַלניקאָוו האָט אָנגעוויזען
מאַקס'ן אַ שטוהל און אַליין האָט
ער זיך אַוועקגעזעצט אַקעגענאיבער,
ביי אַ קליין טישל. ער האָט אַ פּויק
געטאָן דערויף מיט די פינגער.

— פון וואַנען, האָט איר געזאָגט,
זענט איר?

— פון אַרגענטינע. געוואוינט
האָב איך שוין אין אַ האַלב טוץ
לענדער.

— וואָס ברענגט אייך אַהער?

מאַקס באַראַבאַנדער האָט גענו־
מען רעדען. ער האָט דערצעהלט ווע־
גען אַרטוראָ'ס טויט, ראַשעל'ס
טרויער און ווי אַזוי ער אַליין, מאַקס,
איז מיט דער צייט אַריינגעפאַלען
אין אַ מאַנקאַליע.

שקאַלניקאָוו האָט אים נישט אי־
בערגעריסען. ער האָט זיך געקרימט
ווי פון אַ וועהטאָג אין אינגעווייד.
ער האָט געפּויקט מיט די פינגער
אין טישל — דינע פינגער ווי פון
אַ פרוי, מיט לאַנגע שפּיציגע נעגל.

מאַקס האָט אַליין נישט געוואוסט
ווי לאַנג ער האָט אַזוי גערעדט. אַ
האַלבע שעה, דריי-פערטל שעה,
אָדער אַ גאַנצע שעה. צומאָל האָט
שקאַלניקאָוו צוגעשלאָסן די אויגען,
אַשטייגער ווי ער וואָלט איינגע־
דרימעלט. דערנאָך האָט ער זיי צו־
ריק געעפענט. ער האָט געהאַט גע־
דיכטע שוואַרצע ברעמען און אַ
שפּיזעלדיגען בליק. ער זעהט אויס
קראַנקער פון מיר, האָט מאַקס גע־
טראַכט. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— כ'קאָן ניש' זיין מיט קאַ־
נקבה. פּראָסט און פשוט.

און איז געוואָרען פאַרשוויגען.

שקאַלניקאָוו האָט געוואָרפען אַ
בליק צום פענסטער, ווי ער וואָלט
פאַרדעכטיגט אַז עמיץ קוקט אַריין.
ער האָט אָנגעשפּיצט דאָס געהער.
וואוינט ער דאָ אַליין? — האָט
מאַקס זיך געפרעגט. — אָדער האָט
ער אַ פאַמיליע?

שקאַלניקאָוו האָט זיך אַ קראַץ
געטאָן אין שייטל.

— וואָס זאָגען די דאָקטוירים,
האַ?

— נערוועז.

— נערוועז — האָט שקאַלניקאָוו
איבערגע'חזר'ט מיט אַ טאָן ווי דאָס
בלויזע וואָרט וואָלט אַרויסגערופען
אין אים אַן עקל. ער האָט זיך עפּעס
ווי אָפּגעטרייסעלט. ער האָט צוגע־
שלאָסען איין אויג און זיך איינגאַנ־
צען אַריינגעטאָן אין טראַכטעני־
שען אַזוינע, וואָס זענען שווער
אַרויסצוברענגען מיט'ן מויל. ער
האָט אַ פרעג געטאָן:

— וואו האָבען זיי אייך גע־
שיקט, קיין קאַרלסבאַד אָדער קיין
מאַריענבאַד?

— כ'בין שוין געווען אומעטום.

— און ס'העלפט נישט, האַ?

— ניין.

— איר דאַרפט נישט קיין בע־
דער — האָט שקאַלניקאָוו גערעדט
און געקוקט האָט ער ערגיץ אין אַ
ווינקל צימער. — דער פאַרלאַנג פון
אַ מאַנספּערזאָן צו אַ פרויענצימער
קומט פון גייסט, נישט פון קערפּער.
ווען אַ מענטש שטאַרבט, בלייבט
דער קערפּער גאַנץ. אָבער ווען דער
גייסט פאַרלאָזט אים, ווערט ער ווי
אַ שטיק ליים. אָט דער פאַרלאַנג
הייסט פּאָטענץ. ס'איז אַ סאָרט
מאַגנעטיזם. גלייך ווי אַ מאַגנעט
ציהט-צו אייזען, אַזוי ציהט צו די
פרוי דעם מאַנסביל. נישט אַלע
פרויען ציהען-צו. אַ פרוי קאָן זיין
שעהן און ד' לאָזט אייך קאַלט. אַן
אַנדערע קאָן זיין מיאוס, אָבער ווען
איר זעהט זי, דערוועקט זיך אין
אייך די מאַגנעטישע קראַפט. אין
די יונגע יאָרען איז די מאַגנעטישע
קראַפט ביים מאַנסביל אַזוי שטאַרק
אַז ער נויטיגט זיך נישט אין קיין
ליבע. יעדע פרוי ווירקט אויף אים.
אַנומעלט איז געווען אין צייטונג,
אַז אַ שגץ האָט פאַרגוואַלדיגט אַ
גויע פון צוויי און זיבעציג יאָר.
אין די שפּעטערדיגע יאָרען מוז זיין
ליבע. איר מוזט ליב האָבען די פרוי
און זי מוז אייך אויך ליב-האָבען.
דאָס איז וויכטיג. אייער פרוי האָט
אייך אויפגעהערט ליב האָבען, אָבער
דערביי וויל זי נישט עמיץ אַנדערש
זאָל אייך האָבען. אויב זי האָט אַ
שטאַרקען כאַראַקטער, קאָן זי אייך
היפּנאָטיזירען פון דער ווייטענס. זי
גיט אייך באַפעהלען ווי דורך אַ טע־
לעגראַף און איר ווייסט נישט אַז זי
באַפעהלט אייך. פּונקט ווי אַ שטאַר־
קער קערפּער קאָן דערהרג'ענען
אָדער צעשלאָגען אַ שוואַכען קער־
פּער, אַזוי קאָן אַ שטאַרקער גייסט
טאָן וואָס ער וויל מיט אַ שוואַכע־
רען. איר זענט דער שוואַכערער,
דאָס אַלץ.

— אויב אַזוי, איז נישטאָ קיין
עצה?

— ס'איז דאָ, ס'איז דאָ. איר
האָט אפשר ביי זיך אַ פאָטאָגראַפיע
פון אייער פרוי?

— האַ? יאָ.

— ווייזט מיר די פאָטאָגראַפיע.
דאָס וואָס איר זענט דאָ, טויזענ־
טער מייל ווייט, שפּילט נישט קיין
ראָל. דער גייסט רעכענט זיך נישט
מיט קיין שטח. איר קאָנט אַנטלוי־
פען אין עק וועלט, אָבער איר מאַג־
נעטיזם לויפט אייך נאָך. ווייזט
אַהער!

מאַקס האָט דערלאַנגט די פאָטאָ־
גראַפיע. בערנאַרד שקאַלניקאָוו האָט
גענומען קוקען, זיך קרימען, בייסען
די ליפּען. ער האָט איבערגעקערט
די פאָטאָגראַפיע אויף דער אַנדע־
רער זייט. ער האָט גענומען שאָק־
לען מיט'ן קאָפּ ווי אויף אַן אַלטען
אמת.

— אַמאָל האָט מען דאָס גערו־
פען כישוף — האָט ער געזאָגט. —
היינט רופט מען דאָס היפּנאָטיזם.
ס'איז אַלץ ווילען. ווי אַזוי האָט נאַ־
פּאָלעאָן געשיקט מיליאָנען סאָלדאַ־
טען אין מלחמה? ווייל זיין ווילען
איז געווען שטאַרקער פון זייערע.
ער האָט פאַרשפּילט די מלחמה נישט
דערפאַר ווייל די ענגלישע און די
פּרייסישע אַרמעען האָבען גע־
שאָסען בעסער, נאָר ווייל דער ווי־
לען זיינער האָט זיך געהאַט אויס־
געשעפּט. ווען איר באַטראַכט אַ
שלאַכט פון אַ בערגל אָדער אַ טו־
רעם, קאָן זיך אייך אויסדוכטען אַז
ס'שלאָגען זיך קערפּערס, ס'פעכטען
שווערדען, שפּיזען, ביקסען, אָבער
אין אמת'ען איז דאָס אַ גראַנגעל
צווישען גייסטער, אָדער רופט עס
איינפאַך: כאַראַקטערען. איר פאַר־
שטעהט מיך אָדער נישט?

— זעהר גוט.

— אייער פרוי פירט מיט אייך
מלחמה. זי וויל איר זאָלט אָדער ווע־
רען ביי איר אַ פולשטענדיגער
שקלאַף, אָדער אונטערגעהן. איר
מוזט שטעלען אַ ווידערשטאַנד.

— ווי אַזוי?

— דאָס וועל איך אייך לערנען.
איר וועט מוזען צוריקשיקען טעלע־
גראַמעס צו איר. מיר וועלען אָנ־
נעמען מיטלען צו פאַרשטאַרקערען
אייער מאַגנעטיזם. ווען איר ווערט
שטאַרקער, ווערט זי שוין אויטאָ־
מאַטיש שוואַכער. ס'איז ווי מיט
יעקב'ן און עשיו'ן? איר האָט אַמאָל
געלערענט אין חדר? כשזה קם זה
נופל. דאָס איז נישט אַלץ. אין אונ־
זער לעבען נעמען אָנטייל אויך די
גייסטער פון די געשטאָרבענע. איר
האָט געהאַט עלטערן. איר האָט
אפשר געהאַט פריינד און געליבטע
וואָס זענען אַוועק פון דער וועלט.
אייך דוכט זיך, אַז זיי זענען פאַר־
שוואונדען אויף שטענדיג. אָבער זיי
זענען דאָ און זענען גרייט אייך צו
העלפען. מ'דאַרף בלויז וויסען ווי
אַזוי צו קומען מיט זיי אין קאָנ־
טאַקט. איך אָרדען-איין אין אָווענט
סעאַנסען און מיר רופען אַרויס די
גייסטער פון אונזערע נאָהענטע. איר
דאַרפט זיך נישט שרעקען. גייסטער
טוען נישט קיין שלעכטס. אייערע
עלטערן האָבען אייך היינט נישט
ווייניגער ליב ווי אין דער צייט ווען
איר זענט געווען אַ קינד.

מאַקס באַראַבאַנדער האָט זיך
גענומען שטיקען. ער האָט קוים
איינגעהאַלטען די טרעהרען.

— כ'האָב צו זיי נישט געשרי־
בען. כ'האָב זיי אַפילו נישט גע־
שטעלט קיין מצבה —

— זיי האָבען אייך מוחל-גע־
ווען. פּונקט ווי מיר דאָ אָטעמען
מיט לופט, אַזוי אָטעמען זיי מיט
ליבשאַפט. כ'קאָן אייך גאָרנישט
זאָגען פאָראויס, אָבער איר וועט
אַליין זעהן. מיר אָרדענען איין אונ־
זערע סעאַנסען אין אָווענט און עס
איז נוצליך פאַר אייך איר זאָלט קו־
מען אַמווייניגסטען צוויי מאָל אַ
וואָך. די הויפּט-זאַך איז: נישט
צווייפלען און נישט פאַרלירען דאָס
געדולד. איך אַליין בין נישט קיין
מעדיום, אָבער איך האָב אַ שוועס־
טער אַ מעדיום. אויב איר ווייסט
נישט וואָס אַ מעדיום איז, וועט איר
זיך דערוויסען. עס זענען פאַראַן
פערזאָנען וואָס זענען אַזוי געבוירען
אַז זיי קומען לייכט אין פאַרבינדונג
מיט די וועזענס וואָס רינגלען אונז
אַרום און ווילען זיך צו אונז דער־
נעהענטערען איבער דער צוים פון
בלוט-און-פלייש. דער מעדיום האָט
אַ קאָנטראָל און דורך דעם דאָזיגען
קאָנטראָל קניפּט זי אָן די קאָנטאַק־
טען... איר קאָנט דאָ זיין היינט
אין אָווענט?

— היינט אין אָווענט מוז איך
זיין ערגיץ אַנדערש —

— האַ? ווי איז מאָרגען?

— מאָרגען קאָן איך קומען.

— גוט. זייט דאָ מאָרגען אין
אָווענט און קומט מיט אַ געפיהל
פון צוטרוי, נישט צווייפל. גלויבען
איז פּאָטענץ און צווייפל איז אימ־
פּאָטענץ. איר פאַרשטעהט?

— אַ ביסל. יאָ.

— דערווייל שיקט אייער פרוי
די ערשטע טעלעגראַמע. מאַכט צו
די אויגען און זאָגט מיר נאָך וואָרט
ביי וואָרט. אָט אַזוי. זאָגט: ראַ־
שעל, דיין מאַכט איבער מיר וועט
אָנהויבען אָפּפאַלען פון היינט אָן.
ווי באַלד דו האָסט מיך נישט ליב,
האָב איך די רעכט צו געפינען ליבע
ערגיץ אַנדערש. איך בין אַנטשלאָ־
סען צו זיין פריי, אומאָפּהענגיג און
קיינער קאָן מיין פרייהייט פון מיר
נישט צורויבען. אַלע דיינע פאַר־
זוכען מיך צו האַלטען געבונדען ווע־
לען דורכפאַלען. אונזער זוהן איז
אויף מיין זייט און איך וועל גע־
פינען אין אים אַ פריינד און אַ
הילף — —

ביי די לעצטע ווערטער, האָט
עפּעס אין מאַקס באַראַבאַנדער'ס
האַלז גענומען זיך איינשרומפּען. אַ
קנויל האָט זיך אים אַוועקגעשטעלט
אין דער קעהל. יעדעס וואָרט האָט
זיך געמוזט דורכרייסען. ער האָט
זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע כוחות
נישט אויסצוברעכען אין אַ געוויא־
מער. בערנאַרד שקאַלניקאָוו האָט
אַ זאָג געטאָן:

— איר קאָנט עפענען די אויגען.
אַזוי. זייט דאָ מאָרגען אַכט אַזיי־
גער אין אָווענט.

— וואָס קומט אייך? — האָט
מאַקס געפרעגט מיט אַ צעגערניש.

— פינף רובל. אַנטיילנעמען אין
סעאַנס איז דריי רובל.

מאַקס האָט געהאַט צוגעגרייט
געלט. ער האָט אַריינגעשטעקט די
האַנט אין דער הויזענקעשענע און
אַרויסגענומען אַ באַנקנאָט. בער־
נאַרד שקאַלניקאָוו האָט זיך אויפ־
געשטעלט און מאַקס באַראַבאַנ־
דער — נאָך אים. ער האָט גע־
פרעגט:

— ווי אַזוי האָט איר דאָס אַלץ
זיך אויסגעלערענט, כ'מיין שטו־
דירט?

— האַ? ס'איז אַ לאַנגע גע־
שיכטע. איך האָב נאָך קליינערהייט
אַנטדעקט אין מיר כוחות וואָס —

מאַקס באַראַבאַנדער האָט זיך גע־
זעגענט און יענער האָט אים צוגע־
פירט צו דער טיר. מאַקס באַראַ־
באַנדער האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן
זייגער. דער וויזיט האָט געדויערט

(שלוס אויף בינטעל-בריף זייט)

---

ווען עס האָט זיך אין 1949 אין
מאָסקווע אָנגעהויבען דער קאַמף
„געגען די קאָסמאָפּאָליטען", ווען
מ'האָט געשלאָסען די אידישע שו־
לען, צייטונגען, טעאַטערען, פאַר־
לאַגען און גענומען אויסראָטען יע־
דען אויסדרוק פון אידישער קול־
טור אין סאָוועט רוסלאַנד; ווען
סטאַלין האָט גענומען גרייטען דעם
פּראָצעס געגען די אידישע דאָקטוי־
רים און די אַלע אַנדערע רעפּרע־
סיעס געגען אידען — האָט עס זיך,
נאַטירליך, אויך אָפּגערופען אויף
די באַציהונגען צו ישראל.

אין פעברואַר 1953 האָט אַ
ישראל'דיגער נאַציאָנאַליסט גע־
וואָרפען אַ באָמבע אויף דער סאָ־
וועטישער אַמבאַסאַדע אין תל-אביב.
דריי מענשען זיינען דערביי פאַר־
וואונדעט געוואָרען. מאָסקווע האָט
גוט געוואוסט, אַז די ישראל רע־
גירונג האָט ניט קיין שום שייכות
צו אָט דעם טעראָריסטישען אַקט
און פאַראורטיילט אים. די רעגירונג
האָט אויך תיכף אויסגעדריקט איר
גרייטקייט צו קאָמפּענסירען דעם
שאָדען. אָבער פיר טעג נאָכ'ן
אַטענטאַט האָט ווישינסקי גערופען
צו זיך דעם דיפּלאָמאַטישען פאַר־
טרעטער פון ישראל, דר. שמואל
אלישיב, און איהם ערקלערט, אַז
מאָסקווע רייסט איבער די דיפּלאָ־
מאַטישע באַציהונגען מיט ישראל.
מיט אַ יאָר שפּעטער זיינען די באַ־
ציהונגען ווידער באַנייט געוואָרען
און עס איז אַפילו פאַרגעקומען אַ
באַדייטענדע פאַרבעסערונג. די פרי־
העריגע געזאַנדשאַפטען זיינען
דערהויבען געוואָרען צו אַמבאַסאַ־
דעס. מ'האָט אויך גענומען אָנקני־
פּען האַנדעלס-באַציהונגען.

* * *

אין 1955 האָט מאָסקווע גענו־
מען שפּילען די אַראַבישע קאָרט
און אָנגעהויבען באַוואָפענען די
אַראַבער — צוערשט בלויז עגיפּ־
טען, שפּעטער אויך סיריע און אי־
ראַק. עס הייסט, אַז דער איניציאַ־
טאָר דערפון איז געווען ניקיטאַ
כרושטשעוו. פון דעמאָלט איז גע־
וואָרען אויס שלום בית צווישען

רעדט אין אַ צעקאַליטשעטע רוז־
סיש, און אויך ער האָט איבערגע־
חזר'ט די זעלבע אַרגומענטען פון
קאָסיגין און פעדאָרענקאָ. גאָמולקאַ
האָט, ווי עס איז באַקאַנט, אַ אידי־
שע פרוי. אין 1950, ווען כרושט־
טשעוו איז געווען דאָ, האָב איך גע־
רעדט מיט גאָמולקאַ'ן, און ער האָט
זיך ביי מיר נאָכגעפרעגט אויף
יצחק גרינבוים און נאָך אַנדערע
אידישע פירער פון אַמאָליגען פּוי־
לען. זיין לעצטע ערקלערונג איז אַ
באַווייז, אַז ער איז אַ געטרייער
קנעכט פון מאָסקווע. טיטאָ, וועל־
כער סעפּאַרירט זיך אָפּ פון מאָס־
קווע, און דאָס זעלבע אויך אונ־
גאַרן, גייען אין דער פּראָגע-ישראל
אינגאַנצען אין מאָסקווער שפּאַן.
בלויז רומעניע האַלט זיך זעלבסט־
שטענדיג און פּריוואַט שפּילען די
ראָלע פון אַ פאַרמיטלער אינ'ם
ישראל-אַראַבישען סכסוך. צי זי
וועט „אויסהאַלטען אידישקייט"
און נישט נאָכגעבען מאָסקווע איז
נאָך ניט זיכער. פאַר די רעדעס
וואָס ווערען געהאַלטען אין דזשע־
נעראַל אַסעמבלי, איז זיך נישטאָ
וואָס צו שרעקען. קיין רעזאָלוציע,
וואָס פאַרדאַמט ישראל אַלס אַגרע־
סאָר, וועט מען נישט אָננעמען.
עפּעס אַ מין פאַרוואַסערטע רעזאָ־
לוציע וועט מן הסתם יאָ אָנגע־
נומען ווערען, און קיין גרויסען
ווערט האָט זי נישט. בן-גוריון האָט
אַמאָל געזאָגט, אַז וויכטיג איז ניט
וואָס די גוים זאָגען, נאָר וואָס די
אידען טוען. אָבער אויך די גוים
בלייבען נישט בלויז ביים זאָגען,
אויך זיי טוען. דאָס וואָס רוסלאַנד
נעמט ווידער באַוואָפענען די אַראַ־
בער איז אַן ענין, וואָס דאַרף אַרויס־
רופען די גרעסטע אויפמערקזאַמ־
קייט. דאָס דאַרף אויף דער איצטי־
גער „דזשענעראַל אַסעמבלי" אָהן
אויפהער איבערגע'חזר'ט ווערען
פון יעדען פאַרשטעהער פון אַ פריי
לאַנד. דאָס איז דער איינציגער וועג
זיי צו צוימען אין זייער שנאה צו
ישראל, און זייערע אומפאַר־
אַנטוואָרטליכע מעשים אין נאָענ־
טען מזרח.

# שוים •

פון
**י. ווארשאווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

נישט מער ווי פופציג מינוט. ער האט זיך געלאזט אראפגעהן מיט די קרומע טרעפ.

— וואס איז ער, א גנב, א משוגע׳נער, א האקוס פאקוסניק? — האט מאקס זיך געפרעגט. פון די נערוועז־דאקטוירים איז ער אלעמאל אוועק מיט א געפיהל פון יאוש. אבער דער דאזיגער שווארץ־קינצלער, וואס האט באהאנגען די ווענט מיט פארזעהענישען און שאלמויזען, האט הערוועקט אין אים האפענונג.

עפעס אין מאקס׳ן האט סאי געלאכט און סאי געוויינט. זאל דאס זיין אמת? זאלען טאטע־מאמע און ארחטורא לעבען און זיין גרייט אים צו העלפען? נו, אבער, ווי באלד ער קאן באווייזען אזעלכע ניסים, וואס דארף ער מיינע פינף רובל?

ס׳איז געווען גוט ארויסצוקומען אויף דער פרייער לופט, צו דערשפירען די ווארעמקייט פון דער זון. מאקס האט איצט נישט גענומען קיין דראשקע, נאר איז געגאנגען ביז ער איז צוגעקומען צו קראשינסקי׳ס גארטען. ס׳האט דא געשמעקט מיט גראז און בעז. פייגעלעך האבען געצוויטשערט.

וואו זענען זיי, די אלע נשמות?

— האט מאקס זיך געפרעגט.

— ווי קומט דאס, וואס בלויז שקאלניקאוו׳ס שוועסטער קאן זיי אריבערברענגען? די גאנצע נאכט האט זיך נישט געלייגט אויפ׳ן שכל, אבער ווער ווייסט וואס׳ערע סודות ס׳זענען פאראן אויף דער וועלט!

איינס האט דער בערנארד שקאלניקאוו געטראפען: ראשעל האט געפירט מיט אים א פארבארגענע מלחמה. ער האט אפט געשפירט, אז זי פארט אים נאך, קוקט אים נאך, רייצט זיך מיט אים. ווי האט ער דאס אנגערופען? מאגנעטיזם.

מאקס איז צוגעקומען צו דעם וואסער, וואו עס זענען ארומגעשוואומען שוואנען און קינדער האבען זיי געווארפען ברעקלעך ברויט און זעמל.

— אויב מענטשען בלייבען לעבען נאכ׳ן טויט, וואס איז מיט חיות? — האט מאקס זיך געפרעגט. — מ׳שעכט יעדען טאג מיליאנען אקסען, קעלבער, שעפסען, עופות? פארוואס קומען נישט זייערע גייסטער ווערגען דעם שוחט?... נו, און די זעלנער וואס פאלען אין דער מלחמה, און די אידען וואס מ׳האט דערהרג׳עט אין די פאגראמען... אמוועניגסטען וועל איך מיך דא נישט ארומדרעהען איינער אליין — האט מאקס צו זיך גערעדט.

ער האט נישט געגלויבט אין קיין ניסים, אבער דאס וואס שמואל סמעטענע האט אים היינט טעלעפאנירט האט אויסגעוויזען ווי א נס. דאס לייענען די נעכטיגע צייטונג און זיך אנשטויסען אויף דעם דאזיגען אנאנס מיט די פיצעלעך אותיות׳לעך, איז אויך עפעס נישט געוועהנליך. ער האט קיינמאל נישט געלייענט די אנאנסען. וואס זענען אים אנגעגאנגען די מסחרים אין א פרעמדער שטאט?

מאקס האט נאך געהאט א סך צייט ביז פינף אזייגער, אבער אז מ׳ווייסט מ׳דארף עמיצען טרעפען אין אווענט, קאן מען פארברענגען אליין.

ער איז ארויס אויף די נאלעווקיס און זיך געלאזט וואנדערען איבער די אידישע גאסען. גאט אין הימל, די שילדען דא זענען מיט אידישע אותיות! מ׳האט געהערט רעדען אידיש אויף טריט־און־שריט. ער איז אריין אין א ריזיגען הויף, וואס האט אויסגעוויזען ווי א שטעטעל פאר זיך. אידען האבען אנגעלאדען וועגען מיט קאסטענס, פעסער, קויבערס. מארק־הענדלערינס האבען אויסגערופען אלערליי סחורה׳ס. ס׳האט זיך דא געפונען א בית־מדרש, אדער א חסידים־שטיבל. מאקס האט אליין נישט געוואוסט וואס דאס איז.

ער איז אריין טאן א קוק. בחורים מיט פאות האבען זיך געשאקעלט איבער גמרא׳ס, געמאכט האוואיעס, געגעבען צו פארשטעהן איינער דעם אנדערען דעם פשט פון די הייליגע ספרים. אין מיטען האט אן עלטערער איד גענומען זאגען קדיש — נישט דעם געוועהנליכען קדיש, נאר עפעס אן אנדערען, מיט ווערטער וואס זענען מאקס׳ן פארגעקומען פרעמד. אין אויסלאנד האט ער זיך געהאט אפגעוואוינט פון דער געדיכטער אידישקייט. אבער דא האט מען געדינט גאט ווי אין די אלטע צייטען אין ראשקעוו. גלויבען זיי אויך אין די נשמה׳ס? אבער ווי קומט עס וואס יענער, דער שקאלניקאוו, גאלט די בארד? ער האט, הייסט עס, אן אנדער סארט גלויבען.

מאקס איז געשטאנען ביי דער טיר, נישט געקאנט אוועקגעהן.

א איד מיט א געלער בארד איז צוגעקומען צו אים און געפרעגט:

— איר ווילט דאווענען? איר קאנט דא קריגען טלית ותפילין. צוויי קאפיקעס!

מאקס האט געשוויגען א וויילע.

— כ׳האב שוין געדאווענט. אבער נאט אייך די צוויי קאפיקעס.

ער האט ארויסגענומען א פירער און יענעם דערלאנגט. אלץ דרעהט זיך ארום רובלס און קאפיקעס, — האט מאקס צו זיך געזאגט — אפילו אין אזא הייליג ארט...

ער איז צוריק ארויס און צוגעמאכט די טיר. ער האט זיך דערמאנט אין צירעלע׳ן. ער האט איר געהאט צוגעזאגט אריינצוגעהן נאך היינט צו איר פאטער און האבען מיט אים א מדובר וועגען אכצען און דרייצען...

(פארזעצונג פרייטאג)

# שדים

## נאוועלע

פון
יצחק ווארשאווסקי

(פארזעצונג)

6

פון דער דלוגע איז די דראשקע געפארען איבער דער טלאמאצקע, פארביי די רימארסקע, פלאץ באנקאווי, ארויס פאר׳ן אייזערנעם טויער און פון דארט — אין דער גנאינע און קראכמאלנע. די דראשקע איז פארביי די ריזיגע באנק־געביידע מיט די דיקע פילארען און דעם גרויסען הויף. א באנק. אבער עס זעהט אויס ווי א פעסטונג, אדער א שלאס, האט מאקס באראבאנדער געטראכט. — וויפיל מיליאנען, אשטייגער, קאנען דארט ליגען? אין טויער איז אריינגעפארען א פארמאכט, אדער פארפאנצערט קעטשל און מאקס האט באנומען, אז ס׳איז אנגעפאקט מיט געלט.

אויף דער קראכמאלנע האט מאקס זיך גלייך געלאזט ארויפגעהן צום מורה הוראה. ער האט נישט געהאט געמאכט קיין שום פלענער, אבער דער פלאן איז געווען אין אים, א טייל פון זיינע מחשבות. ער האט געטאן א שטופ די טיר און איז אריין. ער האט גלייך דערבליקט צירעלע׳ן און די מוטער.

צירעלע האט געטראגען א ווייסע בלוזע און דאס האט איר צוגעגעבען א איינגערען און א פרישערען אויסזעהען. זי האט געקליבען שטשאוו־בלעטער פון א שיסל. דערזעהן אים, איז זי געווארען רויט און געווארפען אויף אים א האלב־ווייסענדיגען, האלב־פרעגענדיגען בליק. כ׳האב מיך שוין אריינגעבוירערט אין זיי ווי אן עגבער, האט מאקס געטראכט דעם סארט געדאנקען וואס דער מוח פארטרויט בלויז זיך אליין.

די רביצין האט, ווייזט אויס, געדאווענט. זי האט געהאלטען א סידור. מאקס האט געזאגט גוט־מארגען און די רביצין האט געטאן א ביידליכען שאקעל מיט׳ן קאפ. די נאז אירע האט אויסגעוויזען שפיציג און שארף. פון איין קוק האט מאקס געוואוסט, אז צירעלע האט שוין גערעדט וועגען אים און אז די רביצין וויל אים נישט פאר קיין איידעם. די גרויע אויגען אירע האבען אים אפגעמאסטען זייטיג און מיט א סארט מיגל.

מאקס האט זיך מיטאמאל דערמאנט אן דעם ווארט „מוקצה“. ער האט א זאג געטאן:

— מאמע און טאכטער, הא? דאוונט, רביצין, דאוונט. איז דער טייערער איד אין דער היים?

— דער טאטע איז אין דער אנדערער שטוב — האט צירעלע געענטפערט.

— ס׳איז זומער, הא? — האט מאקס גערעדט. — ביי אונז זומער איז הייס, אבער דא איז ווארעם. לינד. כ׳בין געפארען אין דער דראשקע און ס׳האט די גאנצע צייט געבלאזען א ווינטל. איר גרייט־צו מיטאג, הע? דא איז נאך א לעבען ווי אמאל. וואס וועט איר קאכען, קארטאפל מיט שטשאוו־בארשט?

— בלייבט דא, וועט איר עסען מיט אונז — האט צירעלע געזאגט.

די רביצין האט געמורמעלט מיט די דינע ליפען, געגעבען א ציטער, אז זי טאר נישט אויסרעדען. די זון האט זיך אפגעשלאגען אין איר שייטעל און עס איז געווארען פול מיט פארביגע הערעלעך פון אלערליי קאלירען.

מאקס האט עפעס מורא באקומען פאר דער דאזיגער אידענע. ס׳האט זיך אים אויסגעדוכט, אז ווי פרום און כשר זי איז, פארשטעהט זי אלע זיינע טרפה׳נע שטיקלעך. ווער ווייסט? זי איז אפשר אליין אויך א הייסע נקבה, איז מאקס׳ן דורכגעלאפען א רעיון. זי איז אוודאי נאך נישט אלט קא׳ פערציג יאר... ער האט געטאן עפעס אזויענס ווי א וואונק צו צירעלע׳ן.

ער האט געעפענט די טיר אין דער אנדערער שטוב. די זון האט אריינגעשיינט דורכ׳ן פענסטער און די שויבעדטירען פון באלקאן. דער מורה הוראה איז געשטאנען ביים שטענדער און געשריבען מיט א פען אויף א שניצל פאפיר. ווי אויסטערליש, דער טייערער איד האט אים נישט דערקענט. ער האט א זאג געטאן:

— וואס זאגט איר גוטס?

— איך בין מאקס, מרדכי, פון אמעריקע. דער רבי׳ דערקענט מיך נישט?

— הא? יא, אוודאי. ברוך הבא. זעצט אייך. זעצט אייך. אט־דא.

דער מורה הוראה האט זיך אוועקגעזעצט אויבען־אן ביים טיש. ער האט אנגעוויזען מאקס׳ן אן ארט ביי דער באנק.

מאקס האט א ווייל באטראכט דעם מורה־הוראה. א מאנסביל, א רב, מיט א רויטער בארד, אבער ער איז אויסטערליש ענליך צו צירעלע׳ן. ער דארף נישט זארגען אז די טאכטער איז נישט זיינע, ווי יענער דארט אין טעאטער, האט דער טראכטער אין מאקס׳ן גערעדט. מאקס איז געהאט געגאנגען אין לאנדאן אין אידישען טעאטער און מ׳האט דארט געשפילט „דער פאטער“, א פיעסע וואו א טאטע איז נישט זיכער צי דאס קינד איז זיינ׳ס. ווי וואויל ראשעל איז געווען אים, מאקס׳ן, געטריי פון דעם ערשטען טאג וואס זי האט זיך מיט אים באגעגענט, האט ער פונדעסטוועגען אויך געהאט זיינע איבערקלערענישען. ווער ווייסט וואס א פארשוינטע פון מיסטעראפ קאן אפטאן? ווי זיכער מ׳איז נישט, קאן מען קיינמאל נישט זיין זיכער. ארטורא איז געווען ענליך צו אים, מאקס׳ן. אבער מאקס פלעגט נישט איינמאל זיך גריבלען אין אלערליי רעיונות. ווען דאס אומגליק האט געטראפען מיט ארטורא׳ן, האט מאקס געקלערט, אז ס׳וואלט אים געווען ווילער ווען דער יונג איז א ממזר... מאלע, וואס ס׳לויפט אלץ פארביי דורך די געהירען!...

מאקס האט א זאג געטאן:

— רבי, כ׳האב אייך אוועקגענומען פון לערנען?

— ניין, ניין אוודאי דארף מען לערנען, אבער ס׳ווערט געזאגט: לא עליך המלאכה לגמור. ווי באלד די תורה האט נישט קא׳ גרונט, איז דאך נישט שייך צוצוקומען צום סוף. ס׳ווערט געזאגט, אז ווען איינער זיצט א גאנצען טאג און חזר׳ט דעם פסוק ואחות לוטן תמנע, איז ער מקיים דעם דין פון תלמוד־תורה. א חוץ דעם איז הכנסת־אורחים אויך א גרויסע מצווה. עפעס א קלייניגקייט, א איד, א אידיש פנים! — האט דער מורה הוראה גענומען א טאן העכער.

מאקס האט זיך צוגעהערט. ער האט נישט פארשטאנען אלץ וואס דער טייערער איד האט גערעדט, אבער די ווערטער האבען געהאט א חן. כ׳טאר די דאזיגע מענטשען נישט טאן קא׳ן עוולה, האט מאקס געקלערט. געזאגט האט ער:

— רבי, איר זענט א פארנומענער מענטש, א הייליגער איד, און כ׳בין נישט ווערט די בלאטע אונטער אייער פוס. איך בין א פראסטער מענטש, א גראבער יונג —

— חלילה, חלילה!

— רבי, לאזט אייך דינען! צו וואס זיך נארען? יאך בין וואס כ׳בין. כ׳בין געגאנגען אין חדר און מיין טאטע עליו השלום האט געוואלט כ׳זאל אריין אין א ישיבה און אלדאס איבעריגע, אבער מיך האט געצויגען, ווי מ׳זאגט, צום יאטקע־געסל. כ׳זאג דאס אלץ דערפאר איר זאלט נישט ווערען אויף מיר בייז. כ׳בין אריין אייערנעכטען צו אייך אין שטוב און ווי כ׳האב געטאן א קוק אויף אייער טאכטער, האב יאך גלייך געזעהן אז די שכינה רוהט אויף איר. אזוי פלעגט מען זאגען ביי אונז אין ראשקעוו. שעהן ווי די וועלט. איידל. טאקע ווי ס׳פאסט פאר דער טאכטער פון א הייליגען איד. ס׳פנים לייכט ווי די זון. ס׳האט מיר אזש א בלענד געטאן אין די אויגען. ווערט נישט בייז, רבי. א מאנסביל איז א מאנסביל. אפילו משה רבנו איז געווען א מאנסביל. א ביסל האב יאך געלערנט. כ׳האב אייך געזאגט, רבי, אז יאך בין אן אלמן. פריהער האב איך אנגעווארען מיין אינגל, אן איינציגער, אן אפגעציטערט קינד. און דערנאך איז מיין ווייב אויך געגאנגען א גאנג. שוין עטליכע יאר ווי כ׳וואלגער מיך ארום איבער דער וועלט. פאר אהין, פאר אהער. געלט האב איך א סך, אבער וואס איז געלט, אז ס׳הארץ איז באטריבט? כ׳ווייס אז כ׳בין נישט ווערט צו וואשען אייערע פיס און צו טרינקען ס׳וואסער, אבער א איד בין איך דאך. מיר שטאמען דאך אלע, ווי מ׳זאגט, פון איין פאטער. רבי, יאכ׳ל זיין מיין אייגענער שדכן. אייער טאכטער געפעלט מיר! כ׳בין א סך עלטער פון איר, כ׳וואלט געקאנט זיין איר טאטע, אבער ווען א מאנסביל איז עלטער איז דאס נישט פארדעכענט פאר אזא מאלעיר. זי וואלט געגאנגען ביי מיר אין גאלד! כ׳וואלט זי געטראגען אויף די הענט. כ׳וואלט געהאט איין גאט און איין צירעלע׳ן. אויב כ׳רעד נארישקייטען, רבי, זייט מיר מוחל. מ׳האט מיך נישט געלערנט ווי צו רעדען צו א הייליגען איד —

מאקס האט זיך אפגעהאקט. דער מורה הוראה האט אויפגעהויבען דעם בליק און די אויגען זיינע האבען אפגעשיינט אויסטערליש בלוי. די באקען איבער דער רויטער בארד האבען זיך פאררויטעלט און ער איז געווארען נאך ענליכער צו דער טאכטער ווי פריהער. א ווייל האט ער געשאקעלט מיט׳ן קאפ און די פאות האבען זיך מיטגעשאקעלט. דערנאך האט ער געפרעגט:

— וואו האט איר בדעה צו וואוינען, אין די ווייטע מדינות?

— רבי, כ׳על וואוינען וואו איר׳ט וועלען. אייער ווארט איז ביי מיר ווי געשריבען אין דער תורה. ווארשע איז א וואוילע שטאט. ווען כ׳וואלט חתונה געהאט מיט צירעלע׳ן, וואלט איך געמוזט פארען מיט איר און דארט, ווי מ׳זאגט, אויפגעבען אלע מיינע געשעפטן. ס׳וואלט געדויערט א פאר חדשים, אדער, העכסטענס, א האלב יאר. צו וואס ארויסווארפען געלט? הייזער מוז מען פארקויפען, אדער פארדינגען, און אזוי אויך פלעצער און אלץ מיט אנאנדער. כ׳וואלט געמאכט פון מיין גאנץ פארמעג בארעס געלט און דערנאך וואלטען מיר צוריקגעקומען אהער. נישט בלויז זי, נאר איר, רבי, וואלט אויך מער נישט געוואוסט פון קא׳ נויט. די רביצין וואלט נישט געדארפט שרייבען די קוויטלעך. איר וואלט געהאט אייער פרנסה, איבער׳ן מויל, און איר וואלט געקאנט לערנען תורה אהן זארג. אויב כ׳זאג אייך ליגען, רבי, זאל יאך נישט דערלעבען —

— מ׳טאר נישט שווערען! שווערט נישט! — האט דער מורה הוראה אים איבערגעריסען. — אפילו אויפ׳ן אמת טאר מען אויך נישט שווערען. ס׳ווערט געזאגט, אז ווען דער אויבערשטער האט א רוף געטאן: לא תישא, האט די גאנצע וועלט געציטערט —

— נו, רבי, כ׳וויל בלויז איר זאלט וויסען, אז כ׳דערצעהל עפעס נישט קא באבע־מעשה׳ס. אלץ איז אקוראט און געטריי. כ׳בין טאקע א פראסטער חי וקיים, אבער אז כ׳זעה עפעס גוטס, בין יאך א מבין. אפילו א פויער אין דארף ווייסט דעם חילוק צווישען א זאק און א זיידען קלייד —

— נו, נו, כ׳פארשטעה — האט דער מורה הוראה גערעדט עפעס ווי פאר זיך. — אזוינע זאכען טוט מען נישט איפדערגיך. אזוינע ענינים מוז מען איבערעדען מיט׳ן בני־בית. על פי דין דארף מען פרעגען דאס מיידל אויך, ווי ס׳שטעהט: נקרא לנערה ונשאלה את פיה... דאס הייסט: מיר׳ן רופען דאס מיידעל און פרעגען צי זי איז וויליג —

— אוודאי, רבי, ווי דען? אויב כ׳געפעל איר נישט, וועט מען זי צו דער חופה נישט שלעפען. זאל דער רבי איבערשמועסען מיט דער רביצין, מיט צירעלע׳ן און אלץ מיט אנאנדער. כ׳ווייס, אז כ׳בין נישט ווערט צו קריגען אזא בריליאנט, אבער ס׳וועט איר זיין גוט ביי מיר, זי׳ט לעבען ביי מיר ווי א גראפינע, און נעבען איר וועט דער רבי אויך ווערען אויפגעריכט. מיין געלט וועט זיין אייער געלט. כ׳על קויפען די קינדער אייערע זשופיצלעך און וואס נאר זיי וועלען הארפען. די קראכמאלנע איז נישט קא׳ גוטע גאס, צופיל פעבל. מיר׳ן זיך ארויסציהען אין די אנדערע גאסען, וואו די לופט איז פרישער און ס׳איז דא א בוים און נישט אזויפיל גרוביאנעס און שנארערס. איר׳ט דארט אויך קאנען זיין א מורערוע אויב איר׳ט וועלען און אויב נישט, זיצט און לערנט און איר׳ט זיין באזארגט מיט פויגל־מילך. כ׳רעד ווי אן עם־הארץ, אבער מיינע געדאנקען זענען ריין — האט מאקס גערעדט, געפלעפט פון די אייגענע ווערטער.

מאקס האט געהאט א נאמען פאר איינעם וואס „קאן איבערעדען א שטיין“. ער האט אליין איצט נישט געוואוסט, צי זאגט ער ליגענס אדער ס׳רייסט זיך ארויס פון אים דער אמת.

דער מורה הוראה האט אונטערגעהויבען די יארמולקע און זיך געטאן א פאכע.

— איר קאנט דא אויך האבען אייערע מסחרים?

— מיינע געשעפטען זענען גוט אומעטום. א חוץ דעם האב יאך שוין אנגעזאמעלט גענוג כ׳זאל אפילו לעבען הונדערט יאר. מ׳לייגט אריין דאס געלט אין דער באנק און מ׳לעבט פון די פראצענטער. ביי אונז אין ראשקעוו פלעגט מען דאס רופען: שניידען קופאנעס. הייזער און פלעצער דארף מען אין יעדען לאנד. מיר וואלטען אפגעדונגען א גאנצען שטאק מיט צוויי גרויסע דעפארטמענטס און מיר וואלטען געוואוינט א טיר נעבען א טיר. כ׳וויל אייך זאגען, רבי, אז כ׳שטאם נישט עפעס פון קיין שטיין. מיין טאטע עליו השלום איז געווען א כשר׳ער איד, א בעל־עגלה. ווען דער טריסקער רבי איז געקומען קיין ראשקעוו, האט ער נאר געוואלט פארען אין אונזער בריטשקע, ווייל ער האט מורא געהאט — כ׳האב שוין פארגעסען ווי מ׳רופט דאס —

— שעטנז.

— יא, רבי, שעטנז. יאך האב שוין געהאט פארגעסען, אבער איר, רבי, געדענקט. ער האט איינמאל געוואלט אונטערלייגען א קישעלע, האט מיין טאטע אויפגעטרענט ס׳געזעס און געוויזען אז ס׳איז פלאקס אהן וואל. ער איז נישט געווען קא׳ קנעלער, אבער ער האט געקאנט אין די קליינע אותיות. מיין מאמע עליו השלום איז געגאנגען שבת אין א קאפקע. מיר׳ן געוואוינט אין איין שטוב, אבער וואס צו גאט איז צו גאט. אז אורח איז געקומען און ער האט געגעסען ביי אונז גלאט־כשר. כ׳וואלט געשוואוירען, אבער מ׳טאר נישט שווערען. אין דעם אמעריקע האב איך מיך א ביסל דערוויטערט פון אידישקייט, אבער דא, רבי, בין איך א איד!

און מאקס האט זיך גענומען פויקען מיט דעם מיטעלסטען פינגער אין ברוסט־קאסטען. דער מורה הוראה האט אויף אים א קוק געטאן מילד, פריינטליך, מיט קרובה׳שער היימישקייט.

— אלץ איז פון הימל, — האט ער געזאגט. — ס׳שטעהט, אז פערציג טאג איידער דער מענטש ווערט געבוירען רופט מען אויס: בת פלוני לפלוני. כ׳זיץ און זארג, וואו נעמט מען פאר מיין טאכטער נדן און דא שיקט מען אייך צו פון די ווייטע מדינה׳ס. מיין טאכטער איז א ביסל א הייניטיג־וועלטישע — האט דער מורה הוראה געענדערט דעם טאן. — זי קוקט אריין אין די צייטונגען און דערפון ווערט מען אויפגעקלערט. מיר׳ן געוואלט טאן מיט איר א שידוך מיט א מלמד׳ס א זוהן —

— כ׳ווייס, רבי, ר׳ זיינוועלע.

דער מורה הוראה איז געבליבען זיצען א פארבליפטער.

— פון וואנען ווייסט איר, הא?

— כ׳ווייס, רבי, כ׳ווייס, ווי איר קוקט מיך אן, בין יאך נישט קא׳ פארשלאפענער.

— מ׳רעדט אויף איר, הא?

— מענטשען האבען לאנגע צונגען. אבער כ׳האב זיי געזאגט: ווען

(שלוס אויף בינטעל־בריף זייט)

# שוים

פון

## י. וואַרשאַווסקי

(שלוס פון זייט 2)

אַ מיידל וויל ניש, טאָר מען זי נישט נייטען.

דער מורה הוראה האָט זיך אָנגענומען ביי דער באָרד און באַלד צוריק אָפּגעלאָזט.

— מיר'ן זי, חלילה, נישט געניט, אָבער זי איז אַ נערוועאישע, ווי די מוטער. די נערוועז, דאָס איז אַ קראַנקהייט. מ'ווערט איינגאַנצען צעקאָכט און מ'טוט זאַכען וואָס ס'טוט דערנאָך באַנג. היינט רופט מען דאָס נערוועז. אַמאָל האָט מען דאָס פּשוט גערופען: יצר־הרע. די גמרא זאָגט: אַ מענטש זינדיגט נישט סאַידען ס'געהט אַריין אין אים אַ רוח שטות. נו, אָבער ס'איז דאָ בחירה און מ'קאָן אַלץ בייקומען, אַז מ'וויל שטאַרק. די דאָקטוירים האָבען אַ נאָמען געטאָן די עברה'ס נערוועז, מ'זאָל נישט דאַרפען טאָן קאַ' תשובה, וואָרים אויף אַ שלאָפקייט דאַרף מען נישט קאַ' תשובה־טאָן. ס'איז אָבער אַ טעות. ווען אַ מענטש וואָלט נישט געקאָנט צוויימען דעם כעס, וואָלט כעס נישט געווען קאַ' זינד —

— יאָ, רבי. אָבער ס'טרעפט, אַז מ'פאַלט אַריין אין אַ יוכע און מ'קאָן זיך מער נישט נעמען אין די הענט. דאָרט וואו איך וואוין, איז געווען אַ גוי, אַ שפּאַניער, און ער האָט געהאָט אַ ווייב און אַ ליובאָווניצע. ס'ווייב האָט זיך דערוואוסט, און זי'ט אים גענומען יאָדען. ער'ט שוין געהאָט קינדער מיט דער אַנדערער אויך. איין יענע לענדער איז דאָס אַן אַנגענומענע זאַך. קורץ און גוט. זי איז אים אַזוי דערגאַנגען די יאָר אַז ער האָט אַראָפּגענומען די ביקס פון דער וואַנט און זי דערשאָסען און אַלע קינדער פאַר אַ צולאַג. דערנאָך איז ער אַוועק צו דער מעטרעסע און דאָרט געטאָן דאָס איי־גענע. איין מיידעלע פון פינף יאָר האָט זיך באַהאַלטען אונטער'ן בעט און אַזוי איז זי געבליבען לעבען. ווען דער פאָטער האָט זיך אויך געוואָלט דערשיסען, האָט זיך די ביקס פאַרהאַקט און מ'האָט אים גענומען אין קרימינאַל —

דער מורה הוראה האָט פאַרצויגען די ברעמען.

— מ'האָט אים אויפגעהאַנגען, האַ?

— ניין, אַוועקגעשיקט אין אַ משוגעים־הויז.

— וואָס האָט ער דאָ אויפגעטאָן? ער'ט אָפּזיצען די יאָרען אין אַ משוגעים־הויז און אויף יענער וועלט וועט ער אָפּגעבען דין וחשבון. ס'פאַרגאָסענע בלוט שרייט פון דער ערד און איז מקטרג אויפ'ן רוצח. לויטנט צוליב אַ רגע כעס אָפּצוטאָן אַזאַ זאַך? ווי לאַנג לעבט מען? מ'האָט אונז אַראָפּגעשיקט אַהער טאָן גוטס, נישט, חלילה, קאַ' שלעכטס...

מאַקס איז געבליבען זיצען אַ ווייל שטום.

— הייליגער רבי, ס'איז אמת. יעדעס וואָרט וואָס איר זאָגט איז אויסצוקושען.

— אויב ס'וועט מיט'ן אייבערשטענ'ס הילף ווערן פון דעם שידוך, וויל איך איר זאָלט זיין אַ איד.

— וואָס בין איך, אַ גוי?

— אַ איד דאַרף האָבען אַ באָרד. דער מענטש איז באַשאַפען בצלם אלוקים, און די באָרד — —

— וואָס דער רבי וועט מיך הייסען, וועל איך טאָן.

ס'האָט זיך דערהערט אַ רויש אין קיך און די טיר פון בית־דין־שטוב האָט זיך געעפענט. די רביצין האָט אַריינגעשטעקט אַ ברעג שייטל.

— זיי מוחל!...

(פאָרזעצונג מאָרגען)

# שווים

## נאָוועלע

פון
יצחק ווארשאווסקי

(פארזעצונג)

7

ווען מאקס איז ארויס פון מורה־הוראה איז נאך נישט געווען איינס אזייגער. ער איז געגאנגען מיט די טרעפ פאמעלעך. ער האט ארויסגענומען א טיכל און אפגעווישט דעם שטערן. ביים טויער איז ער געבליבען שטעהן א ווייל.

— וואס טהו איך דא? וואס פאר׳א קאשע האב איך דא פארקאכט? — האט ער גערעדט צו זיך. — איכ׳ל אפ׳גט׳ען ראשעל׳ן. איכ׳ל נישט ארייגשלעפען דעם טייערען איד אין א בלאטע. אויב יא, דארף מען מיך צעשניידען אויף שטיקער!... ער האט נישט געוויינט, אבער די אויגען זענען אים געווען פייכט. — גאט אין הימל, שטראף מיך אויב איכ׳ל פארשעהמען די דאזיגע כשר׳ע מענטשען! שיק אויף מיר פרעה׳ס מכות!...

מאקס האט זיך געלאזט שפאנען צוריק צו דער גנאיבע. דער טייערער איד האט אים געהייסען קומען מארגען. ער דארף, האט ער געזאגט, זיך מיישב־זיין מיט׳ן בני־בית... עפעס איז מאקס׳ן האט גענומען רוישען ווי א מאשין.

— איכ׳ל מער נישט געהן אהין!

— האט ער ביי זיך אפגעפאסט. — איכ׳ל אפהאקען ווי לאנג ס׳איז צייט!... איכ׳ל נישט געהן צו דעם שמואל סמעטענע אויך. כ׳על מיך נישט ארייגלייגען מיט א געזונטען קאפ אין א קראנק בעט... איכ׳ל איינפאקען מיינע זאכען און גלייך אוועקפארען קיין ראשקעוו! — האט ער גערעדט צו זיך. ער האט מער נישט געוואוסט וואוהין ער געהט. די פיס האבען אים ארייגגעפירט אין א גאס פול מיט געוועלבען פון פרוכטען און גרינסען. ביי די טירען זענען געשטאנען זעק מיט ציבעלעס, זעק מיט קנאבל. אויף די ווענט האבען געהאנגען בונטע געטרוקענטע שוואמען. דערנאך איז ער ווידער פארביי די באנק, וואס ער האט פריהער באטראכט פון דער דראשקע. ווידער איז ארייגעפארען א קעטשל און פון הינטען זענען געזעסען צוויי זשאנדארמען. מאקס האט זיך אפגעשטעלט און ארייגעקוקט אין הויף. אלערליי באאמטע זענען געגאנגען אהין און צוריק מיט פאפירען. מאקס איז פארביי די סענאטארען־גאס (ער האט זי דערקענט דורכ׳ן טורעם פון ראט־הויז) און איז ארויס אויפ׳ן טעאטער־פלאץ. אלץ איז געבליבען ווי נעוועז: די אפערע, סאמאדעני׳ס קאפע. א ריזיגע פלאטפארמע איז אנגנעפארן, פול מיט דעקאראציעס.

— נו, ס׳טוט זיך אויף דעם וועלט, — האט מאקס צו זיך געמורמעלט, — אבער ווי באלד מ׳איז אויס מאנסביל, וואס פאר׳א ווערט האט טעאטער? וואס איז מיר געבליבען?

ער איז אריין אין קאפע און באשטעלט קאווע מיט קוכען. דא זענען נישט געווען קיין אידישע צייטונגען און דער קעלנער האט אים צוגעטראגן אן אילוסטרירטן זשורנאל. ס׳זענען דא געווען פאטאגראפיעס פון עפעס א פרינץ מיט א פרינצעסין, וואס האבען ערשט נאר חתונה־געהאט. מאקס האט זיך אינגאנצען ארייגגעטאן אין די דאזיגע בילדער. פיר פאושען האבען אונטערגעהאלטען דעם שלעפ פון חופה־קלייד. דער חתן האט געטראגען א מונדיר מיט עפאלעטען. ס׳האבען זיי ארומגערינגעלט מענער מיט מעדאלען, דאמען אין היטען מיט שטרויס־פעדערען. וואו איז דאס ערגיץ — אין דייטשלאנד, אין רוסלאנד, אין ענגלאנד? — האט מאקס זיך געפרעגט. ס׳האט אים געשווינדעלט פאר די אויגען. ס׳האט אין אים געזאטען א צארן.

ווי וואויל ער האט אליין אלע יארען זיך געיאגט נאך דער לוסט פון לייב, האט אין אים זיך אויפגעוועקט עפעס אזוינס ווי אן אלט־אידישע גרינגשעצונג צו דער וועלט און אירע נארישקייטען. ווי פלעגט מען זאגען אין ראשקעוו? הבל־הבלים... אלץ איז אייטל, פוסט. היינט לעבט מען, מארגען שטארבט מען. נאך וואס יאגט מען זיך? נאך דעם אייגענעם שאטען...

ער האט זיך ארומגעקוקט און געזעהן מענער, פרויען, יונגע, אלטע. ווער ס׳האט געלייענט א צייטונג און ווער — א זשורנאל; ווער ס׳האט גערעדט צו עמיצען און ווער ס׳האט געמורמעלט צו זיך אליין. א גיריגקייט איז געלעגן אויף אלע פנים׳ער און א פארזארגטקייט. ס׳האט זיך געדוכט, אז יעדער איינער פון זיי האט פארשפעטיגט, געמאכט עפעס א טעות און ווייסט נישט ווי אזוי אים צו פארריכטען.

— וויפיל זיי פארמאגען, ווילען זיי מער, — האט מאקס געטראכט, — האבען זיי הונדערט טויזענט רובל, ווילען זיי א מיליאן. האבען זיי איין נקבה, ווילען זיי דריי... איך בין דען אנדערש? ווען ארטורא האט געלעבט און ראשעל איז געווען צו מיר א גוט ווייב, האב איך מיך ארומגעשלענדערט מיט אלערליי הורען... איצט, אז כ׳האב גארנישט, וויל איך אראפפירען פון וועג דעם טייערען איד׳ס מיידעל. קיינמאל נישט! קיינמאל אין דער וועלט נישט! — האט מאקס שיער נישט א געשריי געטאן. ער האט אוועקגעלייגט א פויסט אויפ׳ן טיש, — בעסער פגר׳ען!...

נאך א ווייל האט ער באצאלט דעם קעלנער און זיך געלאזט געהן צופוס צום האטעל. ער האט געהאט פארגעסען די ווארשעווער גאסען, אבער ס׳איז לייכט געווען זיך צו דערמאנען. ער האט פון מאל צו מאל אפגעשטעלט א פארבייגעהער און געפרעגט. ער איז ארויס אויף דער נאווא־סענאטארסקע, זיך ארייגעדרעהט אין דער טרעמבאצקע און ער האט באלד זיך געפונען נישט ווייט פון האטעל. ער איז ארויף מיט דער ווינדע און זיך אוועקגעלייגט אויפ׳ן בעט אין די מלבושים.

ער האט געהאט ביי זיך אפגעפאסט נישט צו געהן צו שמואל סמעטענע, אבער דערביי האט ער געוואוסט, אז ער וועט יא געהן. ער איז געהאט וועניג געשלאפען היינטיגע נאכט און די אויגען זענען אים צוגעפאלען.

ער האט זיך איבערגעוועקט און דער זייגער האט געוויזען צוואנציג צו פיר. ער האט נישט געהאט געגעסען קיין מיטאג, אבער ער איז נישט געווען הונגעריג. די רייזל קארק וועט אוודאי צוגרייטען יענע סעודה! — האט ער צו זיך גערעדט. ער האט געעפענט די שראנק, די שופלעדער, גענומען זיך אויספוצען. ער האט אנגעטאן א העלען אנצוג און א טייער העמד, וואס ער האט געקויפט אין פאריז פאר צוועלף פראנק. ער האט געהאט א נייעם קראוואט אויך. וואס ברענגט מען אזא שטיקל סחורה, ליקער, בלומען, א באנבאניערע? עפעס מוז מען איר ברענגען.

מאקס איז אראפ אין גאס און אריין אין א וויין־געשעפט. ער האט דערזעהן א ריזיגע פלאש שאמפאניער, א מאגנום. דער פארקויפער איז גלייך געווארען צוגעזאטען. ער האט גענומען לויבען דעם וויין. עס איז דער בעסטער סארט וואס מ׳קאן נאר קריגען! ער האט געבאטען א הויכען פרייז. לאמיך נישט קומען צו קיינעם ווי א בעטלער, האט מאקס געקלערט. כ׳וויל נישט קיינעם אפעסען די ביינער...

— נו, וואס דארף איך מיך אזוי ערגערען? כ׳על מער נישט געהן צו דעם טייערען איד און באסטא. די רביצין וויל מיך נישט סאי־וויסאי... מאקס איז ווידער געווארען האפערדיג. אט אזוי איז דאס צר געגאנגען מיט אים לעצטענס. דא איז ער געווארען טרויעריג און דא אויפגערוימט. ער האט זיך מיטאמאל דערמאנט דעם טייערן איד׳ס ווערטער, אז נערווען איז דאס אייגענע וואס דער יצר־הרע...

ע, שמאנצעס! וואס ווייסט אזא איד וועגען דאקטאריע! אלץ וואס ער קאן איז זיך שאקלען איבער די ספרים... דאס וואס ס׳פאסירט מיט אים, מאקס׳ן, איז נערוועז, נישט יצר־הרע. אלע דאקטוירים האבען געזאגט דאס אייגענע: אין בוענאס איירעס, אין לאנדאן, אין פאריז, אין בערלין. איין דאקטאר האט אים, מאקס׳ן, אפילו געוויזען א בילד פון א נאקעטען קערפער פול דורכגעפלאכטען מיט נערווען. דער דאקטאר האט געזאגט, אז בלויז אין אויער זענען דא טויזנטער נערווען. כ׳האב באלד נישט געדארפט קריכען אין אזא פרומער שטוב — האט מאקס זיך אליין גע׳מוסר׳ט. אזא ווי צירעלע דארף חתונה־האבען מיט אירסגלייכען.

דער זייגער האט אנגעהויבען זיך דערנעהענטערען צו פינף און מאקס איז איינגעזעסען אין א דראשקע. ער האט דא אין ווארשע געהאלטען אין איין פארען אין דראשקעס. ער האט נאך נישט ארייגעשמעקט אין קיין טראמוואי. די פארבייגעהער האבען אים נאכגעקוקט ווי ער זיצט אן אויסגעפוצטער מיט א פלאש איינגעפאקט אין ראזע פאפיר. מאקס האט געהייסען דעם טרייבער אנקומען דורך דער ציעפלע, אים צוגעזאגט טרינק־געלט פאר אנלייגען וועג און יענער איז געפארען מיט דער קרולעווסקע, דער גזשיבאווסקע און פון דארט זיך ארייגעדרעהט אין דער ציעפלע.

מאקס איז ארויף מיט די טרעפ און אנגעקלאפט אין דער טיר. ער האט נאך אויף די שטיגען דערשמעקט די ריחות פון רייזל קארק׳ס קלאפסען. ס׳האבען זיך גלייך דערהערט טריט און מאקס האט דערזעהן א ווייבל מיט שווארצע האר, א העל פנים, גרויסע שווארצע אויגען, א געבויגענער נאז. דערזעהן מאקס׳ן, איז איר פנים געווארען פול מיט שמייכל. א ניש־קשה׳דיג שטיקעל סחורה, האט מאקס געטראכט. דאס ווייבל האט גענומען רעדען א היימישען פוילישען אידיש.

— וואס האט ער דא אנגעברענגט? מאמעלעד קריין, זעהט נאר די פלאש! וואס איז דאס? שאמפאניער? אוי, כ׳חלש אוועק! גו, קומט אריין, וואס שטעהט איר ביי דער טיר? סקאצל קומט!...

זי האט ארייגעפירט מאקס׳ן אין א שטוב וואו ס׳איז שוין געשטאנען א געדעקטער טיש. אויף א שטייג איז געזעסען א פאפוגיי. אויף די ווענט האבען געהאנגען בילדער פון האלב־נאקעטע פרויען און אויך לאנדשאפטען. ס׳האט זיך דא געפונען א ריזיגע סאפע, איבערגעצויגען מיט א בארדא סאמעט. די דירה האט מאקס׳ן דערמאנט אן א „בעסער" שאנד־הייזל. רייזל קארק האט אויסגעזעהן ווי א „מומע". זי האט א זאג געטאן:

— שמואל דארף באלד קומען. גיט מיר אייער קאפעליוש! וואס טוט מען מיט שאמפאניער?

— מ׳שטעלט אים אריין אין אייז.

— גוט, כ׳האב אייז. כ׳האב שוין ניש׳ געטרונקען שאמפאניער אפשר הונדערט יאר!

— ווי אלט זענט איר, צוויי הונדערט? — האט מאקס גלייך אנגעשלאגען דעם פאסיגען טאן.

— טיילמאל דוכט זיך מיר, אז כ׳בין נעכטען געבוירען געווארען און טיילמאל קומט פאר אז כ׳דרעה זיך שוין דא ארום טויזענט יאר — האט רייזל גערעדט. מאקס׳ן איז געפעלען איר קול. ס׳האט געהאט אין זיך די הייזעריגקייט פון יענע וואס האבען ליב צו געניסען, ווערען קיינמאל נישט מיד און נישט זאט.

— אט דאס איז פאר מיר, דא בין איך ביי מיר אין דער היים, — האט מאקס צו זיך געזאגט.

רייזל האט גענומען זיין שטרויהוט און געכאפט א בליק אינעווייניג.

— א פאנאמא, הא?

— פון בעסטען סארט.

— דאס וואס יאך האב ליב; אלץ פון בעסטען סארט. שמואל האט מיר דערצעהלט וועגען אייך און ס׳איז מיר געווען א שאד וואס כ׳בין נישט אריין יענעם אוונט אין שענק. עך זאל וויסען, אז כ׳האב א שוועסטער אין בוענאס איירעס!

— וואו? אויף וואס׳ער גאס?

— יונין, אדער כונין, כ׳ווייס נישט ווי זיי רעדען דאס ארויס.

— כ׳קען די גאס — האט מאקס געזאגט און געטראכט האט ער: כ׳ווייס שוין מיט וואס דיין שוועסטער פארנעמט זיך.

רייזל קארק האט זיך גענומען אין אים אייבקוקען און ער האט זי אפגעמאסטען מיט מבינות. זי איז א קאפעלע דיקליך, אבער נישט צופעט. זי האט געהאט אן אויסטערליש העלע און גלאטע הויט און גרויסע, גלאנציגע אויגען, וואס האבען געקוקט אויף א מאנסביל מיט אפעטיט, מיט געניטשאפט, אהן א שפור פון בושה. מיט אזא פארשווינטע קאן מען גלייך רעדען וועגען אכצער־און־דרייציגען, האט מאקס באשלאסען. די שווארצע האר האט זי פארקעמט ארויף. דער האלז און די ארעמס זענען געווען נאקעט. זי האט נאך נישט קיין איין קנייטש, האט מאקס באמערקט. זי האט געהאט דעם סארט מויל וואס איז ווי געפורעמט צום קושען, די אויבערשטע ליפ עטוואס פארשארצט ארויף. ס׳האבען ארויסגעקוקט ווייסע ציינער. דאס קלייד איר׳ס איז שווארץ און האלב־דורכזיכטיג.

מאקס האט א זאג געטאן:

— ס׳איז זומער אינדרויסן, הא?

— שוין צייט. מיר׳ן געהאט א שווערען ווינטער. אבער דא, דאנקען גאט, איז ווארעם אין די גרעסטע פרעסט. עך ווילט אפשר א טרונק? כ׳מאך אליין לעמאנאדע און כ׳טהו אריין א ביסל רום, ס׳זאל האבען א טעם. איר׳ט זיך אסור נישט פאר׳סמ׳ען.

— איכ׳ל ווארטן אויף שמואל׳ן.

— ער׳ט שוין דא געדארפט זיין, אבער מיט עים קאן מען קיינמאל ניש׳ וויסן. ער געהט אין גאס און עס פארהאלט אים א רעוויראווי, אבער אפילו דער קאמיסאר אליין. מענטשען יאגען עים נאך און אלע ווילען נאר טובה׳ס. ער זאגט קיינעם נישט אפ. איין גאט און איין שמואל סמעטענע. מ׳דארף האבען צו זיי אייזערנע כוחות און די דאקטוירים הייסען אים גאר פארען קיין מאריענבאד.

— וואס איז אים?

— שמאלץ אויפ׳ן הארץ. ער קאן אויפהויבען צען פוד, אבער אז ער

(שלוס אויף בינטעל־בריף זייט)

# שוים

פון
**י. ווארשאווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

געהט ארויף א פאר שטאק שטיגען, נעמט ער פרייכען.

— ער איז שוין נישט אזוי יונג.

— א מאנסביל איז שטענדיג יונג. ס'ווענדט זיך מיט וועמען ער איז.

מאקס האט שיער נישט א זאג געטאן: נו, ביסט דאך טאקע יענער קארק!... ער האט געהאט א פארלאנג צוצוגעהן און זי ארומנעמען, אבער ער האט זיך אפגעהאלטען. ער האט א פרעג געטאן:

— ווי געהט עס אייער שוועסטער, גוט?

רייזל קארק האט זיך אוועקגעזעצט אויף א ברעג שטוהל, קעגען מאקס'ן, וואס איז געזעסען אויף דער סאפע.

— נישט שלעכט. ס'איז לאנג צו רעדען. מיין דינסט שלאגט־אונטער דעם בארשט און כ'מוז געבען א קוק וואס זי טוט, וויל ער קאן אמאל ווערען גערונען. ווי זאגט מען דאס? מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שארען. כ'הער, איר האנדעלט דארט מיט הייזער.

— הייזער און פלעצער. די שטאט בויט זיך. וואו מיט פינף יאר צוריק איז געווען א פעלד, אדער א לאנקע, איז היינט א גאס. מיט מיר איז געשען אן אומגליק. מיינ'ס א זוהן —

— כ'וויס, כ'וויס.

— פון וואנען ווייסט איר?

— מיין שוועסטער האט מיר געשריבען. מיר'ן נעכטען דערהאלטען א בריוו.

— אייער שוועסטער קען מיך?

— יא, זי קען אייך. איר האט אפשר געהערט פון מאדאם שאיעווסקי? דארטען רופט זי זיך סעניארא.

— ניין, כ'קען זי נישט.

— זי קען אייך יא. זי'ט געשריבען אז איר'ט אפשר זיין דא אין ווארשע און אז כ'זאל מיך מיט אייך באקענען. א קליין וועלטל, הא?

— ס'איז טאקע אויסטערליש.

— אט קומט שמואל און דערצעהלט מיר וועגען אייך און באלד צומארגענס קומט־אן א בריוו און — ווידער וועגען אייך. אויב אזוי, טראכט איך, דארף מען דעם מענטש אנקוקען.

— וואס זעהט מען פון בלויזען אנקוקען? גארנישט.

— יאך זעה אלץ.

— וואס זעהט איר?

— דאס וועל איך אייך זאגען ביי אן אנדער געלעגענהייט. מיר וועלען נאך רעדען און רעדען. אז מ'פאלט אריין אין מיינע הענט, קאן מען זיך אזוי גיך נישט ארויסדרעהען — האט רייזל א זאג געטאן מיט א שמייכל און מיט א וואונק. זי האט זיך אויפגעשטעלט:

— לאמיך נאר זעהן וואס זי'ט געטאן מיט מיין בארשט!...

אר־ווא, דאס איז א נקבה מיט אן אוירינגל! — האט מאקס צו זיך געזאגט. ער איז געבליבען זיצען א באנומענער. ער האט אליין נישט געוואוסט וואס ער באגערט מער: די קלאפסען און דעם בארשט, וואס די ריחות זייערע האבען זיך דורכגעריסען אהער, אדער די אייגענטימערין. ער האט ערשט נאר געהאט געזאגט רייזל'ען אז ער איז נישט דורשטיג, אבער ס'האט אים געטרוקענט אין האלז און ער האט באדארפט טרינקען.

מאקס איז צוגעגאנגען צום פענסטער און ארויסגעקוקט אין הויף. קינדער האבען זיך געשפילט אין יאגעלעך, אין פאלאנט און קליפע. א מיידל האט מיט צוויי שטעקעלעך פארבונדען מיט א שטריקל געווארפען אין דער הויך א סארט גומענעם קוילער און אים צוריק געכאפט: א דיאבאל.

ווען מאקס איז אוועק פון ווארשע, איז די שטאט געווארען פאר אים שיער נישט ווי א חלום. אבער אט איז ער ווידער דא און אלץ לעבט, צאפעלט.

מאקס האט דערהערט ווי רייזל עפענט די טיר. ער האט פארנומען פון קארידאר א שארכעניש. רייד. שמואל סמעטענע איז אנגעקומען.

(פארזעצונג פרייטאג)

# שוים

## נאָוועלע

פון
**יצחק וואַרשאַווסקי**

(פאָרזעצונג)

8

נאָכ'ן נאָכטמאָל האָט שמואל סמעטענע געזאָגט, אַז ער מוז זיך צולייגן. ער איז געהאַט אויפגעשטאַנען פריה. ער האָט געהאַט אַ סך געגעסען און אַ סך געטרונקען. רייזל האָט אים אַריינגעפירט אין שלאָף־שטוב. ער האָט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן בעט אין די מלבושים און האָט גלייך גענומען שנאָרכען.

רייזל קאַרק און מאַקס באַראַבאַנדער זענען געבליבען זיצען אין דער שטוב וואָס איז, אַפּנים, אַ קאָמבינאַציע פון אַ סאַלע און אַן עס־צימער. די דינסט האָט אָפּגערוימט דאָס געשיר. רייזל האָט זיך אָנגעגאָסען ליקער אין אַ גלעזל, אָבער זי האָט בלויז פון מאָל צו מאָל געטאָן אַ לעק און אַ שמעק. מאַקס באַראַבאַנדער האָט זיך האַלב־אָנגעלעהנט אויף דער סאָפע. רייזל איז געזעסען אויף אַ שטוהל. ס'האָט אָנגעהויבען ווערען טונקל. די דינסט האָט געפרעגט צי זי זאָל נישט אָנציגדען דעם גאַז און רייזל האָט געענטפערט אַז ס'איז נישט נויטיג. די זון, וואָס איז אונטערגעגאַנגען ערגיץ אין וואַלד, האָט געוואָרפען פורפורנע פלעקען אויף די ווענט און אַפילו אויף רייזל'ס פּנים.

רייזל האָט גערעדט וועגען איר שוועסטער. וואָס איז די חכמה פון אָוועקפאָרען אַזוי ווייט, אַפילו נאָך ווייטער פון אַמעריקע? זי, רייזל, האָט בלויז איין שוועסטער. אָבער אַזוי איז געשען. ס'איז בעסער נחת פון פרעמדע ווי צרות פון דער נאָהענט.

ביסלעכווייז האָט רייזל אַרויפגעפירט דעם שמועס אויף „אַכצען און דרייצען". די שוועסטער אירע, די סעניאָרא שאַיעווסקי (איר ערשטער נאָמען איז פייגעלע, אָדער פאַניע), האָט אַ סאַלאָן, וואו מענער קומען פאַרברענגען. מיידלעך ווערען עלטער, אָפּגעלאַקירט. פון מאָל צו מאָל האָט איינע חתונה. מ'ווערט קראַנק אויך און ס'זאָל אַזוי נישט טרעפען ווי ס'טרעפט — מ'שטאַרבט. ס'געשעהט אויך אַז אַ מיידל לאָזט זיך אַריין אין שיכרות. מענער זענען ווי קינדער. זיי ברויכען אַלעמאָל אַ נייע שפּילעכל, אַ נייע פּופּע. זי, רייזל, האָט אַ סך קאָנטשאַפּט אין וואַרשע. זי קאָן מיידלעך שעהנהייטען. דאָ, אין וואַרשע, וואָלטען זיי זיך נישט אַריינגעלאָזט מיט קיין מאַנסליים, ווייל זיי האָבען משפּחה און ס'לוינט נישט אויך. וואָס מ'שטיינסגעזאָגט קאָן מען שוין דאָ דערגרייכען? אָבער ווען זיי האָבען אַ געלעגענהייט צו פאָרען קיין אויסלאַנד, זיך צו קליידען שעהן, וואָלט מען געקאָנט ביי זיי פּועל'ן. די הויפּטזאַך איז: מ'דאַרף אַלץ טאָן מיט געלענק. רייזל'ס שוועסטער, די סעני'אָרע שאַיעווסקי, האָט שוין אַ סך מאָל געשריבען צו איר, אָבער צו אַזוינע עסקים דאַרף מען אַ מאַנסביל. שמואל סמעטענע טויג נישט הערצו. ער קאָן רעדען מיט אַ קאָמיסאַר, נישט מיט אַ שעהן מיידל.

רייזל קאַרק האָט אַ זאָג געטאָן:

— דאָ רעדט מען נאָך אַלץ אַז מ'כאַפּט־אויף מיידלעך. נאַרישקייטען. ס'איז נישט קיין צייט פון קאָסאַפּערלעך. מיידלעך דרעהען זיך דאָ אַרום פּוסט און פּאַסט. מ'וויל אָנקוקען די וועלט, אָבער מ'האָט נישט אויף די הוצאות. מ'קאָן אַפילו נישט קריגען קיין לייטישע שטעלע ביי אַ באַלעבאָסטע. וועגען חתונה האָבען איז נישטאָ וואָס צו רעדען.

— פאַרוואָס נישט?

— ס'מינדסטע שניידערל פאַרלאַנגט אַ נדן. אַ פּריקאַשטשיק אויף דער גענשע, וואָס קראַצט צוגויף צוועלף רובל אַ וואָך, וויל מ'זאָל אים אָפּגילטען...

ס'איז געוואָרען אַלץ טונקעלער. רייזל'ס פּנים איז געוואָרען פול מיט שאָטענס. בלויז די אויגען האָבען געגלאַנצט אין בין־השמשות, גרויסע, טונקעלע. ס'האָבען זיך געצונדען אין זיי פונקען. רייזל האָט אַ זאָג געטאָן:

— ווען יאָך בין אַ מאַנסביל, וואָלט יאָך איבערגעקערט די וועלט.

— וואָס וואָלט איר געטאָן?

— וואָס נישט? אַ מאַנסביל קאָן געהן אומעטום, זאָגען וואָס ער וויל. פאַרשלאָגען אויף וועמען ער וואַרפט אַן אויג. מיר ביידע צוזאַמען וואָלטען געקאָנט מאַכען אַ פאַרמעגען.

— שמואל גיט אייך נישט גענוג?

— אַ מענטש איז אַ חזיר...

דאָ האָט זי גערעדט פאַרשטעלט און דאָ — אָפען. זי, רייזל, קאָן וועגבירען פרויען. ער, מאַקס, דאַרף זיי בלויז צורעדען. איר שוועסטער, די סעניאָרא שאַיעווסקי, ווייסט וואו אַ טיר עפענט זיך. געלט איז נישט קיין אָפּהאַלט. דער מאַרק איז אַ גרויסער. מ'זוכט שעהנע פרויען אומעטום: אין אַרגענטינע, אין בראַזיל, וואו נאָר מענער פאָרען אַהין די פאַמיליעס. פאַרשטעהט זיך, מיט יעדען וויטיש מיידל מוז מען רעדען אַנדערש. טייל קאָן מען אויפדעקען די קאָרטען, אַנדערע ווילען מ'זאָל זיי טרעלען (נאַרען). מ'דאַרף זיך מיקלאָמפערשט אין זיי איינליבען. אַן אמת'ער מאַנסביל ווייסט ווען צו געבען אַ קוש און ווען — אַ זעץ. ווי נאָר די מויד איז אין אַ פרעמד לאַנד, אַהין אַ פּאַס, אַהין אַ גראַשען, מיט אַ שטומער צונג, טוט זי וואָס מ'הייסט זי. די פּאָליציי איז אונטערגעשמירט. די הויפּט־זאַך איז: אַריבערצוברענגען די נקבה אויף יענער זייט גרעניץ און זי אויפזעצען אויף דער שיף. דאָס איבעריגע איז שוין אַ קלייניגקייט.

רייזל האָט אַ זאָג געטאָן:

— מיין שוועסטער איז גערעכט. איר זענט דער מענטש דערצו.

— פאַרוואָס איז זי נישט געקומען צו מיר קיין בוענאָס איירעס?

— אייער ווייב לאָזט נישט צו.

— נו, אַזוי.

מאַקס האָט פאַרוויכערט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט אָנגעצונדען אַ שוועבעלע און דערזעהן אויף אַ וויל רייזל'ס צורה. זי האָט אויסגעקוקט ערנסט און אַפילו אַ קאַפּעלע דערשראָקען. מאַקס האָט וואויל געוואוסט וואָס ער דאַרף ענטפערען: ער איז צו אַלט פאַר אַזוינע גליקען, נויטיגט זיך נישט אין קיין געלט, האָט אַנדערע זאָרגען אויפ'ן קאָפּ. אָבער ס'איז גוט געווען דאָ צו זיצען מיט דער דאָזיגער פאַרשוינטע. דאָס קול איר'ס האָט אים ווי געגלעט. זי האָט גערעדט וועגען מאַנסבילשען מין מיט אַ סאָרט יונג־מיידעלשער התפּעלות, וואָס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַזאַ געניט שטיק. מ'ווייסט דען וואָס ס'טוט יך אָפּ ביי יענעם אין מוח? — האָט מאַקס געקלערט. — אַ פרוי קאָן האָבען הונדערט מאַנסליים און בלייבען אַ פאַרנאַרישט מיידעלע. געזאָגט האָט ער:

— וואָס זאָגט איר צו דער ציירעלע'ן, דעם טייערען איד'ס טאָכטער?

— אַנטלויפט פון איר ווי פון פייער!

— פאַרוואָס עפּעס, האַ?

— זי איז נישט פאַר אונזער סגאַל. זי'ט זיך איינגעליבט אין אַ סטרייקער, וואָווע. מ'האָט אים אָוועקגעלייגט אויף אַ דעמאָנסטראַציע און ווען זי'ט געהערט די בשורה, איז זי געפאַלען חלשות. זי וויל — ווי רופט מען דאָס? — די קאָנסטיטוציע.

— כ'וואָלט זי געקאָנט אַריבערברענגען קיין אַרגענטינע.

— ס'אַ שאָד די הוצאות.

רייזל האָט אַלץ אויפגעקלערט. פאַר די טרפה'נע מסחרים דאַרף מען מיידלעך שעהנע, אָבער פון פראָסטע הייזער, אַזעלכע וואָס קאָנען זיך נישט חתמ'נען. די „שמענטעליגענטקעס" האָבען גרויסע פּיסקעס און קאָנען יענעם ברענגען אויף דער תליה. אין דער צייט פון די סטרייקען זענען זיי געזעסען אין פּאַציאַטע־שטיבלעך און צונויפגעלייגט באָמבעס. ביי איינער איז די באָמבע אַראָפּגעפאַלען פון טיש און איר אָפּגעריסען ביידע פיס. צו וואָס זיך לייגען מיט אַ געזונטען קאָפּ אין אַ קראַנק בעט? זי, רייזל, האָט צוויי אָדער דריי מיידלעך, וואָס מ'קאָן מיט זיי שוין איצט דורכקומען. עס איז בלויז דער אָנהויב. ס'וואַקסען אויף טעכטער נאַקעט און בלויז. אויב זיי געהען אַרבעטען אין די פאַבריקען, קריגען זיי די שווינדזוכט. מ'לאָזט גאָר נישט צו קיין אידישע מיידלעך. די אידישע באַלעבאַטים אַליין ווילען שיקסעס. די רייפּערקעס, יענע, וואָס שטעלען־צו דינסטען, האָבען צען מוידען פאַר איין שטעלע. די מיאוס'ע האָבען נישט קיין ברירה, אָבער ווען אַ מיידעל איז שעהן, ברויך זי נישט ליידען. מאַקס האָט אַ פרעג געטאָן:

— ווען קאָן איך אָנקוקען די סחורה?

— אַפילו היינט באַנאַכט.

— ווי וועט קומען די קאַץ איבער'ן וואַסער?

— פּתח שין — שאַ!...

און מאַקס האָט געזעהן אין דער דעמערונג ווי רייזל לייגט־צו אַ פינגער צום מויל.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אויפגעלעהנט די טיר צו דער שלאָף־שטוב. נאָך אַ ווייל האָט זי די טיר צוריק צוגעלעהנט.

— ער'ט אַזוי אָפּכאַמערען ביז איינס אַזייגער.

מאַקס האָט זיך אויך אויפגעהויבען. ער איז אַקעגענגעקומען רייזלען און זי אָנגענומען ביי די היפּטען.

— איר זענט אַליין אויך אַ נישקשה'דיג שטיקעל סחורה.

רייזל האָט געטאָן אַ שטילן לאַך.

— געווען אַמאָל.

— נאָך איצט אויך.

— שמואל האַלט מיך פאַר אַ באָול...

מאַקס האָט זיך איינגעבויגען און געטאָן רייזל'ען אַ קוש אין די ליפּען. זי האָט אים אַרומגעכאַפּט, זיך איינגעגעסען אין זיין מויל. זי האָט סאַי געקושט, סאַי געביסען. ער האָט געקראַגען צו איר חשק. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— נו, אַזוי.

— יאָ, מיין טייערער. מיר ביידע קאָנען אויפטאָן גרויסע זאַכען...

ער האָט זי געפירט צו דער סאָפע אויף היינטערוויילעכץ. זיינע קני האָבען אונטערגעשטופּט אירע קני. ביי דער סאָפע האָט רייזל זיך פון אים אָפּגעריסען.

— נישט אַזוי.

— ווי אַזוי?

— אַזוי ווי ער כראָפּעט, אַזוי קאָן ער זיך אונטערהערען... ער האָט די נשמה פון אַ שפּיאָן...

רייזל האָט געפליסטערט, געכיכעט. זי, רייזל, איז נישט קיין רביצין, אָבער זי איז געבליבען שמואל'ן געטריי — גאַנצע צוועלף יאָר. מענער האָבען זי נאָכגעיאָגט, אָבער קיינער איז איר נישט געפעלען. ס'געהינטעכץ, צי לאַטקעס אויפ'ן פלאַץ, דערוועקען אין איר אַ מיגל. קיין לייטישער מאַנסביל קומט נישט אויף דער קראָכמאַלנע. אַנומעלט איז צוגעשטאַנען צו איר אַן אַקטיאָר פון אידישען טעאַטער, אָבער אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט איז רעדען און זיך באַריהמען. דער שמואל סמעטענע איז געווען אַמאָל אַ העלד, אָבער איז שוין נאָך די זעכציג. ער האָט זיך פאַרלאָזט אַ טרעלבוך. ער טרינקט צופיל ביר. רייזל האָט אַ זאָג געטאָן:

— אין מיינע יאָרען איז געלט בילכער ווי ליבע. מ'ווערט נישט אינגער, נאָר עלטער.

מאַקס האָט אַמאָל געהערט די אייגענע רייד פון זיין טאַטע'ן, אָבער דער טאַטע האָט עס געזאָגט קעגען דעם, וואָס מ'דאַרף זיין אַ איד, נישט זינדיגען, טאָן תשובה. ער פלעגט באַזונדערס רעדען אַזוינע שטראָף־רייד אין חודש אלול, ווען אַ פיש אין וואַסער ציטערט און אידען געהען צו סליחות. אָבער רייזל קאַרק האָט גאָר אַן אַנדער מיין: די עלטער רוקט זיך אָן און מ'דאַרף זיך באַזאָרגען מיט געלט.

זיינע, מאַקס'עס, חלומות זענען פאַר רייזל קאַרק פּראַקטישע פּלענער: זי וויל ער זאָל פירען נקבה'ס קיין אַרגענטינע. זי וועט אים העלפען. זי וועט ווערען זיין שותּפ'טע. זיין געליבטע אויך. זי האָט אים שוין באַצייטענס דערלאַנגט אַ קוש וואָס האָט אים אויפגערודערט. מאַקס האָט פאַרגעסען אַלע זיינע שוואַכקייטען, אייערדעניישען און מורא'ס. זי איז געשטאַנען נעבען אים ביי דער סאָפע און צוגעהאַלטען זיינע האַנט־געלענקען מיט אירע הענט, מיט אַ כּוח וואָס זעלטען אַ ווייבספאַרשוין פאַרמאַגט. ס'האָט

(שלוס אויף זייט 3)

# שזים

פון

**י. ווארשאווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

געהויכט פון איר מיט ווייבערשער גבורה און מיט צוזאגען וואס פאר׳שיכור׳ען.

זי האט אים איינגערוימט אין אויער:

— כ׳על קומען צו דיר!

און אים געטאן א ביס אין ליצפל.

— ווען? נו, גוט.

— איינע פון די מיידלעך דינט דא אין הויף. אויב איר ווילט, וועל איך זי הייסען אריינקומען.

— וואס איז מיט די באלעבאטים?

— זיי זענען נישטא אין דער היים.

— בוינע...

מאקס האט זיך אוועקגעזעצט אויף דער סאפע. ער האט געהערט ווי רייזל הויבט־אויף דאס טרייבל פון טעלעפאן אין קארידאר, קלאפט אין די גאפעלעך, פארבינדט זיך מיט דער סטאציע. ס׳איז געווארען אינגאנצען פינסטער, אבער ס׳האט אריינגעשיינט די ליכט פון די אקעגענאיבערדיגע פענסטער.

מאקס האט געהאט א געפיהל, אז ער האט שוין דאס אלץ אמאל דורכגעלעבט. ער האט זיך וואויל אפגעגעבען א חשבון, אז די רייזל קארק שלעפט אים אריין אין א זומפ. ער דארף נישט דאס געלט. ער האט שוין לאנג ביי זיך אפגעפאסט זיך צו פירען באלעבאטיש. אבער אין זיין מצב טאר ער נישט דורכלאזען קיין שום געלעגענהייט. די דאזיגע רייזל איז א קנויל פייער. זי קאן אמאל אפטאן פון אים דעם כישוף. זי וועט אים צושאנצען אנדערע אייך. עפעס וועט זיך שוין דא טאן. ווארשע איז נישט לאנדאן, אדער בערלין, וואו ער האט זיך ארומגעדרעהט איינער אליין. אזוי לאנגווייליג איז אים געווען אין לאנדאן, אז ער איז אריינגעגאנגען אין ווייטשעפל הערען א דרשה פון א מיסיאנער. אין בערלין, אויף גרענאדיר שטראסע, איז צוגעשטאנען צו אים א שנארער פון גאליציע און ביי אים אויסגענארט פופציג מארק.

דאנקען גאט, דא זוכט מען שוין אים, מאקס׳ן, אנשטאט ער זאל זיך יאגען נאך אנדערע. דער טייערער איד דארף אים מארגען געבען תשובה. צירעלעווארט אויף אים. ער האט זיך געקושט סאי מיט צירעלע׳ן, סאי מיט אסתר דער בעקערין און איצט מיט רייזל קארק. מארגען אין אוונט וועט ער זיין ביי בערנארד שקאלניקאוו. די שוועסטער זיינע וועט ארויסרופען די גייסטער פון די געשטארבענע...

רייזל איז אוודאי געהאט אוועק אין קיך. אדער אפשר איז זי געגאנגען ברענגען יענע, די דינסט. מאקס איז געזעסען אן איינגעהילטער אין דער פינסטערניש. וואס קאן איך דא אנווערען? — האט ער גע׳טענה׳ט צו זיך. — ערגער ווי ס׳איז מיר, קאן שוין נישט זיין. אפילו תפיסה איז ווילער ווי ארומדרעהען זיך אויף דער פריי און נישט קאנען געניסען. אפילו דער טויט איז בעסער...

דאס קליינוואָרג אין הויף האט זיך, אפנים, אויפגעהערט שפילען. א שטילקייט האט אריינגעשטומט דורך די פענסטער, א באנאכטישע מנוחה. מאקס האט געזעהן א פאס הימל, עטליכע שטערן. ס׳איז אים אויפגעפאלען, אז די שטערן דא זענען אנדערע ווי אין ארגענטינע. וואס אזוינס טוט זיך דארט? וואוינען דארט טאקע מענטשען ווי ס׳איז געשטאנען אין יענעם קאלענדאר? ער האט דערהערט טריט. רייזל איז אריינגעקומען.

— די מויד קומט באלד. מיר׳ן שמועסען אין קיך.

ס׳האט אלץ געהאט דעם טעם פון א פארשווערונג. מאקס האט זיך אויפגעהויבען און איז אקעגענגעגאנגען רייזל׳ען. ער האט זיך געמוזט היטען זיך נישט אנשטויסען אן א ברעג טיש אדער א שטוהל. ביי דער טיר האט ער ארויפגעלייגט ביידע הענט אויף רייזל׳ס אקסלען.

— ווען וועסטו קומען צו מיר?

— שא!... ער דארף באלד פארען קא׳ לאדזש... ר׳האט דארט א דיעלא...

ווי וואויל מאקס האט געהאט א פארגעניגען פון דעם דאזיגען גנבה׳שען סוד, האט עס אים ערגיץ־וואו פארדראסען. א מאנסביל איז פאר זיי גארנישט ווערט, האט ער געטראכט. מ׳צאפט ביי אים ארויס די ממתקים און מ׳האט אים טיף־טייער־אין־דער־ערד. ווער ווייסט? ראשעל טוט אפשר דאס אייגענע. וואס אזוינס קאן זי אפהאלטען?

ווי פארדארבען ער, מאקס, איז, אזוי האט ערגיץ זיך באהאלטען אין אים אן ערליכער איד, א מוסר־זאגער. ער האט אים געשראקען מיט׳ן טאג פון טויט, געווארענט מיט׳ן גיהנום און שטעכבעטל. עס האט זיך אנגעהויבען באלד נאך דעם אומגליק מיט ארטורא׳ן און ס׳האט אים קיינמאל נישט אינגאנצען אפגעלאזט. זאל דאס אלץ קומען פון ראשעל׳ן און איר מאגנעטיזם, ווי בערנארד שקאלניקאוו האט געזאגט? ס׳איז נישט איר לשון. גיכער האט זיך אים אויסגעדכט גלייך דער טאטע וואלט דורך עפעס א פארהוילענעם כוח גערעדט צו אים פון קבר־ארויס...

(ווייטערעס — מארגען)

# שווים

## נאָוועלע

פון
**יצחק ווארשאַווסקי**

(פאָרזעצונג)

9

מאַקס האָט געהאַט איינגעדרימעלט אויף דער סאָפע. ער האָט זיך איבערגעוועקט און ס'האָט זיך געלויכטען אין קאָרידאָר. ער האָט דערהערט צוויי ווייבערשע שטימען: רייזל'ס און נאָך איינע, אַ אינגערע. רייזל האָט אַ רוף געטאָן:

— מאַקס, זייט אַזוי גוט!

מאַקס האָט זיך אָפּגעשאָקעלט. ס'האָט זיך אים געהאַט עפּעס געחלומ'ט, אָבער ער האָט נישט געדענקט וואָס. ער איז אַרויס אין קאָרידאָר און פון דאָרט אַריין אין קיך. ס'איז געווען אַ גרויסע קיך, מיט אַ געקאַפּעלטען דיל און מיט קופּערנע בעקענס אויף די ווענט. ס'האָט דאָ געברענט אַ גאַז־לאָמפּ.

אויף אַ קיך־בענקל איז געזעסען אַ מיידל מיט פייער־רויטע האָר, גרינע אויגען, אַ פּנים פול מיט זומער־שפּרינקעלעך. זי האָט געהאַט אַ קורצע נאָז און דיקליכע ליפּען. רייזל קאַרק האָט געהאַט געזאָגט אַז זי איז אַ שעהנע, אָבער מאַקס האָט נישט געזעהן אין איר קיין שעהנקייט. זי איז קיין מיאוס'ע אויך נישט, האָט ער געטראַכט. — ווען מ'וואָלט נאָר געקאָנט אָפּקראַצען דעם קלאַיען פון איר הויט!... זי האָט געטראָגען אַ סיצען קלייד און אַ שאַלכל אויף די אַקסלען. ס'האָט געהויכט פון איר מיט אַ פּראָווינצער היימישקייט. אפשר איז זי אַמאָל פון ראַשקעוו? — איז מאַקס'ן איינגעפאַלען.

ווען מאַקס איז אַריין, האָט דאָס מיידל געמאַכט אַ מינע ווי זיך אויפצושטעלען, אָבער זי איז געבליבען זיצען. מאַקס האָט געוואָרפען אַ בליק אויף אירע שיך. זיי האָבען געהאַט לאַטעס. זיי האָבען זיך פאַרקנעפּעלט אויף קנעפּלעך.

רייזל האָט אַ זאָג געטאָן:

— פ אַ נ י ע באַראַבאַנדער, דאָס איז דאָס מיידל.

— ווי הייסטו, האַ?

— באַשע?

— פון וואַנען ביסטו, באַשע?

— פון אַפּאָלע.

— אַפּאָלע, האַ? כ'ווייס, ס'איז דאָ אַזאַ שטעטל. וואָס טוט דיין טאַטע?

— אַ מעקלער.

און דאָס מיידל האָט געטאָן עפּעס אַזויינס ווי אַ לאַך.

— האָסט שוועסטער און ברידער?

— דריי ברידערלעך און צוויי שוועסטער. איך בין די עלטסטע.

— ווי אַלט ביסטו, האַ?

— ניינצען יאָר.

— זעהסט אויס ווי זעכצען. אַלע אין דיין משפּחה האָבען רויטע האָר, אָדער בלויז דו איינע?

— איך און איין ברודערל...

— וואָלסט געוואָלט אַוועקפאָרען פון רוסלאַנד? — האָט מאַקס געפרעגט, נישט זיכער צי ער האָט געדאַרפט אַזוי גיך קומען צום פּסוק. דאָס מיידל האָט גלייך געענטפערט:

— וואָס האָב איך דאָ? כ'אַרבעט אָפּ דעם גאַנצען זמן און מ'גיט מיר אַכט רובל. אַז כ'פאָר אַהיים אויף יום־טוב און כ'קויף אַ קליידל, אָדער אַ מתנה, ווערט ס'געלט צעטרענצעלט. די מאַדאַם זאָגט, אַז אין אַמעריקע צאָלט מען גוט און אַ דינסט קאָן אָנזאַמלען אַ נדן. כ'וויל נישט אייביג דינען. די באַלעבאָסטע שאַפט מיט מיר אַ גאַנצען טאָג און כ'קאָן אַפילו מיך נישט לייגען שלאָפען ווען כ'וויל. זיי שטעהען אויף שפּעט און זעקס אַזייגער פאַרטאָג מוז איך שוין זיין אויף די פיס —

— זעצט אייך, מאַקס, שטעהט נישט — האָט רייזל קאַרק אים אונטערגערוקט אַ שטוהל.

— זעצט אייך אויך. אַזוי. דאָ איז נאָך אַלץ ווי מיט דרייסיג יאָר צוריק — האָט מאַקס אָנגעהויבען רעדען. — אַלץ איז געבליבען אַלטפרענקיש. אין אויסלאַנד האָט זיך דאָס לעבען געטאָן אַ רוק. וואָס, אַ שטייגער, טויג דיר אַ שאַל אין אַזאַ הייסען טאָג? און די שיך מיט די הויכע כאָלוועס זענען שוין אויך נישט מאָדיש אין זומער, ווען ס'איז הייס. דאָרט פרעגט מען דיך נישט וואָס דו ביסט און וועמ דו ביסט. אַז דו ביסט אַ מיידל, ביסטו אַ סעניאָרינאַ און אַז דו האָסט חתונה ביסטו אַ סעניאָראַ. דאָרט אַהין זענען נישט געפאָרען קאַ' יחסנים. דער טאַטע קאָן זיין אַ גנב און די טאָכטער געהט אין שטאַטען און פירט די גרענדע. קיינער טראָגט דאָרט ניש' קאַ' שייטל אָדער אַ קאָפּקע, ווי דאָ. ס'איז אַלץ פאַנאַטיזם פון מלך סאָביעסקי'ס צייטען. צו וואָס אָפּשערען די אייגענע האָר און אָנטאָן האָר פון אַ פּרוי וואָס איז אפשר שוין געשטאָרבען? און אַזוי איז מיט אַלץ. מ'האָט אָנגעשריבען אין די ספרים זאַכען וואָס נישט־געשטויגען נישט־געפלויגען. קיינער עסט מער נישט כשר וואו איך וואוין. אפשר איז ערגיץ דאָ אַ שוחט, נאָר פאַלג מיך אַ גאַנג און געה זוך אים. וואָס איז די נפקא מינה דעם אָקס ווי אַזוי מ'הרג'עט אים? אַלץ איז פאַרגעשריטען און אַ מיידל ציטערט נישט פאַר קאַ' מאַנסביל. דאָרט ביי אונז זענען דאָ מער מאַנסלייט ווי פרויען און מ'גיט אָפּ אַ מיידל — ווי הייסט עס? — דאַמען־עהרע. די הויפּטזאַך איז: נישט צו זיין פאַרשלאָפען און צו פאַרגעסען דער באָבע'ס תחינה — —

מאַקס האָט דאָס אַלץ גערעדט עפּעס ווי פון אויסענווייניג. די אייגענע רייד האָבען אים פאַר'חידוש'ט. רייזל קאַרק'ס פּנים איז געוואָרען פול מיט שמייכל. אין די אויגען אירע האָט עפּעס אויפגעלויכטען. ער האָט, ווייזט־אויס, געהאַט איר צוגעטראָפען. ער האָט געזאָגט גענוי וואָס ס'איז נוצליך.

באַשע האָט אַראָפּגענומען דאָס שאַלכעל. אויף איר פּנים האָט זיך צעלייגט אַ געמיש פון שמייכל און שעמעוודיגקייט.

— יאָ, ס'איז אמת. עס דאַרפט זעהן ווי ס'איז אין אַפּאָלע — האָט באַשע געענטפערט. — דאָרט איז נאָך ווי פאַר הונדערט יאָר. כ'קום אַהיים אויף יום־טוב און ס'הויבט זיך אָן די העצע; דאָ מעק דיך נישט און דאָ שטעל דיך נישט. די מאַמע וויל כ'זאָל מיטגעהן מיט איר אין ווייבער־שוהל, אָבער מיר זענען מיד די פיס פון שטעהן. די רייכע ווייבער זיצען אויף די בענק און אונז מוזען שטעהן ביי דער טיר. דער חזן זאָגט און מ'הערט גאָרנישט וואָס —

— נו, כ'זעה אַז ביסט אַ מיידל מיט פאַרשטאַנד. אויב דו ווילסט פאָרען מיט מיר, דערצעהל נישט קיינעם קיין שום זאַכען. מענטשען פאַרגינען נישט. זיי האָבען מאַגען און קינדער און קאָנען זיך מער נישט אַרויסריהרען, און זיי ווילען אַז אַלע זאָלען בלייבען שטעקען אין דער בלאָטע. אַז מ'וויל פאָרען קיין אויסלאַנד דאַרף מען האָבען אַן אויסלענדישען פּאַס און דאָס קאָסט פינף און צוואַנציג רובל. אָבער דאָס איז פאַר גבירים, וואָס פאָרען אין וואַרעמבעדער, נישט פאַר דיין סגאָל. מ'עט דיך אַריבערשוואַרצען איבער דער גרעניץ און דאָרט דאַרפסטו מער נישט קיין שום פּעסער. וועסט איינזיצען אין אַ שיף און דאָרט וועט מען דיך שוין אַרויסנעמען און דיך באַזאָרגען. איך אַליין האָב אַ געשעפט, און אויב וועסט נישט טויגען פאַר מיר, וועט מען דיך אַריינגעבען ערגיץ אַנדערש. מ'עט דיר אויסטאָן די שמאַטעס און דיך אויסקליידען ווי אַ פּריצה, מיט אַ הוט, אַ טאַש, אַ שעהן מענטעלע. ס'זענען דאָ ביי אונז אַזעלכע וואָסערלעך וואָס אַז מ'שמירט זיך מיט זיי, פאַלען אָפּ די שפּרינקעלעך. דו האָסט אוודאי אַ ווייסע הויט ווי מילך. הויב־אויף דעם אַרבעל. לאָמיך טאָן אַ קוק.

באַשע האָט זיך געצעגערט אַ ווייל. דערנאָך האָט זי פאַרשאַרצט דעם אַרבל. מאַקס האָט זיך איינגעקוקט אין איר אָרעם מיט מבינות.

— וואָס האָב איך געזאָגט? ווייס ווי שניי. מ'האָט דיר נישט געשטעלט קאַ' פּאָקען? האָסט נישט קיין צייכענס.

— פּאָקען? כ'ווייס נישט. ניין.

— אָט דאָס איז רוסלאַנד. ביי אונז, ווי נאָר אַ קינד ווערט געבוירען, שטעלט מען אים פּאָקען. מ'עט דיך נישט אַרויפלאָזען אויף דער שיף אויב וועסט דיר נישט שטעלען קאַ' פּאָקען. אָבער איך וועל שוין אַלץ באַזאָרגען. איין זאַך מוזסטו געדענקען; שווייגען. אויב וועסט רעדען איין וואָרט, מאַכסטו אַלץ קאַליע.

— צו וועמען וועל איך רעדען? פאַר דער מאַדאַם דאָ היט איך מיך נישט. זי ווייסט אַלע מיינע סודות.

— האָסט שוין געהאַט אַ חתן, אָדער וואָס?

— קיינעם נישט. דאָרט, וואו כ'בין, טשעפּען זיך די בחורים, אָבער כ'האָב זיי געגעבען אַ פּסק. זיי מיינען, אַז ווייל כ'בין אַן אָרעם מיידל קאָן מען מיך אויסנוצען. שבת געהען זיי מיט'ן באַלעבאָס אין שוהל אַריין, אָבער אין מיטען דער וואָך זענען זיי גאַנצע פּאַצעטען —

— גוט. האַלט דיך אין דער מעלה. אַז מ'וויל נעמען, דאַרף מען געבען. אומזיסט, זאָגט מען ביי אונז, געהט מען אין באָד אַריין. דאָס איז אין ראַשקעוו. אין וואַרשע קאָן מען אַפילו נישט געהן אין באָד אַריין אומזיסט. דו פאַרשטעהסט מיין געדאַנק?

— יאָ, כ'פאַרשטעה.

— אַז וועסט נישט זיין קיין נאַר, וועסטו עסען אין סוכה.

— ווען פאָרט עך? — האָט באַשע געפרעגט נאָך אַן איבערטראַכטעניש.

— ס'עט נאָך דויערען אַ ביסל, אפשר עטליכע וואָכען, אָדער אַ פּאָר חדשים, אָבער מיר'ן פאָרען. ביז דאַמאָלסט מאַך דיך תמ'עוואַטע. רייזל וועט דיך שוין אַלץ צו־וויסען־טאָן. אויב איכ'ל דיך דאַרפען, וועל איך קומען אַהער. כ'הער אַז ס'איז דאָ ביי דיין אַלטען אַ טעלעפאָן און גיב מיר דעם נומער. וואָס טוסטו שבת?

— אַ, מ'דאַרף ברענגען דאָס טשאָלענט פון בעקער. וואַשען ס'געפּעס לאָזען זיי נישט, ווייל ס'איז נישטאָ קאַ' הייס וואַסער, אָבער מ'מוז צונויפנעמען די כלים. אויף שלוש סעודות ווערען זיי הונגעריג און כ'מוז ברענגען זויערמילך.

— קאָנסט אַרויסגעהן אויף אַ פּאָר שעה?

— אפשר. יאָ.

— איכ'ל דיך באַגעגענען ערגיץ און מיר'ן געהן אין אַ טעאַטער, אָדער אַ צוקערניע. איכ'ל דיר קויפען אַ קלייד און וואָס דו ברויכסט. דאָס איז קרעדיט. אַז וועסט פאַרדינען, וועסטו מיר באַצאָלען.

— איר זענט אַ גוטער מענטש.

— כ'בין נישט גוט. כ'טו עס פאַר מיינע אייגענע נוצען. כ'האָב געשעפטען און מיר דאַרפען מענטשען. מענער פּעהלען נישט אויס, אָבער ס'זענען דאָ אַזוינע אַרבעטען וואָס דערצו טויגען בלויז מיידלעך. דער עיקר איז: טאָן וואָס מ'הייסט דיך. ווען דו פאָרסט מיט מיר, בין איך דיין טאַטע, דיין מאַמע, דיין שוועסטער, דיין חתן. דאַרפסט בלויז פאָלגען און אַלץ וועט שוין זיין גוט און פיין.

— יאָ, כ'פאַרשטעה.

— וואָס זאָגסטו?

— הלוואַי זאָל דערפון עפּעס ווערען.

— ס'עט ווערען. דער עיקר איז: האַלטען ס'מויל. איין וואָרט דו זאָגסט עמיצען, מעג דאָס זיין דיין בעסטע פריינדינע, און ס'ווערט גלייך אַ גערייד און אַלץ צעפאַלט זיך. גאָדיר אַ רובל!

און מאַקס האָט אַרויסגענומען דעם טייסטער. באַשע האָט אָנגעבויגט דעם קאָפּ.

— פאַרוואָס עפּעס אַ רובל?

— פאַר דיינע שעהנע אויגען. ביי דיר אַ רובל איז אַן אוצר, אָבער ביי מיר שפּילט דאָס ניש' קאַ' ראָל. וועסט מיר אָפּגעבען. כ'על צו דיר נישט צולייגען. כ'שרייב עס אַריין אין אַ ביכעלע און ס'בלייבט ביי מיר פאַרשריבען. קויף דיר עפּעס, אַ פּאָר זאָקען, אָדער וואָס דו ברויכסט. וואָלסט מיך געקאָנט באַגעגענען שבת איינס אַזייגער?

— איינס אַזייגער איז צו־פריה. ביז זיי זינגען־אָפּ די זמירות און בענטשען, איז שוין טיילמאָל צוויי.

— דריי אַזייגער איז גוט?

— דריי יאָ.

— בוינע. טרעף מיך דריי אַזייגער אויף דער ציעפּלאַ גאַס. ס'איז דאָרט דאָ אַ קאַזאַרמע און דו זיי אַקעגענאיבער. איכ'ל דאָרט זיין פונקט דריי אַזייגער און מיר'ן אַלץ איבערשמועסען. אָט איז אַ רובל.

און מאַקס האָט דערלאַנגט דעם מיידל אַ זילבערנעם רובל.

— אוי, אַ שעהנעם דאַנק.

— נעם און פאַרנוץ אים געזונטערהייט. מיר זענען מענטשען, נישט חיות.

— זאָל איך שוין געהן?

— יאָ, קאָנסט איצט געהן — האָט רייזל איר געענפערט. — אָבער פאַרגעס נישט צו זיין שבת דריי אַזייגער קעגענאיבער דער קאַזאַרמע. לאָז נישט דעם מענטש וואַרטען אויף דיר, און זאָל דאָס בלייבען אַ סוד פאַר אונז דריי. מיר'ן דיר אָסור ניש' טאָן קאַ' שלעכטס.

— אַ גוטע נאַכט. עך זאָלט זיין געזונט.

— אַ גוטע נאַכט.

ווי נאָר באַשע האָט פאַרמאַכט ד' טיר, איז רייזל צוגעלאָפען צו מאַקס'ן, אים אַרומגענומען, צוגע־

(שלוס אויף בינטעל בריף זייט)

# שׂוים

פון

**י. וואַרשאַווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

דריקט צו זיך. זי האָט אַ רוף געטאָן:

— מאַמעלעך, דו ביסט שוין יענער מאַנסביל! דו רעדסט אַזוי אַז ס'איז אויסצוקושען יעדעס וואָרט. וואו האָסטו עפּעס גענומען אַזאַ געשליפען צינגל? אַז די מויד איז נישט צעגאַנגען פון גליק, איז זי שטאַרקער פון אייזען. מיט אַזאַ מויל קאָנסטו פאַרפירען די קייסערינע אַליין!

— מ'האָט זי שוין פאַרפירט. ס'טוט זיך אָפּ אין די בלעטער. ווי הייסט ער? ראַספּוטין.

— האָ? כ'האָב עפּעס געהערט. וואָס זאָגסטו צום מיידל, האָ?

— נישט אַזאַ יפה־פיה.

— אַ כשר'ע בתולה. זאָל מען זי נאָר אויספּוצען, וועט די אייגענע מאַמע זי נישט דערקענען. אַ פרישׁ שטיקל סחורה. כ'האָב שענערע אויך. וואָס האָבען זיי דאָרט? אַלטע טליקעס.

— זי זאָל נאָר נישט אַלץ אויספּלוישען.

— זי'ט שווייגען ווי יורקע'ס החנט. דאַרפסט וויסען, כ'האָב זי שוין צוגעגרייט. אָבער דאָס וואָס ביי מיר דויערט וואָכען, טוסט דו אין צען מינוט. טרעפסט גלייך אין פינטל. דו רעדסט זיי צום האַרץ. וואָס וועסטו טאָן מיט איר שבת? זי טריפה־מאַכען?

— אַזוי גיך?

— אַזאַ ווי דו קאָן אַלץ. קאָן איך דיר זאָגען דו? האָסט גערעדט מיט איר און כ'בין געוואָרען פּעפערזיכטיג. יאָך וואָלט גאָר דיך געדאַרפט האָבען אין וואַרשע.

— קום־מיט קיין אַרגענטינע.

— און וואָס וועט זיין מיט שמואל'ען? דאָ קאָן ער שוין אַלעמען, איז אויסגעקאַכט מיט יעדען קנעפּל. נעם אים אַוועק פון וואַרשע און ער איז אויס קאַפּעליוש־מאַכער.

— לאָז אים איבער.

— האָ? אפשר טאַקע. ער האָט אַ ווייב. עפּעס וועט שוין זיין צווישען אונז. דו ביסט אין מיין גוסט. וואָס וואָלט איך געטאָן אין בוינעס איירעס?

— מיר וואָלטען אַ האַלב יאָר געווען דאָרט און אַ האַלב יאָר דאָ.

— אַזאַ יאָר אויף מיר ווי ביסט גערעכט. ווען מיר אַרבעטען צוזאַמען, וואָלטען מיר געשאַרט גאָלד. וואָרט, כ'על טאָן אַ קוק צי שמואל שלאָפט.

רייזל קאַרק איז אַרויס אין קאָרידאָר. מאַקס האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. נו, ס'איז אַלץ געשפּילט זיך. כ'על נישט ווערען קיין אַלפאָנס אויף דער עלטער... מאַקס האָט טיף אַריינגעצויגען דעם רויך.

ער האָט געהערט די אַלע רייד בלויז זיך אויסצופיינען פאַר רייזל'ען, איר צו ווייזען וואָס פאַר'אַ כוח ער האָט אויפ'ן ווייבערשען מין. זאָל דאָס מיידל האָבען אַ רובל. ס'עט איר צונוצקומען. זי איז אַן אָרים קינד.

...מאַקס האָט פאַרצויגען די ברעמען. געדאַנקען האָבען זיך אים געשפּינט אין די געהירען, אָבער ער האָט אַליין נישט געוואוסט וואָס זיי זענען. אויב די רייזל זאָל אָפּטאָן פון אים דעם כישוף, וואָלט ער זי מיטגענומען מיט זיך. מיט וואָס איז זי ערגער פון ראָשעל'ן? אַ סך בעסער. דער שמואל וועט געפינען אַן אַנדערע. דאָס אויף דער קראָכמאַלנע איז ער קייסער...

מאָדנע, גאָר ס'האָט זיך געהאַט אויפגעוועקט אין אים, מאַקס'ן, עפּעס אַזוינס, וואָס מ'רופט אויף דעם היינטיג־מאָדישען לשון — געוויסען. ער האָט נאָר זיך געשראָקען נישט עמיצען וועה צו טאָן. ער האָט נייערט געמוזט זיך פאַרענטפערן. ווי אַזוי איז דאָס געשען, האָ?

ס'איז געווען אַ צייט ווען ער האָט געקאָנט טרעטען אויף מענטשען און ס'זאָל אים נישט אַרען. ער איז געהאַט אויפגעוואַקסען מיט דער מיינונג, אַז מיט ווייבער קאָן מען טאָן וואָס מ'וויל. ר'האָט אַלעמאָל געהאַט דעם אייגענעם פסוק: אין מלחמה און אין ליבע איז אַלץ כשר. מיטאָמאָל איז עפּעס אין אים געוואָרען ווייך. ער וויל נאָר פאַרגיטיגען יעדע עוולה, מיט געלט, מיט ווערטער, מיט מתנה'ס. ס'איז אין אים אַנטשטאַנען אַ ווידערווילען קעגען יענע וואָס רעכענען זיך נישט מיט קיינעם אַ חוץ מיט די אייגענע פאַרלאַנגען. טאַקע די רייזל קאַרק. זי וואָלט אוודאי איר אייגענע מוטער פאַרקויפט פאַר אַ פּאָר רובל.

קאָן דאָס זיין אַז ס'נעמט זיך ביי אים אַלץ פון אַרטורא'ס טויט? אָדער איז ער, מאַקס, קראַנק אויף אַ פאַרבאָרגענער שלאַפקייט?

רייזל האָט זיך אומגעקערט.

— ער פּאַפט ווי אַ גע'הרג'טער, אָבער מיט אים קאָן מען קיינמאָל ניט וויסען; אין מיטען דרינען שטעהט ער אויף ווי קיינמאָל גאָרנישט.

— ווען פאָרט ער קיין לאָדזש.

— איבערמאָרגען.

— ווי לאַנג וועט ער זיך דאָרט זוימען?

— אַ פּאָר טעג.

— וועסט קומען צו מיר, האָ?

— אָדער דו צו מיר, אָדער יאָך צו דיר...

(ווייטערעס — קומענדע וואָך)

# שוים

## נאוועלע

פון
יצחק ווארשאווסקי

(פארזעצונג)

### קאפיטעל דריי

1

יענע נאכט איז מאקס באראבאנדער געשלאפען געשמאק. ס'האט אים אויפגעוועקט א קלאפען אין דער טיר. מאקס האט געכאפט אויף זיך דעם באד־כאלאט און די שטעקשיך. א באדינער האט אים גערופען צום טעלעפאן. דער זייגער האט געוויזען צוואנציג מינוט צו צען.

— ווער קאן דאס זיין? — האט מאקס זיך געפרעגט. — ר ײ ז ל קארק?

ער האט שיער נישט א רוף געטאן: רייזעלע, וואס מאכסטו? אבער ער האט דערהערט אן אנדער קול, אויך פון א פרוי, אבער דין. יענע האט גערעדט מיט א צעגערניש, א שטאמלעניש, זיך אפגעהאקט נאך יעדען ווארט.

ס'איז געווען צירעלע, דעם טייערען איד'ס מיידל. זי האט געפרעגט:

— כ'האב אייך אויפגעוועקט?

— ניין, צירעלע, ס'איז שפעט.

— דער טאטע וויל מיט אייך רעדען...

— הא? נו, גוט. ווען זאל איך קומען? ער באשטעהט, הא?

— א, כ'בין נישט געשלאפען א גאנצע נאכט ——

— וואס האבען זיי באשלאסן?

— קומט צו געהן. זיי וועלען אייך אלץ זאגען.

— ווען זאל איך קומען?

— ווען איר ווילט. דער טאטע איז איצט אין שטיבל... ביים דאווענען... דערנאך בלייבט ער שוין אין דער היים...

— צירעלע, פארוואס זענט איר הייזעריג? — האט מאקס געפרעגט.

— א, ס'איז א נס, אז כ'לעב —

— נו, גוט, איכ'ל שפעטער צוקומען.

— ווען?

— ארום צוועלף.

— קומט־צו. דער טאטע איז באלד איינגעגאנגען, אבער די מאמע איז א ברוואישע... אז איבערקלערעריז... כ'האב מיר שיער ס'הארץ נישט אויסגעריסען... איך האב זיי געזאגט קלאר און שארף: איכ'ל קא' ישיבה־בחור נישט נעמען... כ'בין געווען גרייט איינצופאקען מיינע שמאטעס און צו אנטלויפען —

— אנטלויפען וואוהין?

— צו אייך...

— נו, איכ'ל דארט זיין שפעטער —

זיי האבען נאך גערעדט א פאר ווערטער. דערנאך האט מאקס אוועקגעלייגט דאס טרייבל. ער איז געבליבען שטעהן א באנומענער נעבען טעלעפאן. איז דאס געמאלט? יא, אלץ איז געמאלט... ער האט נישט געפיהלט קיין שום פרייד. פארקערט, א פחד האט אים אנגענומען. אפשר אנטלויפען פון דאנען?

ער האט מיט פאמעלעכע טריט זיך אומגעקערט אין צימער. וואס וועל איך טאן מיט איר? — האט ער זיך געפרעגט. — זי פארקויפען?... ער האט זיך דערמאנט רייזל קארק'ס ווערטער: פון די שמענטוליגענטקעס אנטלויפען ווי פון פייער...

ער האט זיך אוועקגעשטעלט נעבען בעט און איז א ווייל געשטאנען אהן געדאנקען.

— יא, וואס האב איך צו טאן דא אין ווארשע? נישט כ'קאן זיך אריינלאזען מיט דער רייזל קארק און נישט כ'קאן נעמען מיט מיר צירעלע'ן. וואו זאל איך זי נעמען? כ'האב א ווייב... פאר טאן אן עוולה דעם טייערען איד וועט גאט שטראפען... אוועק מיט איר ערגיץ, קיין יאהאנעסבורג? דאס וואלט געהייסען איבערלאזען ס'גאנצע האב־און־גוטס ביי ראשעל'ן. און ווער ווייסט צי זי'ט מיך צוציהען...

וואס אזוינס האלט מיך דא אין דעם ווארשע? — האט מאקס זיך געפרעגט. — דאס געהן צו דעם שקאלניקאוו'ן ער זאל מיך צונויפברענגען מיט די טויטע? ווידער עסען קלאפס מיט געטרוקענטע פארפל ביי רייזל קארק?

ער האט געכאפט א בליק אויף די וואליזעס. זיך איינפאקען דארף דויערען נישט מער ווי פינף מינוט. ער קאן באצאלען דעם רעכענונג, נעמען א דראשקע צום ווינער וואקזאל און איינזיצען אין דער ערשטער בעסטער באן. קיין שטאפעטע וועט מען נאך אים נישט שיקען... נו, אבער דאס קאן ער דאך טאן מארגן אויך. צוריקגעשמועסט, וואוהין זאל ער פארען? ווידער קיין בערלין? ווידער קיין פאריז? צוריק קיין בוענאס איירעס, גלייך אין ווינטער אריין? ער האט געזעהן פאר זיך שטעט, וואו ער קען קיינעם נישט, רעסטאראנען וואו ער קאן אפילו נישט אין דער פרעמדער שפראך באשטעלען קיין מאלצייט; גאסען וואס ער קאן זייערע נעמען נישט ארויסרעדען. דער אמת איז, אז די גאנצע וועלט איז פאר אים פוסט...

אזוי ווי מאקס איז דא געשטאנען ביים בעט, האט ער זיך געחידוש'ט: ווי אזוי האב איך מיך עפעס אריינגעטריבן אין אזא מצב? ווי קומט עס, וואס מיליאנען אנדערע מענטשען האבען היימען, משפחה, פריינד און זענען איינגעזעסען וואו זיי זענען? אפילו ציגיינער וואנדערען נישט אליין, נאר מיט זייערע ווייבער און קינדער...

— ראשקעוו? וואס וועל איך טאן אין ראשקעוו? — מאקס האט איצט נישט געהאט קיין שום לוסט צו באגעגענען די קרובים וואס ער האט איבערגעלאזט מיט עטליכע און צוואנציג יאר צוריק און צו זיי נישט געשריבען קיין ווארט. — זיי האבען שוין מסתמא מיין נאמען פארגעסען... די מערסטע זענען אוודאי שוין אויסגעשטארבען... כ'קאן אמאל קומען אהין און זיך דארפען זעצען שבעה. — איז אים קאפויער געקומען א געדאנק, וויבאלד ער איז נישט געווען זיכער צי מ'דארף זיצען שבעה נאך עמיצען וואס איז געשטארבען מיט א לאנגער צייט צוריק...

נו, אנטלויפען איז אלעמאל צייט, האט מאקס באשלאסען. מיר'ן זיך נאך דערוויל א שפיל'טאן... ער האט גענומען זיך וואשען, ראזירען, זיך אנטאן. אינמיטען האט ער זיך אוועקגעשטעלט ביים פענסטער ארויסקוקען. דער פריהמארגען איז א לינדער, א זוניגער. מאקס האט באטראכט די פארבייגעהער. איינער געהט אהין, דער אנדערער שפאנט אויף צוריק. איינער טראגט א פעקעל, דער צווייטער — א פארטפעל. איינער איז געבוירען א מאנסביל און א צווייטע איז ארויס פון דער מאמע'ס בויך א נקבה...

מאקס האט גענומען אונטערפייפען. יעדער האט זיין מזל. אים, מאקס'ן, איז באשערט צו זיבען און פערציג יאר זיך צו וואלגערען און וואגלען אהן א צוועק... ער האט זיך אנגעטאן און איז ארויס אינדרויסען. ס'איז בעסער צו האבען משוגע'נע געשעפטען, איידער צו זיצען אויף א באנק אין האיד־פארק און פארפירען א שמועס מיט אן אלטען מיסיאנער...

דאסמאל האט מאקס געגעסען אנבייסען אין א קאפע אויף דער קראקעווער פארשטאט. דערנאך האט ער זיך געלאזט געהן צופוס אויף דער קראכמאלנע. ער האט שוין געוואוסט דעם וועג. ער איז פארביי דיזעלבע גאסען. ער האט אפילו דערקענט די ריחות. ער איז ארויסגעקומען אויף דער קראכמאלנע און דער זייגער האט געוויזען גענוי צוועלף.

ער איז ארויף מיט די שטיגען צום מורה הוראה, געעפענט די טיר און דערזעהן צירעלע'ן — בלאס ווי נאך א קראנקהייט, אבער אויסגעפוצט אין א ווייסער בלוזע און אין א גריניליך קלייד. זי איז געזעסען אויפ'ן בעטל און געצערעוועט א זאק, וואס זי האט געהאט אריבערגעצויגען איבער א גלאז אדער א שעלכל. ביים טיש האט די רביצין געקליבען ארבעס.

אויף די טרעפ האט מאקס'ן געהאט אנגענומען א סארט חתן־בחור'שע שעמעוודיגקייט, אשטייגער ווי ער וואלט ערשט נאר געקומען פון ראשקעוו און געהט אויף א זעהעניץ מיט א כלה. אבער ער האט זיך געשטארקט און אפגעטאן פון זיך די בושה. ער האט געלט. ער האט א פאס פול באסטעמפעלט מיט וויזעס. אין וועסטעל־קעשענע שטעקט א גאלדענער זייגער. ער האט אין זיין געפעק א רעוואלווער אויך. ער האט א זאג געטאן:

— גאט העלף, רביצין. גאט העלף, צירעלע. דער טייערער איד איז אין דער היים?

צירעלע האט אים אנגעקוקט קרום, דערשראקען. די רביצין האט אומגעקערט צו אים דאס שפיציגע פנים און די גרויע אויגען האבען אים דורכגעדרונגען מיט א סארט געמיש פון פארדרוס און נייגיר. איבער דער נאז האבען זיך אוועקגעשטעלט קנייטשעלעך.

— אין דער אנדערער שטוב.

מאקס האט געוואוסט, אז ער דארף עפעס רעדען צו די פרויען, אבער וואס? ער, דער רעדער, האט איצט נישט געהאט קיין ווערטער. ער איז אריין אין בית־דין־שטוב און געטראפען דעם מורה הוראה גענוי ווי אייער־נעכטען: אין א קאפל, אין א ריפסענער זשופיצע, שטעהענדיג ביים שטענדער און שרייבענדיג אויף א שניצל פאפיר. דאסמאל האט דער טייערער איד אים דערקענט. ער האט א רוף געטאן:

— ברוך הבא.

— הייליגער רבי!...

— זעצט אייך. זעצט אייך. אט דא...

און דער מורה הוראה האט זיך אוועקגעזעצט אויבען־אן.

מאקס האט א בליק געטאן אויף די ספרים־פאכען, אויפ'ן ארון קודש מיט'ן פרוכת, די לייבען, די צען געבאט, און עס האט אים אנגענומען די אייגענע אונטערטעניגקייט וואס אייער־נעכטען. קאן זיין א גרעסערע זכיה ווי ווערען דער איידעם פון אט־דעם רבי'ן? — האט מאקס צו זיך געזאגט. — איכ'ל זי טראגען אויף די הענט... איכ'ל זי קושען ווי א מזוזה...

ס'האט דא, אין דער דאזיגער שטוב, געהויערט א מנוחה, וואס מאקס האט נישט דורכגעלעבט אין קיין שום לאנד, אין קיין שום שטאט, אפילו נישט אין די מוזעאומס, וואו מ'האט אים ארומגעפירט אין לאנדאן, אין פאריז, אין בערלין. די גאנצע וועלט איז פול מיט איילעניש, קאנקורענץ, פרעמדקייט. אבער דא איז אלץ באזאכט, היימיש, געמיטליך. א גוטסקייט נישט־פון־דער־וועלט האט ארויסגעקוקט פון דעם טייערען איד'ס בלויע אויגען. פלעקען זון האבען זיך געשפילט אויף די גאלדיג־טאפעצירטע ווענט, אויף דעם טיש, אויף די ספרים־שענק. ס'האט דא געשמעקט מיט טעה, ציטרין, בשמים־פאקסל.

דער מורה הוראה האט געזאגט:

— ר' מרדכי, כ'האב אלץ דורכגעשמועסט מיט מיין בני־בית. איכ'ל אייך זאגען דעם אמת: איך און מיין פלונית'טע וואלטען געוואלט טאן א שידוך מיט א בחור א בן תורה. אבער ס'איז שווער. כ'קאן איר נישט געבען קא' נדן. נו, אבער מיין טאכטער איז א ביסל א היינטיג־וועלטישע, און וואס קאן מען טאן? ס'איז א גרויסע שטאט. מ'הערט זיך אן מיט כל־ערליי טראפען. מ'לייענט די צייטונגען. ס'איז אן אנדער דור, אנדערע מנהיגים. אין הימל ווייסט מען אוודאי וואס מ'טוט. בקיצור, מיר זענען מסכים, אבער בתנאי, איר זאל זיך לאזען אנוואקסען א בארד, ווייל די בארד איז דער צלם אלוקים. איר דארפט אונז צוזאגען, אז איר'ט האלטען כשרות, נישט, חלילה, מחלל־שבת־זיין, און אפהיטען אלע דינים. אויב איר ווייסט נישט א דין, האב איך א ספר'ל אויף עברי־טייטש, וואו אלץ איז געשריבען יעדער זאל קאנען לייענען. דער מחבר איז מיין שוועער'ס א מחותן, ר' ישעיה ראכעווער, און ער האט געוואלט מזכה־זיין את הרבים. נישט אלע קאנען לשון־קודש און דער עיקר איז דאך מ'זאל זיך אויפפירען אידיש. מיר וואלטען אוודאי געוואלט איר זאלט וואוינען דא, ווייל זי איז א בת־יחידה און מיר ווילען נישט זי זאל אוועק אין די ווייטע מדינה'ס. די מעשה איז אזוי: איך בין דא מורה הוראה און ווי לאנג איר האט נישט קיין בארד קאנען מיר נישט שרייבען קיין תנאים, ווייל ווי באלד איך נעם אן איידעם א גלוח, הייסט דאך עס, אז ס'געפעלט מיר. די גמרא זאגט: שתיקא כהודאה דמיא. אויב מ'שווייגט, הייסט עס, אז מ'איז וויליג. דעריבער וואלט געווען גלייך ווען מיר מאכען א ווארט שטילערהייט, ביז איר'ט אייך לאזען אנוואקסען א בארד און דאמאלסט וועלען מיר, אם ירצה השם, שרייבען תנאים און אפשטעלען א זמן־חתונה. די קורצע מלבושים זענען מיר אויך נישט צום הארץ, ווייל דאס איז חוקת הגויים. ווי באלד די גויים און די דייטשען טוען זיך אן קורץ, דארף א איד זיך אנטאן לאנג. אבער דאס איז שוין ווי איר ווילט, און מ'קאן זיין א איד אויך אין א קורצען שפענצער. דער עיקר זענען די דינים וואס א איד מוז האלטען, אויב נישט, איז ער עובר אויף דער תורה. וואס זענען אידען אהן דער תורה? ווי אזוי האבען מיר אויסגעהאלטען די אלע צרות קנאפע

(שלוס אויף זייט 3)

# שוים

(שלוס פון זייט 2)

צוויי טויזענט יאר? אלץ ווייל די תורה האט אונז געלערענט און גע־שטארקט. א איד אהן תורה איז ערגער פון א גוי... איר פארשטעהט, הא?

— יא, הייליגער רבי, כ׳פאר־שטעה.

— איר זענט מסכים, הא?

— וואס דער הייליגער איד זאגט, אזוי וועט זיין. אייער ווארט איז ביי מיר ווי גאט וואלט צו מיר גערעדט.

— חס ושלום! א מענטש איז נישט מער ווי בלוט און פלייש. אבער דאס וואס כ׳זאג אייך איז גענומען פון דער תורה. אז איר וועט וועלען, וועל איך מיט אייך לערנען א שיעור ווען איר׳ט האבען צייט. מ׳קאן אנהויבען מיט חומש. ס׳איז נישטא קיין גרעסער מוסר־ספר ווי דאס חומש. באלד דער ערשטער פסוק איז פול מיט מוסר. ווארים ווי באלד דער אויבערשטער האט באשאפען הימל און ערד, דארף מען אים דינען און טאן וואס ער האט געבאטען. רש״י זאגט באלד אויפ׳ן ערשטען פסוק, אז דער אויבער־שטער האט באשאפען די וועלט צו־ליב די אידען און דער תורה. ס׳ווערט געבראכט, אז דער אויבערשטער האט געפורעמט די וועלט מיט די אותיות פון דער תורה — —

— הייליגער רבי, כ׳בין נישט ווערט דעם שטויב אונטער אייערע שיך —

— עט, וואס איז דאס פאר׳א לשון? מיר זענען אלע קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב. א פראס־טער איד קאן זיין א צדיק. ס׳ווערט געבראכט, אז די ל״ו צדיקים זענען פשוט׳ע אידען: שוסטערס, שניי־דערס, וואסער־טרעגערס. מיין טאכ־טער איז א ביסעל א גיכע, אבער זי האט א גוט הארץ. זי איז א גרויסער בעל־רחמנות און דערפון רעדט זי טיילמאל ווערטער וואס מ׳טאר נישט. האט תרעומות אויפ׳ן רבונו של עולם פארוואס ס׳זענען דא ארימעלייט. וואס ווייסען מיר דעם אויבערשטענ׳ס וועגען? אלץ איז באשערט פון הימל. ווארט־צו, זייט מוחל. איכ׳ל געהן אריינרופען מיין בני־בית.

דער מורה הוראה איז אוועק אין קיך. מאקס האט זיך אויפגעשטעלט. ער האט זיך דערנעהענטערט צו דער ספרים־שאנק און ארויסגענו־מען א ספר, אינגאנצען געדרוקט מיט רש״י אותיות. וואס שטעהט דארט, הא? ער האט געפרואווט

פון

**י. ווארשאווסקי**

לייענען, אבער ער האט גארנישט פארשטאנען. בלויז אויפ׳ן טיטל־בלאט האט ער איבערגעלייענט אויף רוסיש די ערלויבעניש פון דער צענזור. מאקס האט ארויסגעצויגען א צווייט ספר און א דריט ספר. איכ׳ל שוין קיין לערנער נישט ווערן.

מאקס האט געהאט חשק ארויסצו־געהן אויפ׳ן באלקאן, אבער ער האט נישט געוואלט דאס פעבל זאל האבען וואס צו רעדען. ער איז געשטא־נען און געגאפט. ער האט באנומען אז ער קאן נישט האבען קיין עסקים סאי מיט רייזל קארק און סאי מיט צירעלע׳ן. א בארד? דער בלויזער געדאנק האט ארויסגערופען אין אים א געלעכטער. אפשר וועלען מיר שקאלניקאוו׳ס טויטע זאגען וואס כ׳האב צו טאן... ער האט געהערט א מורמלעניש פון קיך, צוגעדושע־טע און האסטיגע רייד. מ׳האט זיך דארט געקריגט איבער אים, זיך גע־אמפערט.

מיטאמאל האט מאקס זיך דער־מאנט, אז ווען רייזל קארק האט גערעדט צו אים וועגען איר שוועס־טער, דער סעניארא שאיעווסקי, האט זי געזאגט, אז זיין, מאקס׳עס, ווייב לאזט נישט צו קיינעם צו אים. הייסט עס, זי ווייסט, אז ער איז נישט קיין אלמן. אדער מיינט זי אז זיין ווייב איז געשטארבען לעצ־טענס? די גאנצע זאך איז געפער־ליך. מ׳קאן אים אפילו דא אין ווער־שע ארעסטירן פאר פרואווען חתונה האבען מיט עמיצען האבענדיג א ווייב.

— נו, כ׳טרייב מיך אריין אין א פאסטקע וואס כ׳וועל קיינמאל פון איר נישט ארויסקריכען!...

די טיר האט זיך אויפגעמאכט. פאראויס איז געגאנגען דער מורה הוראה, נאך אים — די רביצין און נאך איר — צירעלע.

(וויטערעס מארגען)

# שוים

## נאוועלע

פון
### יצחק ווארשאווסקי

(פארזעצונג)

2

ווען מאקס איז ארויס פון מורה הוראה'ס שטוב, איז ער א ווייל געשטאנען אויף די טרעפ און זיך צוגעהערט צו דעם גערודער אין זיין אייגענעם מוח. ער איז שוין אזוי גוט ווי צירעלע'ס חתן. דער טייערער איד האט אים שוין געזאגט „דו". די רביצין האט אים געוואונשען מזל טוב. מ'האט געהאט אפגעלייגט די תנאים צוליב זיין בארד. מאקס האט געזאגט, אז ער וועט איינגיכען פארען קיין האשקעוו און דארט איבערווארטען ביז עס וועט אים אנוואקסען א בארד.

ער, מאקס, האט געהאט געמאכט צום נאר נישט בלויז צירעלע'ן, נאר אויך דעם טייערען איד און זיין ווייב, א רב'ס א טאכטער.

— פאר אזא זאך דארף מען מיך אויף שטיקער צערייסען! — האט מאקס צו זיך גערעדט. — איין טויט איז נישט גענוג. מ'דארף שניידען פון מיר פאסען!...

ער האט זיך געלאזט געהן איבער דער גאס א פארזוירטער. ער האט אומגעקערט דאס פנים און דערזעהן צירעלע'ן אויפ'ן באלקאן. זי האט אים נאכגעקוקט, געשאקעלט מיט'ן קאפ, אפילו געמאכט א מינע ווי זי וואלט אים נאכגעשיקט א קוש...

— איז פאראן אן ערגערער נאכאל ווי איך בין? — האט מאקס זיך געפרעגט. — המן הרשע איז געווען א צדיק אין פארגלייך מיט מיר... פאר אזוינע מעשים שטראפט גאט. באלד אויף דער־וועלט... נו, כ'האב אלץ כשר פארדינט...

ער האט נישט געהאט געטרונקען קיין שנאפס, אבער ער האט זיך געוואקעלט ווי שיכור. די פיס זענען אים געווארען שלאבריק. די שטיינער פון טראטואר האבען זיך געוויגט אונטער אים. דער זומער־טאג איז נאך גרויס, אבער מאקס האט נישט געוואוסט וואס צו טאן מיט זיך. צו שקאלניקאוו'ן דארף ער ערשט געהן אין אוונט. אריינגעהן אין א שענק און זיך אנ'שיכור'ן אויף אן אמת? זיך אומקערען אין האטעל? נישט ער האט געהאט חשק צו בראנפען, נישט ער קאן זיצען אליין אין צימער מיט זיינע צעפארענע געדאנקען.

מאקס האט געקוקט מיט קנאה אויף די פארבייגעהער. יעדער איינער האט געהאט עפעס א באשעפטיגונג. אנדערע האבען זיך אפילו געאיילט. זייער לעבען איז עכט. נישט ווי ביי אים — איין פלאנטער פון ליגענס און שווינדעל. ווען ער איז אמווייניגסטען הונגעריג! אבער ער האט געהאט געגעסען א זעטיג אנבייסען. אפשר גאר מאכען אן עק? ער האט אין רענצל א רעוואלווער. אלץ וואס ער האט באדארפט איז צושטעלען אים צו דער שלייף און טאן א קוועטש ביים צינגל...

די פיס האבען אים, ווי אויף אייגענער אחריות צוריקגעפירט צום האטעל.

וואס איז היינט? יא, דאנערשטאג. שבת האט ער געהאט א באגעגעניש מיט הער רויט־הארינער דינסט, באשע. רייזל קארק האט אים געזאלט טעלעפאנירען ווען שמואל סמעטענע פארט קיין לאדזש... ער האט זיך אוועקגעלייגט אין די מלבושים אויפ'ן בעט און געקוקט צום סופיט. ארום א האקען (דער אייגענער וואס פון אים האט מאקס געפלאנט זיך אויפצוהענגען) זענען געפלויגען פליגען אין א ווירוואר, מיט א זשומעניש. וואס פאר א גליק האט ז י י באטראסקעט? — האט מאקס זיך געפרעגט. — איז דאס אזא פליגישער טאנץ אדער א חתונה?...

דורך דעם אפענעם פענסטער האט אריינגעבלאזען א זומערדיג ווינטל, אריינגעבראכט ריחות פון בוים, גראז, פערד־מיסט, פעלד. אפשר אמאל געהן זיך באדען צו דער ווייסל? מאקס האט געדענקט פון אמאל א בעדל (אזוי האט מען עס גערופען, פארקלענערט פון באד), וואו מ'האט געקאנט כאפען א שווים אין טייך. נו, אבער ניין, ער איז איצט נישט אין קיין לוינע זיך צו באדען. ער האט אויך מורא געהאט איבערצולאזען אין א קעמערל די מלבושים, דעם פאס, דעם טייסטער. ווער ווייסט וואס ווארשעווער גנבים קאנען אפטאן!

ער האט געהאט חשק ארויסצונעמען דעם רעוואלווער, אבער ער האט באשלאסען, אז מ'טאר זיך נישט שפילען מיט אזא משחית. דער שפייער קאן אמאל אויסשיסען פון זיך אליין. אין רוסלאנד איז פארבאטען צו טראגען געווער...

וואס לענגער מאקס האט זיך געגריבעלט, אלץ קלארער איז אים געווארן, אז א חוץ דעם וואס די גאנצע לאגע זיינע טויג אויף א כפרה, איז דער היינטיגער טאג א פארלוירענער. ער האט נישט געהאט וואו צו געהן, וואס צו טאן. ווען ס'וואלט דא אמווייניגסטען געווען א קאסינא, וואו מ'קאן פארשפילען א פאר רובל!

מאקס האט אנגעהויבן איינדרימלען. ער האט עפעס געטראכט, אבער דאס טראכטעניש אליין איז געווען א חלום. ער האט זיך פארגעשטעלט ווי ער געווינט טויזענטער, הונדערטער טויזענטער פראנק אין מאנטע קארלא. ער האט געזעהן די רולעטע'טישען, די קופיערען, די אנדערע שפילער. א דאמע מיט ווייסע האר האט אויסגעשטרעקט א האנט מיט צעקרימטע פינגער, אלע באזעצט מיט ברילינאנטען, און גערופען: כ'שטעל אלץ אין קאן, דאס גאנצע פארמעג וואס מיין מאן האט מיר איבערגעלאזט!... זי האט אויסגעלייגט שטויסען רענדלעך!... ווי קאן אן אלטע מכשפה טראגען מיט זיך אזוי פיל געלד? — האט מאקס זיך געפרעגט. — און אין וואס האט זי דאס געהאלטען? און ווי אזוי האט דער מאן אירער צונויפגעשארט אזא אפותיקי? נישט פון זאגען תהילים...

מאקס האט זיך איבערגעוועקט. ער איז אויפגעקומען מיט א צאפל.

— וואס האט זיך מיר דא אנגעחלומ'ט? — האט ער זיך געפרעגט.

ער האט זיך דערמאנט אן דעם וויזיט ביים מורה הוראה, זיינע באהארצטע רייד, דער רביצינ'ס ווארעניש, שטילע פארוואורפען און אנצוהערעניש (אלץ וועגען דעם, אז ער, מאקס, איז אן עם־הארץ און פארדינט נישט צו ווערען דער מאן פון א מיוחס'דיגער טאכטער), צירעלע'ס בעטענדיגע בליקען, און עס איז אים געווארן ביטער אין גומען.

— וואס דארף איך עס? אין וואס פאר'א טייוולאנישער שפיל האב איך מיך דא אריינגעלאזט?...

ער האט זיך דערמאנט זיין מאמע'ס ווערטער: דער מענטש איז זיך אליין דער ערגסטער שונא... צען שונאים טוען נישט דעם מענטש אזויפיל שלעכטס וויפל ער טוט זיך אליין...

— נו, אדיע ווארשע! — האט ער גערעדט אויפ'ן קול. — כ'לאז דיך גלייך איבער!... ער האט געווארפען א בליק אויף זיין געפעק.

— כ'על פארען וואו די אויגען וועלען מיך טראגען. כ'על נעמען די ערשטע באן!...

עמיץ האט אנגעקלאפט אין דער טיר. מאקס האט דערזעהן א באדינער און א ציווילען מאנסביל. יענער האט געטראגען א הארטען קאפעליוש, א „מעלאניק", ווי מ'האט דאס דאס גערופען אין ווארשע, און א געקראטעטען אנצוג. דער באדינער האט א פרעג געטאן:

— ווען ציהט איר זיך ארויס? מיר מוזען צוגרייטען דאס צימער.

— פארוואס עפעס זיך ארויסציהען? — האט מאקס געפרעגט א דערשטוינטער.

— איר האט געזאלט באפרייען דאס צימער צוועלף אזייגער.

— ווער? וואס?

— א, כ'האב מורא, אז ס'איז דא עפעס א טעות — האט דער באדינער א זאג געטאן און גענומען לייענען א פאפיר וואס ער האט געהאלטען אין דער האנט. דער פארשוין מיט'ן הארטען קאפעליוש האט געשמייכעלט און אפילו אונטערגעוואונקען.

נאך א ווייל האט דער באדינער א זאג געטאן:

— איכ'ל מוזען ארויפגעהן און אלץ קלאר מאכען.

און ער האט פארמאכט די טיר אהן אן אנטשולדיגונג.

וואס איז דאס? מ'ווארפט מיך ארויס פון דאנען? — האט מאקס זיך געפרעגט. ער האט שוין לאנג געהאט א חשד, אז מ'קוקט אויף אים קרום אין דעם האטעל. באדינער און באדינערינס האבען געהאלטען אין איין קלאפען אין דער טיר, אדער גאר אריינשטעקען דעם שליסעל אין שליסעללאך, פרואווען עפענען. מ'האט זיך אנטשולדיגט אונטער דער נאז און מיט שפאט. ווער ווייסט? אפשר האט מען אים גע'מסר'ט? אבער וואס קאן מען אויף אים זאגען? ער איז נישט געקומען קיין ווארשע מיט קיין קאנטראבאנד...

מאקס האט גענומען ארומשפאנען אהין און צוריק.

ער האט זיך געהאט אפגעריסען פון דער אונטערוועלט, אבער צו דער וועלט פון רייכע לייט, די אריסטאקראטען, די פאבריקאנטען, די עלעגאנטע דאמען האט ער זיך קיינמאל נישט דערנעהענטערט. מ'האט געקוקט אויף אים מיט חשד אומעטום: אין לאנדאן, אין פאריז, אין בערלין. אין בוענאס איירעס האט ער זיך אויסגעגעבען מיט זיין אויסשפראך אין שפאניש. די רביצין האט אים געהאט אריינגעווארפען ביטערע ווערטער. ער מוז ווערען אן אנדער מענטש. ס'איז קיינמאל נישט צו שפעט צו לערנען, זיך אויסצואיידלען. זי האט אים געזאגט כמעט אפען, אז ער איז א גראבער יונג און אז זי גיט אים די טאכטער בלויז דערפאר, ווייל יענע איז אויך נישט קיין לייט, האט געפרואווט באגעהן זעלבסטמארד.

מ'האט ווידער געקלאפט אין דער טיר. זיי ווילען מיך ארויסווארפען?

מאקס האט געעפענט די טיר און דערזעהן צירעלע'ן. ער איז געבליבען שטעהן א פארבליפטער. זי איז אים נאכגעגאנגען, אדער וואס?

צירעלע האט געטראגען א העלער קאסטיום און דעם שטרוי־הוט וואס ער האט איר געקויפט אין דעם אוונט ווען ער האט זי באגעגענט. זי האט אויך געהאלטען זיין טאש. ער האט זי נאך קיינמאל נישט געזעהן אזוי עלעגאנט. קיינער וואלט נישט דערקענט, אז דאס איז א טאכטער פון א מורה הוראה. זי האט פונקט אזוי געקאנט זיין א גרעפין.

א פרייד איז באפאלען מאקס'ן און א בושה: מיט איר ווארף איך זיך? פון איר וויל איך אנטלויפען? איכ'ל דעם לעצטען גראשען אוועקגעבען צו קאנען זיין מיט איר!

— קום אריין! קום אריין!...

און ער האט זי גענומען קושען. צירעלע האט זיך געראנגעלט מיט אים:

— נישט דא!...

ער האט זי אריינגענומען אין צימער און פונסניי זי גענומען קושען. ער האט באקומען א שטאך מיט דער שפילקע פון איר הוט. ער האט זיך א ווארף געטאן אויף די קני און ארומגעכאפט אירע פיס.

צירעלע האט געלאכט און זיך געבייזערט:

— שטעה אויף! וואס טוט זיך מיט דיר!...

— צירעלע, דו ביסט מיין גאט!

— ווי רעדסטו? מ'טאר אזוי נישט רעדען!...

— מיין לעבען איז דיין!...

ער האט זיך אויפגעהויבען און זי פונסניי ארומגענומען. ער האט זיך געשאקעלט מיט איר און געקושט איר האלז, די אקסלען, די ארבעל, די באהענטשקעטע פינגער. אין דער רגע האט מאקס געוואוסט, אז פון איצט אן און ווייטער וועט ער לעבען בלויז פאר צירעלע'ן. ער'ט אפ'גט'ען ראשעל'ן ס'זאל אים קאסטען דריי פערטל פון זיין פארמעגען. ער'ט אנטלויפען מיט צירעלע'ן ביז'ן עק וועלט.

צירעלע האט זיך קוים פון אים ארויסגעריסען. זי האט א זאג געטאן:

— א, דו ביסט אינגאנצען א ווילדער!...

— גאט אליין האט דיך איצט צוגעשיקט אהער!...

— כ'האב געוואלט מיר זאלען אלץ איבערשמועסען. כ'האב געפרואווט טעלעפאנירען, אבער זיי האבען געזאגט, אז דו האסט דיך ארויסגעצויגען —

— וואס איז דאס פאר'א משוגעת? איכ'ל באלד אראפגעהן צום קלערק און אים געבען יענע פארציע. אזוינע לאפאצאנעס!...

— קאך דיך נישט. ווען די מאמע וויסט אז כ'בין געגאנגען צו דיר, וואלט זי מיר געשונדען די הויט, אבער כ'האב איר געזאגט אז כ'געה צום דאקטאר. מיר האבען א דר. פרענקל, וואס קען דעם טאטען. ער שרייבט העברעאיש, אין דער „הצפירה". מיט'ן טאטען רעדט ער אלעמאל וועגען גמרא. ער וויל ביי אונז נישט נעמען קיין געלט.

— וואס דארפסטו עפעס א דאקטאר?

— די מאמע זאגט אז כ'בין בלאס. כ'האב געקראגען א טבע אז כ'וועק מיך איבער אין מיטען דער נאכט און קאן מער נישט צוטאן קיין אויג —

— מיט מיר וועסטו שלאפען געשמאק.

— אוי, ווי דו רעדסט! שעהמען מעגסטו דיך!...

און צירעלע איז געווארען רויט פון האלז ביז צום שטערן.

— וואס איז די בושה? מאן און ווייב שלאפען צוזאמען.

— כ'בעט דיך!... רעד נישט אזוי!... דו ווייסט אז —

און צירעלע האט זיך איבערגעהאקט. די אויגען אירע זענען געווארען פול מיט געבעט.

— נו, ניין איז ביין. ווי אזוי

(שלוס אויף בינטעל בריף זייט)

# שזוים

פון
**י. ווארשאווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

זענען מיר אלע איף דער וועלט געקומען?

— מאקס, טו מיר א טובה!...

— נו, שוין, פון היינט אן וועל איך היטען דאס מויל. דו ביסט א כשר׳ע בתולה און איך בין — —

— זאג גארנישט. קום מיט מיר אראפ אין גאס. כ׳וויל מיט דיר איבערעדען א סך זאכען.

— מ׳קאן רעדען דא.

— ניין, מאקס. ס׳פאסט נישט פאר א מיידל צו זיין ביי א מאנסביל אין האטעל.

— כ׳בין דאך דיין חתן.

— ביי א חתן אוודאי נישט...

— נו, כ׳האב שוין פארגעסען אין די אלע פרומקייטען. אין פאריז איז דאס לעבען פריי. מענער און פרויען קושען זיך אין מיטען גאס.

— כ׳בעט דיך; קום מיט מיר אראפ!

— נו, זאל זיין.

ער האט אנגעטאן דעם הוט. ער האט דערקענט אן צירעלע׳ן, אז ער קאן איר נישט איינרעדען דא צו בלייבען מיט אים. מאדנע, טאקע דערפאר וואס ער האט נישט געהאט קיין שום מעגליכקייט צו בלייבען מיט איר, האט דער צו׳להכעיס׳ניק אין אים, דער אינעווייניגסטער שונא און אפטוער, אויפגעוועקט א תאווה צו איר. ער האט זי צום לעצטען מאל צוגעדריקט צו זיך און צירעלע האט זיך גענומען רייסען פון אים און אים אפשטופען. זי איז געווארען צעפלאמט און צעשויבערט. די אויגען אירע זענען געווארען דערפון נאך בלויער און גלאנציגער. א רבי אין א קליידל, האט מאקס געטראכט. א מזוזה׳לע...

ער האט איר געטאן א לעצטען קוש און איז ארויס מיט איר אינדרויסען. די דאזיגע רבנ׳ישע מויד האט אים געהאט אומגעקערט די מאנסבילשע לוסט. ער האט זי אנגענומען ביי דער האנט, אבער אפילו דאס האט זי נישט צוגעלאזט.

מאקס באראבאנדער האט גארנישט געוואוסט אז ס׳זענען נאך פארהאן אזוינע צניעות אין דעם פוילען. ער האט א פרעג געטאן:

— וויפל האסטו צייט?

— בלויז א שעה אדער צוויי.

— מיר עסן צוזאמען וועטשערע.

— הא? זיי וועלען איבערקלערן. די מאמע — —

— זארג נישט.

ס׳האט אלץ געפאסט. אכט אזייגער האט מאקס געהארפט זיין ביי שקאלניקאוו׳ן. ער האט נישט געקאנט מיטנעמען צירעלע׳ן צו דעם כישוף־מאכער, ווי ער האט גערופען שקאלניקאוו׳ן אין געדאנק.

אינדרויסען האט מאקס געדונגען א דראשקע און איז איינגעזעסען מיט צירעלע׳ן. ער האט זיך געהייסען פירן צו די אויאזדאווער אלייען און צו די „לאזשענקעס", וואס ער האט געדענקט פון אמאליגע צייטען. פארבייגעהער האבען נאכגעקוקט און זיך עפעס ווי גע׳חידוש׳ט. וואס איז? זיי דערקענען אז זי איז א רבי׳נס א טאכטער? — האט מאקס זיך געפרעגט. ער האט באנומען, אז דאס קוקט מען נאך איר, נישט אים.

ער איז געזעסען שווייגענדיג און נאכגעטראכט. ווי באלד דער טייערער איד וויל אפווארטן ביז ס׳וועט אים אנוואקסען א בארד, האט ער, מאקס, היבשע עטליכע וואכען צייט. ביז דאמאלסט מוז ער קומען צו א טאלק. אבער וואס וועט ער אויפטאן אין די פאר וואכען? שיקען ראשעל׳ן א גט און איר איבערלאזען זיין גאנץ פארמעגען? אדער זאל ער פרואווען אראפברענגען צירעלע׳ן קיין ארגענטינע און דארט מאכען א תכלית? ער האט גארנישט געקאנט אויספלאנען. ווי פלעגט מען זאגען? מ׳דארף זעהן ווי דער הלוך וועט ילכ׳ען... דערווייל מוז ער געניסען פון דעם ליכטיגען זומער־טאג.

ער האט אנגענומען צירעלע׳ן ביי דער האנט און זי האט זיך מער נישט ארויסגעריסען. ער האט א זאג געטאן:

— גאט אליין האט דיך צוגעשיקט צו מיר...

(פארזעצונג — קומענדיגע וואך)

# שוים

## נאָוועלע

### פון יצחק וואַרשאַווסקי

(פאַרזעצונג)

ווען מאַקס באַראַבאַנדער האָט מיט אַ דראשקע צוריק אָפּגעפירט צירעלע׳ן אַהיים האָט ער זיך געזאָגט, אַז ער האָט איצט איין ציל: פריי צו ווערן פון ראשעל׳ן און חתונה צו האָבן מיט צירעלע׳ן. ער האָט געהאַט ביי זיך אָפּגעפאַסט מער נישט צו גייען צו רייזל קאַרק, שמואל סמעטענע׳ס געליבטע, און מער נישט צו טרעפן הייננטיגן שבת די רויטע מויד, באַשע. ער האָט זיך געהאַט געקושט מיט צירעלע׳ן אויף דער באַנק אין די אויאַזדאָוועד אַלעען און איר דערצעהלט אַביסעל וועגן זיך (וויפיל ער האָט געקאָנט דערצעהלען). צירעלע האָט גערעדט וועגן אירע איהעאַלען. זי האָט אים מודה געווען, אַז זי איז נישט קיין פרומע ווי וואויל זי איז געוואוינט צו אַ אידישער אויפפירונג. צירעלע האָט שוין געהאַט געלייענט אַ בראשור וועגן דאַרווינ׳ען. זי האָט שוין געהערט פון אַ רעדנער, אַז משה רבנו האָט נישט געוויזען קיין ניסים אויפ׳ן באַרג סיני. זי האָט געוואוסט פון קאַרל מאַרקס, קראָפּאָטקין, קאַוטסקי׳ן. פאַרט, זי וואָלט קיינמאָל נישט געקאָנט עסען חזיר אָדער אָנצינדען פייער אין שבת — נישט ווייל זי גלויבט אַז גאָט האָט דאָס פאַרבאָטען, נאָר אויס געוואוינטהייט און אויך אויס רעספּעקט צו די עלטערן. צירעלע האָט געהאַט אירע אייגענע פּלענער. זי האָט נישט געוואָלט נאָך דער חתונה בלייבען וואוינען מיט טאַטע־מאַמע אָהער אַפילו אין שכנות. זי האָט נישט בדעה געהאַט אָפּצוגאָלען אָדער אָפּצושערען די האָר, צו טראָגען אַ שייטעל, געהן אין מקוה. צירעלע האָט געגלויבט אין סאָציאַליזם. די רעוואָלוציע וועט מאַכען אַ עק צו דער אויסנוצעריי, דעם פאַנאַטיזם און די מלחמה׳ס. אויב זי, צירעלע, וועט האָבען קינדער, וועט זי זיי אויפציהען היינטיג־מאָדיש, זיי שיקען אין גימנאַזיע, זיי מאַכען פאַר ניצליכע מענשען, נישט באַנק־קוועטשערס און פאַראַזיטען. צירעלע האָט גערעדט, אַז זי וויל נישט בלייבען וואוינען אין רוסלאַנד, סיידען די אָרדנונג וועט זיך ענדערען און דאָס פאָלק וועט קריגען אמת׳ע פרייהייט אַנשטאָט אַ דומע, וואו עס הערשען טיראַנען. וואָס טראַכט ער, מאַקס, וועגען אַריבערציהען זיך קיין בערלין, פאַריז אָדער גאָר קיין לאָנדאָן? מאַקס האָט געענטפערט:

„וואו דו וועסט וועלען, מיין טייערע, וועלען מיר וואוינען. אַפילו אויף דער לבנה...״

און ער האָט זי געקושט אין שטערן, אין האַלז, אין מויל.

איין זאַך האָט ער נישט געקאָנט ביי איר פועל׳ן: זי זאָל געהן מיט אים אין האָטעל. צירעלע האָט אַ זאָג געטאָן:

„דו אַליין וואָלסט פאַרלוירען פאַר מיר דעם דרך־ארץ...״

מאַקס האָט שוין לאַנג נישט געהערט דאָס וואָרט „דרך־ארץ״. ס׳איז געווען איינס פון יענע ווערטער, וואָס ער האָט פאַרגעסען אין אויסלאַנד. ס׳האָט אים דערמאָנט אַן ראשקעוו, זיידע־באָבע, פישעלע מלמד. ביי דער גאַנצער אויפגעקלערטקייט אירער האָט צירעלע׳ס לשון געהאַט אין זיך עפּעס פון איר פאָטער, דעם טייערען איד. אין די רייד אירע וועגען רעוואָלוציע, די מאַסען, דעם פּראָלעטאַריאַט האָט זי אַריינגעמישט פסוקים פון דער תורה. זי האָט אים אַפילו שטילערהייט געזונגען אַ לידעל פון אידישען טעאַטער, וואָס האָט זיך געענדיגט:

וואַרף אַוועק דעם בעסטען יחוס,
אַ מענטש זאָלסטו זיין!...

אין די „לאַזשענקעס״ האָט זיך געפונען אַ קאַפע, וואו מאַקס האָט באַשטעלט פאַר זיך קאַרטאָפעל מיט זויערמילך. צירעלע האָט נישט געוואָלט עסען די קאַרטאָפעל, ווייל מ׳האָט זיי געקאָכט אין אַ טרפה׳־נעם טאָפּ, אָבער זי האָט געטרונקען די זויערמילך און צוגעביסען אַ קיכעל. די פּאָר שעה זיינען אַריבער אויסטערליש ליד. אויפ׳ן וועג אַהיים האָט די „גומקע״ (אַ דראָשקע מיט גומענע רעהער) זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ געשעפט פון שאָקאָלאַד און מאַקס האָט געקויפט צירעלע׳ן אַ באָנבאָניערע. ער האָט איר געוואָלט געבען אַ צעהן־רובעל־דיגען באַנקנאָט, אָבער צירעלע האָט נישט געוואָלט נעמען. זי האָט אַ זאָג געטאָן:

„מערטשישעם נאָך דער חתונה״.

עפּעס אין מאַקס׳ן האָט אויפגעציטערט. אַ יונג מיידעל האָט אים ליב, איז גרייט צו ווערען זיין ווייב. נו, אָבער דאָס איז גע׳גנב׳עטע ליבע, געבויט אויף שווינדעל און זשוליקעריי...

ווען צירעלע איז אויסגעזעסען אויף דער גנאַינע גאַס און אים דערלאַנגט די האַנט, האָט שוין דער זייגער געוויזען צוואַנציג מינוט נאָך זעקס. דאָס מיטאָג אין פּאַרק האָט מאַקס׳ן נישט געהאַט אַנגעזעטיגט. אַ ווייל האָט ער זיך געשלאָגען מיט דער דעה צי ער זאָל יאָ געהן צו דעם שקאַלניקאָוו׳ס סעאַנס אָדער נישט. ער האָט געהאַט דערמאָנט שקאַלניקאָוו׳ן פאַר צירעלע׳ן. צירעלע האָט געהאַט געהערט פון דעם שוואַרץ־קינצלער. מ׳איז געגאַנגען צו אים ער זאָל העלפען געפינען אַ גנב, אַ גנבה, פאַרלוירענע צירונג. ער זאָל אויך ווייזען אין אַ שוואַרצען שפּיגעל מאַנען, וואָס האָבען איבערגעלאָזט עגונה׳ס. צירעלע האָט געזאָגט, אַז אויף ווי ווייט זי ווייסט, האָט דער שקאַלניקאָוו ביז היינט נישט געהאָלפען געפינען נישט קיין גנבה, נישט קיין צירונג און נישט קיין מאַן. ס׳איז אַלץ איבערגעלויבען, פאַנאַטיזם, פאַרבלענדעניש. וואָס אַנבאַלאַנגט די טויטע, פוילען זיי אין די קברים און קומען מיט קיינעם זיך נישט אויסשמועסען...

ווי ס׳זאָל נישט זיין, מוז ער, מאַקס, פריער עסען, ווייל ווען מ׳איז הונגעריג, קאָן מען אַפילו מיט טויטע נישט פאַרברענגען ווי ס׳געהער צו זיין... ער האָט געהאַט באַמערקט אַ רעסטאָראַן אין איינעם פון די הויפען אויף דער גנאַינע, אַ געמיש פון אַ גאַרקיך מיט אַ שענק. ער איז אַריין, באַשטעלט לעבערלעד, קאַרטאָפעל מיט בראַט־יויך, אַ פערטעל הוהן. ער האָט געקייט און צוגעטרונקען ביר פון אַ קופעל. ער האָט געהאַט איינגעשטימט מיט צירעלע׳ן, אַז דער שקאַלניקאָוו נאַרט־אויס ביי נאַיווע לייט די פּאָר רובעל, אָבער ער האָט נישט געהאַט וואו צו געהן היינטיגען אָוונט. מאַקס האָט שוין לאַנג איינגעזעהן, אַז וויפיל געליבטע אַ מאַנסביל זאָל נישט האָבען און אין וויפיל אַוואַנטורעס ער זאָל זיך ניט אַריינלאָזען, בלייבט ער אָפט אין אָוונט אַליין, סיידען ער האָט אַ ווייב, אַ היים, קינדער. מיט וואָס זיינען די שאַלמויזען ביי שקאַלניקאָוו׳ן ערגער פון אַ טעאַטער אָדער אַ קאַבאַרעט? אַחוץ דעם, אפשר וועלען די „טעלעגראַמעס״, וואָס ער, מאַקס, שיקט ראשעל׳ן אין גדאַנסק, פאָרט העלפען אָפּצושוואַכען איר מאַגנעטיזם, אָדער ווי מ׳רופט דאָס נישט. מאַקס האָט געקייט און געקוקט אויפ׳ן זייגער. ער האָט באַצאָלט דעם קעלנער, געקראָגען אַ דראָשקע און זיך געהייסען פירען אויף דער דלוגע. אָבי עפּעס טאָן, האָט ער גערעדט אין זיך. אַלץ איז בעסער ווי זיך אַרומצושלענדערען פּוסט־און־פּאַסט. ער איז ווידער פאַרבייגעפאָרען פאַר׳ן אייזערנעם טויער, די פשעכאַדניע, באַנק־פּלאַץ (די באַנק איז שוין איצט פאַרמאַכט און אינדרויסען האָט געהיטען אַ וועכטער,) די רימאַרסקע, די טלאָמאַצקע וואו ס׳שטעהט די דייטשע שוהל מיט דער מנורה און מיט דעם קופּאָל. ווען מאַקס האָט מיט יאָרען צוריק זיך געוואָלגערט אין וואַרשע, האָט ער געפּרואווט אַריינגעהן אין דעם דאָזיגען פאַר׳גוי׳אישטען מקום קדוש, אָבער דער שמש מיט דעם זיידענעם קאַפּעלע האָט אים נישט אַריינגעלאָזט. מאַקס האָט אַפילו באַקומען אַ שמיץ מיט אַ רימען פאַר פּרואווען זיך אַריינרייסען מיט כח. מ׳האָט איצט דאָרט אוודאי געפּראַוועט אַ חתונה. די עלעקטרישע ליכט אין דער מנורה האָבען געלויכטען. אויפ׳ן פּלאַץ פאַר דער שוהל האָבען געוואַרט קאַטשען. פון אינעווייניג האָט זיך דורכגעריסען מוזיק, אָדער דאָס שפּילען פון אַן אָרגעל. עמיץ גלויבט נאָך אין דער אָרענטליכקייט פון ווייבער — האָט דער וואוילער יונג אין מאַקסין אַריינגעוואָרפען. — אַ ברירה האָט מען, האַ? אָהן זיי וואָלט די וועלט אויסגעשטאָרבען... ביים עק נאַלעווקיס און דלוגע האָט מאַקס באַטראַכט די תפיסה, וואָס מ׳רופט דאָס אַרסענאַל: דאָס שוואַרצע טויער, די פאַרקראַטעטע פענסטער. ס׳האָט דאָרט געגלימערט אַ שיין. יאָרען לאַנג האָט זיך מאַקס׳ן געחלומ׳ט, אַז ער זיצט אין דעם דאָזיגען קרימינאַל. עמיץ האָט אויסגעטראַכט אויף אים אַ בלבול. עס האָט געהאַט צו טאָן מיט פאַלש געלט, אַ פרוי, אַ מאָרד. אין אַרגענטינע פלעגט ער נאָך אַזאַ חלום אַלעמאָל האָבען די טרייסט אַז וואָס דער גורל האָט פאַר אים נישט אָנגעצייכענט, וועט מען אים נישט צוריקשיקען קיין וואַרשע. אָבער אַט איז ער אַליין צוריקגעקומען אַהער. אויב ער זאָל זיך דאָ אויסגליטשען, קאָן דער חלום ווערען מקוים. מאַקס האָט זיך דערמאָנט דאָס פּוילישע ווערטעל: ווען ס׳דאַרף הענגען ווערט נישט דערטרונקען. אַ סך קלוגשאַפט איז פאַראַן אין דעם דאָזיגען פּוילישען זאָג...

די דראָשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי בערנאַרד שקאַלניקאָוו׳ס הויז און מאַקס איז אויסגעזעסען. פאַרנאַכט האָט די גאַס אויסגעוויזען ׳ נאָך אָרימער און חושכ׳דיגער ווי אינדערפרי. אויף די טרעפּ איז געווען פינסטער. מאַקס האָט געקלעטערט אויף די שטיגען און געצונדען שוועבעלעך. ס׳האָט דאָ געשטונקען מיט חזיר־שמאַלץ און נאָך עפּעס פאַראַייליצטס און פאַרזומפּענס. פון הינטער די טירען האָבען זיך געהערט פאַרשטיקטע געשרייען, ברומעניישען, אַ בילען פון הינט. ווי וואויל ער איז אַן אונטערוועלט פאַרשוין, האָט מאַקס זיך נישט געקענט צוגעוואוינען צו גויים און גוי׳אישער אויפפירונג. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרזוכט קיין חזיר. ער האָט געהאַט עסקים מיט שיקסעס, אָבער ער האָט נישט פאַרפירט מיט זיי קיין ליבעס. ער האָט זיך רעכט נישט געקאָנט מיט זיי דורכריידען. ער, מאַקס, האָט ליב געהאַט צו עסען; עשיר׳ס אייניקלעך מוזען כסדר זויפען. אים האָט געצויגען צו זנות, זיי — צו מאָרד. ער האָט פאַנטאַזירט פון גנבהיס, זיי — פון רויבערייען. ער האָט געווייכט פון געשלעגען, אַפילו אויסטערליש, ער האָט געטיילט אויסטערליש, ער האָט געטיילט נדבה׳ס אָרימעלייט און נייערט גע־זוכט אויף זיין שטייגער גערעכטיגקייט. ער האָט געמוזט האָבען אַ פאַרענטפערונג פאַר אַלע זיינע זינד. ווי נאָר ס׳האָט אים געדראָהט אַ סכנה, האָט ער גלייך גענומען בעטען גאָט...

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און קיינער האָט נישט געענטפערט. ער האָט ווידער געקלאַפּט, דאַסמאָל שטאַרקער. זיי האָבען זיך אַרויסגעצויגען, אָדער זיי זיינען אויסגעשטאָרבען? — האָט מאַקס געמורמעלט. נאָך אַ ווייל האָבען זיך דערהערט טריט און די טיר האָט זיך געעפענט. אין האַלב־פינסטערען קאָרידאָר האָט מאַקס דערזעהן אַ מיידעל, וואָס האָט אים דערמאָנט אַן אַ קונצענמאַכערין — דער סאָרט וואָס קוילערן פעסלעך אויף די זוילען, עסען פייער, לייגען זיך מיט דעם נאַקעטען רוקען אויף אַ ברעט מיט נעגעל, אָדער רייטען אויף פערד שטעהענדיגערהייט און לערנען אַ בער טאַנצען. זי איז געווען איינגאַנצען איינגעהילט אין שוואַרצען, אַ מלבוש וואָס האָט געפּאַסט גענוי צו דער פיגור, אַ סאָרט קאָמבינאַציע פון אַ ראָק, הויזען, זאָקען און אַפילו שיך. האָר האָט זי געהאַט אָפּגעשוירענע אין אַ פּאַלקע. דורך די שאָטנס און פלעקן פון פּנים האָט מאַקס דערזעהן אַ פּאָר שוואַרצע אויגען, וואָס האָבען, ווי ביי אַ קאַץ, געלויכטען מיט זייער אייגענער שיין. מאַקס האָט פאַרלוירען דאָס לשון. ער האָט גענומען שטאַמלען:

„וואוינט דאָ דער — ווי הייסט עס דאָרט — וואָס ברענגט אַרויס די טויטע?״

„פּאַן שקאַלניקאָוו?״

„יאָ, שקאַלניקאָוו״.

„וואָס איז אייער נאָמען?״ — האָט דאָס מיידעל געפרעגט אויף פּויליש.

„מאַקס, מאַקס באַראַבאַנדער״.

„קומט מיט מיר!״

דאָס מיידעל האָט זיך באַוועגט מיט שטילע טריט, אָהן אַ שאָרך. זי האָט זיך ווי דורכגעגליטשט דעם לאַנגען קאָרידאָר. נאָך אַ ווייל האָט זי מאַקס׳ן אַריינגעפירט אין דער אייגענער שטוב, וואו ער האָט באַגעגענט שקאַלניקאָוו׳ן פריער. ס׳איז דאָ געווען כמעט פינסטער. אין האַלבען חשכות זיינען געזעסען און געשטאַנען געשטאַלטען — מענער, פרויען. מאַקס׳ן האָט אָנגענומען אַ פּחד און אַ נייגיר. כ׳האָב געדאַרפט מיטנעמען דעם שפּייער, האָט ער צו זיך געזאָגט. שקאַלניקאָוו איז צו אים צוגעקומען, אָנגעטאָן אין אַ לאַנג שוואַרץ מלבוש. ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט און געזאָגט:

„מיר וואַרטען אויף אייך״.

„ס׳איז נאָך אַפילו נישט קיין אַכט״, האָט מאַקס זיך פאַרענטפערט.

„נו...״

מאַקס האָט געזוכט מיט׳ן בליק דאָס מיידעל, וואָס האָט אים געעפענט די טיר, אָבער זי האָט געהאַט פאַרשוואונדען. „ברודערל, שרעק דיך נישט״, האָט מאַקס געוואָרענט זיך אַליין, „דער גאַנצער האָקוס־פּאָקוס איז אַרויסצוקריגען ביי דיך אַ דרייערל...״ ער האָט

(שלוס אויף זייט 3)

# שוים

פון
י. וואַרשאַווסקי

(שלוס פון זייט 2)

געהאַט גרייט דעם באַנקנאָט אין וועסטעל־קעשענע. עמיץ האָט אים אָנגעוויזען אַ שטוהל אַרום אַ קליין טישעלע. אַלץ האָט זיך געטאָן שווייגענדיג און שלעפעריג. מ׳איז געגאַנגען מיט שטילע טריט ווי אָהן זוילען. מ׳האָט געפליסטערט, אַדער גאָר זיך געגעבען שטומע צייכענס. ס׳האָט דאָ געשפּירט מיט דעם רויך פון שמעק־פּאַפּיר, וואָס מ׳צינדט־אָן צו פאַרשלאָגען שלעכטע ריחות. ווי וואויל מאַקס האָט נישט געהערט וועגען וואָס מ׳שושקעט זיך דאָ, האָט ער פונדעסטוועגען אויפגע־כאַפּט פּוילישע ווערטער. וואָס איז דאָס? זיי רופען אַרויס גוי׳אישע מתים? — האָט מאַקס זיך געוואוי־צעלט אין געדאַנק. אפילו אויב עס איז אמת, וועלען מיינע טאַטע־מאַמע זיך דאָ נישט באַווייזען...

אַ פרוי האָט אָנגעהויבען זינגען אויף פּויליש, מיט אַ קול סאַי כאַר־כעלדיג, סאַי גרילציג. די מעלאָדיע האָט מאַקס׳ן דערמאָנט אָן דעם בלעקעכצען פון אַ גלח אין אַ תפלה. מ׳וועט מיך נאָך דאָ אָפּ׳שמד׳ען, האָט מאַקס זיך געשפּילט מיט די רעיונות. פריער האָט די פרוי גע־זונגען אַליין, דערנאָך האָבען אַנ־דערע איר גענומען צוהעלפען, אין אויסגעצויגענע טענער, אין אַ גע־יאָמער ווי נאָך אַ פּגר. אַ מרה־שחורה אַזאַ, וואָס מאַקס האָט שוין געהאַט פאַרגעסען און וואָס פלעגט אים טיילמאָל באַפאַלען אין באַנאַכ־טיגע קאָשמאַרען, האָט אים אַרומ־גענומען. דאָס דאָזיגע געזאַנג האָט אַרויסגעצויגען די עצמות. ס׳האָט געטרויערט נאָך עפּעס, וואָס ס׳איז נישטאָ דערויף קיין טרייסט. אַזאַ זינגעניש קאָן אויף אַן אמת אַרויס־רופען טויטע פון קברים, האָט מאַקס צו זיך געזאָגט. האָט זיך אים אויס־געדוכט? ער האָט דערהערט דעם נאָמען אַרטוראָ. דאָס האָט מען גע־מאַכט זיין געשטאָרבענעם זוהן אַ גוי׳אישען אל־מלא־רחמים... פון וואַנען ווייסען זיי פון אַרטוראָ׳ן? — האָט מאַקס זיך גע׳חידושׂט. ער האָט נישט געדענקט ער זאָל האָבען דערצעהלט שקאָלניקאָוו׳ן פון זיין זוהן. ער האָט געוויס נישט אָנגע־רופען זיין נאָמען... אַלץ אין מאַקס׳ן איז געוואָרען שטיל, גע־שפּאַנט. ווידער האָט ער זיך דער־מאָנט אַ וואָרט, וואָס איז אים שוין אינגאַנצען געהאַט אַרויס פון זינען: קלאַפּסידרע. וואָס איז קלאַפּסידרע? ווען און וואו האָט מען דאָס וואָרט באַנוצט? זאָל עס זיין שפּאַניש? ער איז געהאַט געקומען אָפּלאַכען, אָבער ס׳האָט זיך אים איצט גע־וואָלט וויינען.

מיט אַמאָל איז אויסגעוואָקסען די מויד, וואָס האָט אים געעפענט די טיר. זי האָט נאָך געטראָגען דעם פריערדיגען קאָסטיום, אָבער אויף די אַקסלען האָט געהאנגען אַ שוואַרצע שאַל. זי האָט זיך אַוועק־געזעצט ביים טישעל און אַלע האָ־בען אַוועקגעלייגט די פינגער אויף דעם ראַנד. אַ פרוי האָט אָנגענומען מאַקס׳עס הענט און זיי דאָרט אַוועקגעלייגט. לעקקאָ (לייכט), האָט זי אים אַיינגערוימט. מאַקס האָט געהאַט געהערט וועגען יענע וואָס פרעגען אויס זאַכען ביי אַ טי־שעלע. ס׳האָט אפילו געהאַט אַ נאָ־מען אין ראַשקעוו: טעשעלע. דער טאַטע זיינער האָט נאָך דערצעהלט די וואונדער, וואָס אַ טישעלע באַ־ווייזט, אויב ס׳איז צונויפגעקלאָפּט מיט הילצערנע נעגעל, אָהן אייזען. דער רב פון ראַשקעוו האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז מ׳טאָר זיך דערמיט נישט אָפּגעבען, ווייל ס׳איז כישוף. איצט האָט מאַקס אַליין דאָס דורכ־געמאַכט. אין שטוב איז געוואָרען אינגאַנצען פינסטער. דאָס געזאַנג האָט אויפגעהערט און ס׳איז אַנט־שטאַנען אַן אָנגעלאָדענע שטיל־קייט.

(וויטערעס — מאָרגען)

# שטים

## נאָוועלע

פון
**יצחק וואַרשאַווסקי**

(פאַרזעצונג)

**4.**

מאַקס האָט זיך נישט געגלויבט, אָבער דאָס טישעלע האָט גענומען זיך שאָקלען און וויברירן ווי ס'האָלט אויפגעהערט צו זיין אַ טויטע זאַך און געקראָגן אַ לעבעדיגן אימפעט. האָט דאָס עמיץ געהויבן? די הענט זיינען געלעגן אויפ'ן טישעלע, נישט אונטערין טישעלע. מ'האָט דאָס טישעלע געקאָנט בויגן אין איין זייט, אָבער נישט עס דרעהען און עס געבן די ציטערניש און פלאַטערניש, וואָס מאַקס האָט געשפּירט אונטער די פינגער. צומאָל האָט דאָס טישעלע זיך געטאָן אַ הויב ווי גרייט אוועקצופליהען. וואָס טוט זיך דאָ? וואָס פאַר־אַ שוואַרץ־קונצן ווייזט מען אים דאָ? מאַקס האָט געהערט ווי מ'פרעגט דעם טישעלע פראַגען און ווי דאָס טישעלע ענטפערט: איין קלאַפּ אויף יאָ, צוויי אויף ניין. ווי קאָן דאָס טישעלע וויסן צי דער מאַן פון דער דיקער פרוי וועט זיך אומקערן פון אַמעריקע? און ווי קאָן עס וויסן צי דאָס גע'גנב'עטע זייגערל איז נאָך ביים גנב אָדער ער האָט עס שויר פאַרזעצט אין אַ לאָמבאַרד? ס'איז אַלץ אָפּנאַררייַ, פאַרבלענדעניש! — האָט מאַקס צו זיך גערעדט. נאָך אַ ווייל האָט שקאָלניקאָוו אַ פרעג געטאָן מאַקס'ן צי ער וויל עפּעס פרעגן. מאַקס האָט נאָכגעטראַכט.

„וועט ראַשעל מיך גט'ן?"

דאָס טישעלע האָט געענטפערט: יאָ.

„וועט צירעלע ווערן מיין ווייב?"

דאָס טישעלע האָט זיך ווי געצעגערט אַ ווייל. דערנאָך האָט עס געטאָן צוויי קלעפּ: ניין.

„לעבט נאָך מיין טאַטע?"

„ניין".

„די מאַמע?"

דאָס טישעלע האָט אינגאַנצן נישט געענטפערט.

מאַקס האָט מער נישט געוואוסט וואָס צו פרעגן. די עלטערן זיינע זיינען ביידע געהאַט געשטאָרבן אַ קורצע צייט איינער נאָכ'ן אַנדערן. הייַנט, פאַרוואָס זאָל דאָס טישעל ענטפערן וועגן דעם טאַטע'ן און נישט וועגן דער מאַמע'ן? אַנדערע האָבן זיך געריסן צו פרעגן. מאַקס איז געוואָרן מיד פון האַלטן די הענט אויפ'ן טישעלע און ער האָט אָפּגערוקט די שטוהל פון הינטערווייַלעכץ.

מ'האָט איצט אוועקגענומען דאָס טישעלע און דאָס מיידעל די קונצענמאַכערין (ווי מאַקס האָט זי גערופן אין געדאַנק) האָט גענומען רעדן מיט אַ שטים, וואָס האָט אינגאַנצן נישט געפּאַסט צו איר שלאַנקער פיגור. דאָס קול, וואָס איז פון איר קאַפּויר־געקומען, איז נישט פון אַ פרוי און אויך נישט פון אַ מאַנסביל, נאָר אַ געמיש פון ביידע. אַ פויליש האָט זי גערעדט אַ פרייַצישען, וואָס מאַקס האָט קוים פאַרשטאַנען. זי האָט דערצעהלט וועגן עמיצן, אָנגערופן אַ נאָמען, וואָס האָט געקלונגען פרעמד, איבערגעגעבן גרוסן פון געשטאָרבענע. יענע, די גייסטער, האָבן אָנגעגעבן סימנים, דערמאָנט ערטער און דאַטעס, אָפּגעגעבן אַ באַריכט דערפון וואָס ס'איז פאַרלאָפן מיט זיי נאָכדעם ווי זיי זיינען אוועק פון דער ערד. פּלוצים איז געוואָרן אַ שושקעניש. אין דער פינסטער האָט זיך באַוויזן עפּעס, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ הענטשקע אָדער אַ גיפּסענע האַנט. זי האָט געשוועבט אין דער לופט און עמיץ האָט אוועקגעשטעלט אויפ'ן דיל אַ שיסעל אָדער אַ טאָפּ. די האַנט איז פאַמעליך צוגעשוואומען צו דעם טאָפּ און זיך דאָרט אונטערגעטונקען. דערנאָך האָט זי זיך צוריק אויפגעהויבן און געשוועבט אָדער זיך גערוקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג. מאַקס האָט געגלאָצט אַ פאַרבליפטער. וואָס טוט זיך דאָ? וועמענ'ס האַנט איז דאָס? ווי אַזוי האַלט זי זיך אין דער לופט. ער האָט אָנגעשטרענגט די ראיה, אָבער מער ווי די האַנט האָט ער גאָרנישט געזעהן. ער האָט פאַרנומען אַ פּליסטערניש, אַן איינגעהאַלטענע זיפצן. אַ וואונדער האָט געטראָפן פאַר זיינע אויגן, אָדער חלומ'ט זיך אים? ער האָט געוואָלט פרעגן עמיצן פון די געשטאַלטן וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער נאָך איידער ער האָט אַרויסגעבראַכט אַ וואָרט, האָט ער געקראָגן אַ שטאָרד אין אָרעם, אַ סימן ער זאָל שווייגן. אַנדערע ניסים זיינען איצט געשעהן. אַ טרומייטערל איז אויסגעוואַקסן פון גאָרנישט און גענומען שאַלען ווי אַ שופר איינטאָניג, מיט יאָמערליכע טענער. ווי פינסטער ס'איז אַרום, אַזוי האָט דאָס טרומייטערל געשיינט מיט אַן אייגן ליכט. אַ מאַנדאָלינע האָט געגרימפּעלט. מיט אַמאָל האָט אַ קול אַ רוף געטאָן:

„אַרטוראָ איז דאָ. ער וויל מיט אייך רעדן..."

מאַקס האָט שפּעטער אַליין נישט געוואוסט ווי אַזוי דאָס איז צושטאַנד געקומען. ער האָט נישט געוויינט, אָבער אין איין רגע איז דאָס פּנים זיינס געוואָרן נאַס, אַ שטייגער ווי מ'וואָלט עס אָפּגעגאָסן מיט לעבליך וואַסער. אַ געשטאַלט האָט אויפגעטויכט. ער האָט דערהערט אַ קול. אַרטוראָ האָט גערעדט צו אים פויליש, אָבער אין דער צעמישונג האָט מאַקס געהאַט פאַרגעסן, אַז אַרטוראָ'ס שפּראַך איז געווען שפּאַניש. מאַקס האָט געהערט ווי אַרטוראָ טענה'ט:

פּאַפּאַ, איך בענק נאָך דיר... פּאַפּאַ, איך בין נישט טויט. כ'לעב. כ'בין דאָ נעבן דיר... פּאַפּאַ, כ'ווייס אַלץ וואָס דו ביזט דורכגעגאַנגען... כ'האָב דאָ באַגעגענט זיידע־באָבע און מיר האָבן צוזאַמען פאַר דיר גאָט געבעטען... כ'בין נאָך אַלץ דיין געטרייער זוהן און כ'בענק נאָך דיר... מיר ריידן וועגן דיר די גאַנצע צייט... דו דאַרפסט נאָך מיר נישט טרויערן. כ'בין גליקליך דאָרט וואו כ'בין. די מוטער וועט איינגיכען זיין מיט אונז צוזאַמען, אָבער דו האָסט נאָך וויכטיגע זאַכן אויפצוטאָן אויף דעם פּלאַנעט ערד. געדענק, פּאַפּאַ, איך בין מיט דיר. טו אַלץ וואָס דער פּאַן שקאָלניקאָוו הייסט דיך. ער איז באַליבט ביי אונז. ער ברענגט אונז אין קאָנטאַקט מיט אונזערע נאָהענטע. זיי מוחל, פּאַפּאַ, איך מוז שוין געהן, אָבער כ'וועל זיך אומקערן. כ'האָב גרוסן צו דיר פון אונזער גאַנצער פאַמיליע...

די געשטאַלט איז פאַרשוואונדען. ס'איז אַרטוראָ, אַרטוראָ! — האָט עמיץ אין מאַקס'ן געשריגן — גאָט אין הימעל, כ'האָב גערעדט מיט מיין זוהן... אַ, ווען ראַשעל וואָלט דאָס געוואוסט!... מאַקס האָט נישט געהאַט געוויינט אויף אַרטוראָ'ס לוויה, אָבער איצט איז אים דאָס פּנים געוואָרן פאַרוואַשען מיט טרערן. די אויגן זיינע האָבן ווי געזאָטן און געקלאַגט אויף זייער אייגענער אחריות... נאָך אַנדערע זאַכן האָבן פּאַסירט, אָבער מאַקס האָט זיך מער נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן זיי. אַ שיכרות האָט אים אָנגענומען. ער איז געשטאַנען און געשלאָפן. די פיס זיינען אים געוואָרן שלאַבריג. ער האָט אָנגעריירט אַ שטול און זיך אויף איר אוועקגעזעצט. ער איז ווי אַריינגעפאַלן אין געזעס. די כוחות האָבן זיך אים אויסגעלאָזט און ווי וואויל ער האָט נישט גע'חלש'ט, האָט ער באַנומען, אַז דאָס איז אַ סאָרט חלשות. פונקען האָבן זיך געצונדן פאַר זיינע אויגן, זיך געוויגט, זיך געהויבן, אַראָפּגעלאָזט. די אויערן זיינען אים געוואָרן ווי פאַרטויבט. ער האָט געהערט רייד, אָבער נישט פאַרשטאַנען זייער מיין. ער האָט געהאַט אַ געפיהל, אַז די שטוהל פאַלט מיט אים צוזאַמען, זינקט איין אין אַ געמויזעכץ אָדער אַן אָפּגרונט. איז דאָס מיין סוף? — האָט מאַקס זיך געפרעגט.

אַ ליכט האָט אויפגעשיינט, אַ שטייגער ווי די קראַפט וואָס רעגירט דאָ וואָלט געהערט זיין געדאַנק און אים געפרואווט אויפהייטערן. ס'איז געווען אַ רויטע שיין, אַזאַ ווי מ'נוצט צומאָל אין אַ שטוב וואו אַ קינד מאַזעלט. מאַקס האָט דערזעהן פּנימ'ער פון מענער און פרויען. דאָס מיידעל, די קונצענמאַכערין, איז געזעסן אויף אַ שטוהל, דער קאָפּ פאַרריסן איבער'ן אָנלעהן, און צוויי מאַנסלייט האָבן זי געהאַלטן ביי די האַנט־געלענקען. אַ פרוי האָט אויפגעהויבן פון דיל אַ נידריגען עמער, האַלב־טאָפּ האַלב־קעסעל, און ס'איז פונסניי געוואָרן אַ געמורמעל און אַן אָכצעניש. דער טויטער, אָדער וועד ס'האָט דאָ נישט אַרומגעשוועבט אין דער פינסטערניש, האָט געהאַט איינגעטונקען די האַנט אין פּאַראַפין און איבערגעלאָזט אַן אָפּדרוק.

די פרוי האָט אַרומגעטראָגן דעם טאָפּ און יעדער האָט געטאָן אַ קוק. זאָל דאָס זיין אַרטוראָ'ס האַנט? יאָ, ס'איז ענליך צו אַרטוראָ'ס האַנט. מאַקס האָט אַרויסגענומען אַ טיכעל, אָפּגעווישט דאָס פּנים. ער איז אינגאַנצן אויסגעבאָדען אין שוויס. דאָס העמד איז אים נאַס. קיהלע שנירלעך זיינען אים גערונען איבער'ן רוקן. ער איז געזעסן אַן אויסגעווייקטער, אַן אָפּגעשוואַכטער, הויל און געפּלעפּט פון זיין אייגענעם מצב. ווען ראַשעל וואָלט דאָ געווען! — האָט אַ קול אין אים גערופן. ער האָט זי געוואָלט גט'ן, אָבער ער וואָלט פונדעסטוועגן געוואָלט מיט איר טיילען די געגוגטואונג וואָס ער האָט געהאַט היינטיגן אָוונט. ער האָט געזעהן אַרטוראָ'ן, געהערט זיין שטים. דריי רובעל איז נישט גענוג, האָט מאַקס ביי זיך באַשלאָסן. איכ'ל אים געבן אַ צעהנערל. מאַקס האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין דער וועסט־קעשענע און אָנגעטאַפּט אַ פייכטען באַנקנאָט. ער האָט געהאַט דורכגעשוויצט דאָס העמד און דעם אונטערשלאַק פון וועסטעל. ער האָט געגנישטערט אין ביזעם־קעשענע. דער טאַש איז געווען וואַרעם און נאַס.

די צוויי מאַנסלייט, וואָס האָבן געהאַלטן דעם מיידעל'ס הענט, האָבן זיי אָפּגעלאָזט. זי איז געזעסן מיט אַ פאַרוואַרפענעם קאָפּ, צוגעשלאָסענע וויעס און אויסגעזעהן ווי פאַרזונקען אין אַ טיפען שלאָף. מ'האָט זי געוועקט און זי האָט געשריגן פון שלאָף, געקרעכצט, געציטערט. מאַקס האָט געהערט ווי שקאָלניקאָוו מינטערט זי און רופט:

„וואַך־אויף, טערעזאַ, וואַך־אויף... טערעזאַ!..."

זי האָט געטאָן אַ לעצטען ציטער און זיך איבערגעוועקט. די שוואַרצע אויגן אירע האָבן געקוקט דערשראָקן, דערשטוינט. אַ פרוי האָט זי אַרומגענומען, געקושט. עמיץ איז אַריינגעקומען מיט אַ נאַפטלאָמפּ און מיט אַ שעלכעל טעה אָדער קאַווע. אין דעם ליכט האָט מאַקס דערזעהן דאָס טישעלע, דעם טאָפּ מיט פּאַראַפין, די פאַרזאַמעלטע. אין דער טונקעלקייט האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די שטוב איז פול מיט מענטשן, אָבער ער האָט איצט איבערגעציילט בלויז פינף פרויען און דריי מענער. זיינען די אַנדערע געווען גייסטער, אָדער טויטע? מאַקס איז געהאַט געקומען אָהער אַן אומגלויביגער, זיכער אַז אַלץ וואָס מ'וועט אים ווייזן היינטיגע נאַכט איז נישט־געשטויגן, נישט געפלויגן. אָבער ס'איז געהאַט אויסגערונען פון אים דער צווייפעל. ער האָט בייגעוואוינט אַ נס. טויטע האָבן זיך אַנטפּלעקט צו לעבעדיגע, מיט זיי געשמועסט. ער האָט געזעהן אַרטוראָ'ס געשטאַלט, געהערט זיין שטים...

מאַקס האָט אוועקגערופן שקאָלניקאָוו'ן אין אַ ווינקעל, אים דערלאַנגט צעהן רובעל. יענער האָט אפילו נישט אַ קוק געטאָן אויף דעם פּאַפּירעל, עס גלייך אַרונטערגעלאָזט אין קעשענע. מאַקס האָט געוואָלט איצט צוגעהן צו דעם מיידעל, טערעזאַ, אָבער זי איז געהאַט אויסגערונען. איז דאָס אייער שוועסטער? — האָט מאַקס געפרעגט און שקאָלניקאָוו האָט געמורמעלט:

„יאָ, מיין שוועסטער".

„קאָן איך רעדן צו איר?"

„נישט היינט. דער סעאַנס שוואַכט זי אָפּ. זי איז מער טויט ווי לעבעדיג".

די פאַרזאַמעלטע האָבן זיך אָנגעהויבן צעגעהן. מ'איז אַרויס ווי פון אַ מקום־קדוש — אומגעזעגנט, אָבער מיט אַ סאָרט פרומער צוזאַמענקייט. אָט אַזוי פלעגט מען געהן אַהיים אין ראַשקעוו פון שניידערשען שוהלכעל יום־כיפור, אין דער נאַכט פון כל־נדרי. מיט אַמאָל האָט מאַקס זיך אַרומגעזעהן, אַז קיינער איז דאָ מער נישטאָ אַחוץ ער און שקאָלניקאָוו. שקאָלניקאָוו איז געשטאַנען נעבן דעם פאַרהאַנגענעם פענסטער, אַ קליינער, אַ טונקעלער אין אַ לאַנגען ראָק און מיט שוואַרצע אויגן האַלב־איבערגעדעקט מיט צעשויבערטע ברעמען. ער האָט געקוקט אויף אים מיט אַ פאַרגליווערטען בליק, אים דורכגענומען ווי אַ מכשף. אַ פּחד האָט מאַקס'ן אָנגענומען. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון אַז ער וועט דאַרפן אַראָפּגעהן מיט די פינסטערע טרעפּ, לאַנגע און קרומע דריי שטאָק... ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— איז דאָס געווען מיין זוהן?

שקאָלניקאָוו האָט געשאָקלט מיט'ן קאָפּ.

— אַרטוראָ האָט גערעדט שפּאַניש, נישט פויליש.

— זיי רעדן די שפּראַך פון מעדיום. זיי באַנוצן זיך מיט איר צונג, אירע אָרגאַנען...

— וועט דאָס מיר העלפן?

— יאָ, מיט דער צייט...

— ווען זאָל איך דאָ זיין נאָכאַמאָל?

— מאָנטאָג. ניין, דינסטאָג.

— ווי אַזוי געהט מען אַרויס פון דאַנען? — האָט מאַקס געפרעגט.

— קומט, איכ'ל אייך אַרויספירען.

— כ'וואָלט געוואָלט רעדען אַ פּאָר ווערטער מיט אייער שוועסטער.

— נישט היינט.

שקאָלניקאָוו האָט אים געפירט איבער דעם לאַנגען קאָרידאָר. ער איז געשטאַנען ביי דער אָפּגענער טיר און מאַקס איז אַראָפּ מיט פאַמעליכע טריט און מיט דער אומבאַהאָלפענקייט פון עמיצן וואָס איז ערשט נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון אַ קראַנקהייט און האָט פאַרגעסן ווי אַזוי מען געהט. די קני האָבן אים געשטרויכעלט. די

(שלוס אויף זייט 3)

# שוים

פון

**י. ווארשאווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

שטיגען האבען אים אויסגעוויזען צו־הויך, צו ווייט איינע פון דער אנדערער. ער האט זיך אנגעהאלטען אין געלענדער ווי א זקן. ער איז ארויס אינדרויסען און עס האט אויף אים א בלאז געטאן א קיהל ווינטעל. די דלוגע גאס האט זיך געצויגען א האלב־פינסטערע, מיטען־נאכטיש ליידיג. נישט ס'האט דא קורסירט א טראמוואי, נישט עס איז פארביי א דראזשקע. ער האט געטרעטען איינער אליין אויף דעם ליידיגען טראטואר — א פאראנדערשטער, א דערציטערטער און ווי עמיץ וואס פארלאזט א שפיטאל אדער גאר א תפיסה וואו ער איז אפגעזעסען יארען. אלץ איז געווארען אנדערש אין דעם איינעם אוונט: דער הימעל, די הייזער, דער ברוק, די רינשטאקען. מאקס האט איצט נישט געדענקט וואו ער איז און וואס ער טוט דא. ער האט זיך אפגעשטעלט און זיך דערמאנט. יא, ער איז אין ווארשע. ער וואוינט אין האטעל בריסטאל. ער האט זיך פארפלאנטערט מיט צירלען, דעם טייערען איד'ס טאכטער, און מיט רייזל קארק, שמואל סמעטענע'ס געליבטער... אבער ווי אזוי קומט מען פון דאנען צום האטעל? מאקס האט אפגעווארט ביז עמיץ איז פארביי און געפרעגט. יענער האט אים געוויזען. ער איז געגאנגען מיט דער מעד־גאס, פארביי די קאזע־גאס און ארויס אויף דער קראקאווער פארשטאט. די מעד־גאס, וואו בייטאג איז אזוי טומעלדיג און פארקויפערינס שלעפען קונים ביי די ארבעל, האט זיך איצט אויסגעשטרעקט א ליידיגע, האלב־פינסטער. דארט וואו די קאזע־גאס טרעפט זיך מיט פאדוואל האט שמעק געטאן מיט הינטער־שטאטישער געפאר. מ'ווערט מיד גאך דא דער'הרג'עט! — האט מאקס זיך געווארענט. די גאזלאמטערן, ווייט אפגערוקט איינער פון אנדערען, האבען געווארפען א טונקעלע שיין. פון די פארצייטיגע הייזער זיינען אפגעקומען ברומענישען, שארכענישען. קיהלע ווינטלעך האבען געבלאזען פון דער ווייסל. מאקס האט זיך פונסניי אפגעשטעלט. פארוואס זאל ארטורא, וואס איז באגראבען אין בוענאס איירעס, זיך באווייזען צו אים אין א דירה אין ווארשע? ווי אזוי קאן ער וויסען דעם וועג אהער? און ווען האט ער זיך אויסגעלערנט פויליש? עס איז שווינדעל, שווינדעל... א גאסענפרוי האט אים אפגעשטעלט.

— געהען מיר?

— ניין, מיידעלע.

און מאקס האט איר דערלאנגט צען גראשען.

---

(פארזעצונג — קומענדיגע וואך)

# שוים

## נאָוועלע

פון
**יצחק ווארשאווסקי**

(פאָרזעצונג)

### קאַפּיטל דריי

1

דער טייערער איד האָט געהאַט פאַרבעטען מאַקס באַראַבאַנדער ער זאָל עסען שבת ביי אים.

מאַקס האָט געהאַט אַ לעדיגען פרייטאָג און ער האָט אָנגעקויפט פאַר דעם מורה־הוראה׳ס הויזגעזינד אַלערליי גוטע זאַכען: כשר׳ן וויין, לאַקס מיט אַ הכשר פון אַ רב, אַ פלאַש זיסען בראַנפען וואָס ווייבער קאָנען טרינקען און פאַר אַ צולאָג אַ באָנבאָניערע פאַר צירעלע׳ן (אויך מיט אַ הכשר) און אַ בוקעט בלומען. ער איז געקומען אַ צוויי שעה פאַר ליכט־צינדען. די לייט אויף דער קראַכמאַלנע גאַס האָבען נאָכגעקוקט פאַרחידוש׳ט ווי מאַקס איז אויסגעזעסען פון דער דראָשקע מיט די פּאַקעטען און די בלומען.

ער איז אַרויף מיט די טרעפּ און פון אַלע טירען האָט געשמעקט מיט פיש, ציבעלע, פּיעטרושקע, פרישגעבאַקענע קיכלעך. ער איז אַריין צום מורה־הוראה. די רביצין, אַ צעשויבערטע, אַ פאַרפלאַמטע, האָט געקוקט אויף אים אַ פאַרבליפטע. זי האָט געטאָן אַ פּאַטש מיט די הענט און אויסגערופען:

— צירעלע, זעה נאָר!

צירעלע האָט געהאַלטען ביים פאַרבינדען דאָס טשאָלענט מיט אַ בענדל אָפּגעריסען פון אַ צעריסען העמד. זי האָט געהאַט אויפ׳ן פאַפיר איבער׳ן טשאָלענט־טאָפּ אָנגעשריבען מיט דער פאַרקערטער זייט פון דעם פעד־האַלטער דעם נומער פון הויז און דער וואוינונג. זי האָט גענומען שרייען:

— מאַמע, זעה נאָר וואָס ער האָט אָנגעבראַכט!

— באמת, מיר דאַרפען ניט דאָס אַלץ. אם־ירצה־השם פורים וועט איר שיקען שלח מנות — האָט די רביצין גע׳טענה׳ט.

— יעשטשע האַלעקאַ דאַ מה נשתנה — האָט מאַקס זיך דערמאָנט אַ פּויליש־אידיש ווערטל.

— וואָס איז דאָס? לאַקס? מיט אַ הכשר? ווער עסט דאָס לאַקס? נו, און וואָס טויג אונז בראַנפען? קיינער טרינקט ביי אונז נישט — האָט די רביצין גערעדט. — נו, און בלומען... וואָס טוט מען מיט בלומען?

— איכ׳ל זיי אַריינשטעלען אין וואַסער, זיי זאָלען בלייבען פריש — האָט צירעלע געענטפערט.

— האַ? דאָס איז אַ גוי׳איש פּירעכץ. אידען האַלטען נישט קיין בלומען.

— בלומען זענען אויך טריף?

— ניין, אָבער — — צו וואָס? ס׳איז אַרויסגעוואָרפען געלט.

— וואָס איז דאָס? — האָט צירעלע גערופען. — אוי, אַ באָנבאָניערע! מאַמע, טו נאָר אַ קוק אויפ׳ן שאַכטל! ס׳קאָסט אוודאי אַ פּאָר צוויי רובל.

— צירעלע, ס׳איז פאַר דיר!...

— נו, אַ שעהנעם דאַנק! אַן אויסברענגער...

נאָר אַ וויילע האָט צירעלע געמוזט זיך ווידער נעמען צום טשאָלענט, ווייל מ׳האָט עס באַלד געמוזט אוועקטראָגען אין דער בעקעריי.

מאַקס האָט זיך געפרעגט אויפ׳ן טייערען איד, אָבער ער איז נאָך נישט געהאַט צוריקגעקומען פון מקוה. אין קיך האָבען זיך אויסגעמישט די ריחות פון פיש, יויך, מעהרען־צימעס און פון וויין וואָס די רביצין האָט אויסגעקאָכט פון ראָזשינקעס.

מאַקס איז אַריין אין דער אַנדערער שטוב. די חברה האָט דאָ געדאַוונט בלויז שבת אינדערפרי. איצט איז דאָ געשטאַנען אַ געדעקטער טיש, לייכטער — צוויי זילבערנע און פיר מעשענע, — און ס׳זענען געלעגען צוויי חלה׳ס איבערגעדעקט מיט אַן אויסגעהאַפטען טישטוכל, און דערנעבען אַ מוציא־מעסער מיט אַ פּערלמוטערנער שטיל, אַ קאַראַפינקע און אַ קידוש־בעכערל וואָס האָט אויסגעזעהן אַלט און פאַרבויגען. מ׳איז שוין דאָ געווען גרייט אויפ׳ן שבת.

מאַקס האָט אַרומגעשפּאַנט אַהין און צוריק. ער האָט אַרויסגענומען פון ספרים־שראַנק אַ ספר, עס צוריק אַריינגעשטעלט. ער האָט זיך דערנעהענטערט צום ארון־קודש, פאַררוקט דאָס פרוכת און אויפגעשפּאַרט אַ שפּעלטל טיר. ס׳האָט זיך דאָרט אָנגעלעהנט אַן איינציגע ספר־תורה, אין אַ באַרדאָ מענטעלע און ס׳האָט געהאַנגען אויף איר אַ ציץ־כלי־קודש און אַ טייטל. מאַקס האָט איינגעאָטעמט דעם גערוך פון איינוועניג. ס׳האָט געשמעקט פון דאָרט מיט אתרוג, וואַקס און נאָך עפּעס וואָס האָט נישט קיין נאָמען.

מאַקס האָט וואויל געוואוסט, אַז ער דאַרף נישט עפענען דאָס ארון־קודש. ער טאָר גאַרנישט אָנרירען אַזאַ הייליגקייט. ערשט נעכטען האָט ער פאַראומרייניגט די הענט מיט אַ טישעלע וואָס האָט געמאַכט כישוף. אָבער ס׳איז געווען גוט צו שטעהן דאָ, אַרומגערינגעלט מיט הייליגע ספרים. די נשמה האָט זיך דערקוויקט מיט דער קדושה וואָס האָט געהויכט אויף אים. וואויל איז דעם טייערען איד, האָט מאַקס געמורמלט, אָדער געטראַכט. זיין וועג איז אַ גלייכער... ס׳איז אים גוט אויף דער־וועלט און ער׳ט האָבען דאָס גן־עדן פאַר אַ צולאָג...

מאַקס איז איצט אַרויס אויפ׳ן באַלקאָן. ער האָט זיך שוין דאָ געפיהלט ווי אַן אייגענער. ער האָט באַטראַכט די גאַס. אין יעדען ווינקעל איז דאָ ערב־שבת. די בעקערס האָבען איצט נישט געהאַנדעלט מיט זעמל, נאָר מיט חלה, שטריצל, קרכעז. אידען זענען געגאַנגען פון מקוה. מ׳האָט עס דערקענט אין די רויטע פּנים׳ער, אין די נאַסע בערד און פאה׳ס. דאָ און דאָרט האָט מען שוין צוגעמאַכט אַ געוועלב אויף אַ האַלבער טיר. דורך אָפענע פענסטער האָט מען געזעהן מאַנסליים, אָדער ווייבער, אָנטריפּען ליכט. מיידלעך האָבען געטראָגען טשאָלענטער אין די בעקערייען.

מאַקס האָט געטאָן אַ קוק צום נומער פופצען און דערקענט אסתר די בעקערין, וואָס די מאַגאַזעניש מיט איר האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַזאַ דורכפאַל. זי איז איצט געזעסען אויף אַ בענקל ביים טויער און געוואויגען אַ ריזיגען קוילעטש אויף אַ וואָגשאַל.

אַפילו אויפ׳ן פּלאַץ וואו עס ווימעלט אַלעמאָל מיט גנבים אויסגעלאַסענע מוידען האָט איצט געשוועבט אַ סאָרט ערב־שבת׳דיגע רוה.

אין אויסלאַנד האָט ער, מאַקס, כמעט פאַרגעסען אַן שבת. שבת איז דאָרט געווען אַ סאָרט ערב־זונטאָג. שבת פאַרנאַכט האָט ראַשעל אַלעמאָל געפּרעסט וועש, אָדער אַ קלייד, אין דער פּאַטיאָ, צוזאַמען מיט דער שפּאַנישער דינסט. ס׳איז דאָרט געשטאַנען אַ ביליאַרד־טיש און אַזוי ווי די ווייבער האָבען געפּרעסט האָט ער, מאַקס, און אַרטוראָ געשפּילט ביליאַרד. אָבער דאָ, אין וואַרשע, איז שבת געבליבען אַ הייליגער טאָג.

ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג און מאַקס האָט געהערט דאָס קול פון מורה־הוראה. מאַקס איז אַריין אים באַגריסען. די רויטע באָרד איז געווען פייכט. ער האָט שוין באַצייטענס געהאַט אַרויסגענומען פון דער קליידער־שאַנק די אַטלעסענע קאַפּאָטע, דאָס שטריימל. ער האָט געשאָקלט מיט׳ן קאָפּ צו מאַקס׳ן, אָבער ער איז, אַפּנים, צופיל פאַרנומען צו רעדען.

די רביצין איז אַריינגעלאָפען אין אַ צעקאַדלט שייטל און אַ רוף געטאָן האַלב־צו־זיך און האַלב־צו־די־אַנדערע:

— איכ׳ל נאָך הייַנט, חלילה, מחלל־שבת־זיין.

— ס׳איז נאָך דאָ אַ האַלב שעה צו זון־פאַרגאַנג — האָט דער מורה־הוראה זי געטרייסט.

— וועה איז מיר, מ׳דאַרף שוין באַלד בענטשען ליכט!

און די רביצין איז צוריק אַרויסגעלאָפען.

דער מורה־הוראה האָט געדאַווענט אין דעם אייגענעם הויף וואו ער האָט געוואוינט, אין ניי־שטעטער שטיבל. מאַקס איז געגאַנגען דאַווענען צוזאַמען מיט׳ן מורה־הוראה, איטשעלע׳ן, משה׳לען. פון איטשעלע׳ס סאַמעטען היטעלע האָבען אָפּגעשטאַנען צוויי פאה׳ס, רויטע ווי פייער. משה׳לע, אַ ווּנדערקינד פון זעקס יאָר, האָט געהאַט בלאָנדע פאה׳ס און גרויסע בלויע אויגען. ביידע קינדער האָבען געטראָגען סידורים׳לעך.

מאַקס האָט געהאַט געבראַכט צירעלע׳ס ברידערלעך צוקערלעך און ניס. זיי האָבען שוין געהאַט דערשנאַפּט די נייעס אַז דער „פּאַצעט" וועט ווערען צירעלע׳ס חתן. זיי האָבען געקוקט אויף אים מיט נייגיר, חשד, מיט אומזיכערער ליבשאַפט.

אין ניי־שטעטער שטיבל האָבען שוין געברענט די ליכט און די גאַזלאָמפען. די חסידים האָבען זיך אַרומגעדרעהט אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס, מיט שטריימלען אויף די קעפּ, געזאָגט שיר־השירים. דערזעהן, אַז דער מורה־הוראה האָט געבראַכט מיט זיך אַ „דייטש", זענען אַלע אים אַקעגענגעקומען אָפּגעבען שלום עליכם.

גלייך דער ערשטער שלום־עליכם־געבער, ר׳ געצל, אַ איד מיט אַ שמאָל פּנים, אַ שיטער ווייס בערדל, דינע ווייסע פאות, אין אַ לאַנגער אַטלאַסענער קאַפּאָטע און אין שיך־און־זאָקען פון אַ כלי־קודש, האָט אַ פרעג געטאָן:

— פון וואַנען איז אַ איד?

מאַקס האָט זיך גלייך גענומען קרעקען.

— פון בוינעס איירעס.

— וואו שטעקט דאָס ערגעץ?

— אין אַרגענטינע.

— וואָס איז דאָס פאַר׳אַ מדינה?

— אַמעריקע.

— ניו יאָרק?

— פון בוינעס איירעס קיין ניו יאָרק איז אַזוי ווייט ווי פון בוינעס איירעס קיין וואַרשע.

דער עולם האָט געהויבען די אַקסלען. ר׳ געצל האָט געפרעגט:

— וואָס טוט איר דאָ?

— געקומען צו קרובים.

— צום מורה־הוראה?

— מיינע קרובים זענען אין ראַשקעוו.

— נו...

דער עולם האָט זיך אומגעקערט צום שיר־השירים. באַלד האָט איינער פון די חסידים זיך אַוועקגעשטעלט ביים עמוד צו „הודו".

ס׳איז אַלץ געווען מאַקס׳ן אויסטערליש פרעמד און אויסטערליש היימיש. ער האָט דערקענט דעם ניגון, די ווערטער, ווי וואויל ער האָט נישט געוואוסט זייער טייטש: יורדי הים באניות עושי מלאכה במים רבים... ויצעקו אל ה׳ בצר להם וממצוקתיהם יוציאם... דערנאָך האָט מען געזאָגט לכו נרננה און דער בעל־תפילה האָט געזונגען לכה דודי. צו בואי בשלום האָבען זיך אַלע אויסגעדרעהט צו דער מערב־וואַנט.

נאָכ׳ן דאַווענען זענען אידען צוגעקומען צו מאַקס׳ן, אים געוואונשען גוט־שבת.

— זעה נאָר, דאָ בין איך נישט קיין פרעמדער! — האָט מאַקס געטראַכט מיט שטוינונג.

אין די אַלע יאָרען אין דייטשלאַנד, אין ענגלאַנד, אין אַרגענטינע, אין ניו יאָרק, איז מאַקס אומעטום זיך פאַרגעקומען אַ פרעמדער, אַלץ איינס, צי דאָס איז געווען אַ האָטעל, אַ זומער־וואוינונג, אַ טעאַטער, אַ קאַסינאָ. ראש־השנה און יום־כיפור האָט ער געקויפט אַ בילעט אין אַ שוהל, אָבער קיינער האָט אים דאָרט נישט געקענט. ס׳איז געווען אַ קאַלטע מתנגד׳ישע שוהל. די קינדער האָבען שוין זיך דורכגעשריגען אויף שפּאַניש. איינמאָל איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ שוהל פון ספרדים. מ׳האָט גערעדט לאַדינאָ. מיטאַמאָל איז ער ווידער אין אַ מקום־קדוש ווי אין ראַשקעוו. אידען גיבען אים אָפּ שלום עליכם, פרעגען אים אויס ווער ער איז, פון וואַנען ער שטאַמט, וואָס ער טוט.

דער שמש איז צוגעקומען און געפרעגט:

— ווי הייסט איר?

— מאַקס, מיין איך מרדכי.

— ווי האָט געהייסען אייער טאַטע?

— אברהם נתן.

— וואָס זענט איר, אַ כהן, אַ לוי, אַ ישראל?

מאַקס איז געשטאַנען אַ געפּלעפּטער. די ווערטער זענען אים געווען באַקענט, אָבער ער האָט נישט געדענקט זייער מיין.

דער שמש האָט געפרעגט:

— האָט אייער טאַטע גע׳דוכנ׳ט יום־טוב?

— גע׳דוכנ׳ט? ניין.

— האָט ער געוואַשען די הענט די כוהנים?

— געוואַשען די הענט? ניין.

— אויב אַזוי, זענט איר אַ ישראל. מיר׳ן אייך מאָרגען אויפרופען צום ספר.

מאַקס האָט געשטאַמעלט אַ פאַרווירטער:

— איך געדענק מער נישט די ברכה...

— האַ? דער מורה־הוראה וועט אייך ווייזען... ס׳איז דאָ אין סידור...

און דער שמש האָט זיך אָפּגעקערט פון אים. ער האָט געטאָן אַ הויב די אַקסלען.

דער מורה־הוראה האָט אַ זאָג געטאָן:

— דו דאַרפסט דיך נישט שעהמען, מרדכי. אַ איד קען אַלעמאָל תשובה־טאָן. ושב ורפא לו. אַזוי האָט געזאָגט דער נביא. דאַרויף האָט מען אונז געגעבען בחירה, מ׳זאָל קענען תשובה־טאָן. אַפילו אין שאול תחתית פועל׳ט תשובה...

— דאָס אַרגענטינע איז אַ גוי׳איש לאַנד.

— דער אויבערשטער איז אומעטום.

ווי פאַרענדערט די וואוינונג האָט אויסגעזעהן ווען מאַקס האָט זיך אומגעקערט מיט׳ן מורה־הוראה און ביידע אינגלעך! ליכט האָבען געברענט. די שטובען האָבען אויסגעזעהן ריין, אויפגערוימט. די רביצין און צירעלע האָבען געהאַט אויף זיך שבת׳דיגע מלבושים: די רביצין אין אַ לאַנג קלייד מיט אַראַבעסקען; זי האָט געהאַט צוגעקעמט דאָס שייטעל, אָדער אָנגעטאָן אַ שבת׳דיג שייטעל. צירעלע האָט געטראָגען אַ ווייסע בלוזע און אַ שמאָל שוואַרץ קלייד.

דער מורה־הוראה האָט געזונגען שלום־עליכם און אשת־חיל. ער האָט געמאַכט קידוש און געגעבען מאַקס׳ן צו טרינקען פון דעם ראָזשינקע־וויין. דערנאָך האָט מאַקס, גלייך ווי די אַנדערע, געוואַשען די הענט און געמאַכט אַ מוציא איבער דער חלה באַשאָטען מיט מאָהן. אַלץ האָט געהאַט אַ היימישען טעם: די געהאַקטע פיש, די רייז מיט יויך, דאָס פלייש, דאָס מעהרען־צימעס. צווישען איין גאַנג און דער אַנדערער האָט דער מורה־הוראה געזונגען זמירות און ביידע אינגלעך האָבען צוגעהאָלפען.

מאַמע און טאָכטער זענען געזעסען ביים עק טיש. צירעלע האָט געוואָרפען בליקען אויף מאַקס׳ן. דאָ האָט זי געשמייכעלט און דאָ איז זי געוואָרען ערנסט; דאָ האָט זי געטאָן צו אים אַ וואונק און דאָ אַ שאָקל מיט׳ן קאָפּ. די רביצין האָט פון מאָל צו מאָל אים אָפּגעמאָסטען שאַרף, זייטיג, בייזליך. דער מורה־הוראה האָט געהאַט אָנגעהויבען זאָגען מאַקס׳ן „דו", אָבער די רביצין האָט אים נאָך אַלץ געאירצט.

נאָכ׳ן בענטשען האָט דער מורה־הוראה גענומען אויספרעגען וועגען די ווייטע לענדער. איז דאָ אַ רב אין בוינעס איירעס? האָט ער אַ באָרד־און־פּאות? נו, און אין לאָנדאָן? און אין פּאַריז? זענען דאָרט דאָ בתי־מדרשים, שטיבלעך, ישיבה׳ס? מאַקס האָט רעכט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען, אָבער ער האָט געדענקט אַז ס׳איז דאָ אַ ישיבה אין ניו יאָרק.

דער מורה־הוראה האָט געגלעט די באָרד.

— דער קאָצקער רבי האָט געזאָגט: די תורה וואַנדערט...

— איז דאָ אַ מקוה אין בוינעס איירעס? — האָט די רביצין געפרעגט.

— האַ? כ׳ווייס נישט.

— אויב אַזוי, זענען דאָך אַלע קינדער ממזרים.

דער מורה־הוראה האָט נאָכגעטראַכט.

— אַ בן הנידה איז נישט קיין ממזר. ס׳איז מסתמא דאָ. דאָרט

(שלוס אויף זייט 3)

# שוים

(שלוס פון זייט 2)

וואו ס'זענען דא אידען, איז דא א מקווה...

— יא, רבי, ס'מוז זיין.

— איך וואלט דארט מיין טאכ־טער נישט אוועקגעשיקט מ'זאל מיר אוועקלייגען אלע אוצרות פון דער וועלט — האט די רביצין געזאגט.

— מיר'ן קומען וואוינען אהער.

— א אידישע טאכטער דארף אפהיטען טהרה.

— וואס זי'ט וועלען, וועט זי טאן. אייער טאכטער איז ביי מיר ווי א ספר־תורה...

דער מורה־הוראה האט געהאט פארגעשלאגען מאקס'ן ער זאל נעכ־טיגען ביי אים. ביז צום האטעל „בריסטאל" איז א מהלך. ווער ווייסט צי מ'מעג טראגען? דער ערוב ווערט אפט איבערגעריסען.

מאקס האט געפרעגט:

— וואס טראג איך דען?

— וועסט דארפען ברענגען דעם טלית...

מאקס'ן איז געווארען ביטער אין גומען.

די רביצין האט געטאן א שפּא־טישען שמייכל.

— ער האט אוודאי נישט קיין טלית.

דער מורה־הוראה האט זיך עפּעס ווי דערשראקען.




פון
י. ווארשאווסקי

— האסט נישט קא' טלית־און־תפילין?

— כ'געה אריין אין א שוהל און מ'בארגט מיר — האט מאקס זיך פארענטפערט מיט א ליגען, אליין דערשטוינט ווי גיך ער האט זיך ארויסגעדרעהט פון דער פּאסטקע.

דער מורה־הוראה האט אפגע־רוקט דעם קידוש־בעכער.

— אזוי איז, אז מ'דערווייטערט זיך פון אידישקייט — האט ער גערעדט האלב־צו־זיך, האלב־צו־מאקס'ן. — ס'ווערט געזאגט: אם תעזבני יום יומים אעזבך... אז מ'פארלאזט די תורה אויף איין טאג, פארלאזט זי יענעם אויף צוויי טעג. וואס האבען מיר א חוץ דער תורה? אין לנו שאר אלא תורה הזאת... אהן דער תורה זענען מיר, חלילה, אלע הפקר... אז וועסט אם־ירצה־השם זיין מיין איידעם, וועסטו מו־זען זיין א איד...

— רבי, כ'על טאן אלץ וואס איר'ט מיך הייסען... איר זאלט מיך אפילו הייסען שפּרינגען אין פייער...

— חס ושלום. א איד דארף זיך מוסר־נפש זיין בלויז ווען מ'פאר־לאנגט פון אים ער זאל, חלילה, דיי־נען די עבודה זרה, שפיכת דמים און גלוי עריות. די תורה איז א תורת חיים. די גמרא זאגט: וחי בהם ולא שימות בהם... מ'דארף לעבען מיט די מצוות. די תורה איז דער מקור פון לעבען...

— יא, הייליגער רבי.

— טאטע, דרשן נישט אזויפיל. ער איז א איד, נישט א גוי! — האט צירעלע זיך אנגערופען.

דער מורה־הוראה האט א קוק גע־טאן אויף דער טאכטער:

— אזוינע זאכען טאר מען נישט פארגעסען...

(ווייטערעס — מארגען)

אין דער רעכטער זייט, אהן דעם לאך, איז

# שוים

## נאוועלע

פון **יצחק ווארשאווסקי**

(פארזעצונג)

2

שבת נאכ'ן טשאלענט האט מאקס זיך געזעגנט מיט דעם מורה־הוראה'ס משפחה און זיך געלאזט געהן אויפ'ן וועג צו דער ציעפלע. דריי אזייגער האט ער דארט געזאלט טרעפען די מויד וואס ריזל קארק האט אים באקענט מיט איר: באשע. דער אמת איז, אז צירעלע האט געהאט געגעבען אן אנצוהערעניש אז זי וואלט געקאנט זיך אוועק'גנב'נען פון דער היים אויף א שעה אדער צוויי, אבער מאקס האט געזאגט, אז ער דארף זיך טרעפען מיט עפעס א קרוב.

ס'איז שוין געווען פופצען מינוט נאך צוויי ווען מאקס איז ארויס פון מורה־הוראה'ס הויז. די גאס האט געשמעקט מיט טשאלענט, קוגעל, ציבעלעס מיט שמאלץ. אדער אפשר האט זיך מאקס'ן בלויז אזוי אויסגעדוכט. די פרומע אידען און אידענעס האבען זיך אלע געלייגט שלאפען נאך דער סעודה. אבער דאס יונגווארג, די קורץ־געקליידטע בחורים און די הייַנטיג־מאדישע מיידלעך, זענען ארויס שפאצירען. ס'האט שיער נישט אויסגעזעהן ווי ראש־השנה אין ראשקעוו צו תשליך. בחורים האבען שפאצירט אין קאפעלושען, אין אנצוגען וואס האבען אויסגעוויזען ניי פון דער נאדל, אין שטייפע קעלנער און פארלאגעס, אין געפוצטע שיך, אין קאלירטע קראוואטען. די וואוילע יונגען האבען געטראגען אין שבת שטעקענס.

מאקס האט באטראכט די פרויען. ס'איז געהאט ארויס א נייע מאדע: שמאלע קליידער, אזוי, אז מ'האט געמוזט מאכען אין זיי דראבנע טריטלעך. ווי וואויל ס'איז זומער, האבען א צאל עלעגאנטקעס פון קראכמאלנע גאס אנגעהאנגען אויף די אקסלען פוטערנע קעלנער. די היטען האבען געהאט אויף זיך הילצערנע קארשען, פלוימען, ווייַנטרויבען, אדער גאר שטרויס־פעדערען. דא און דארט האט מאקס דערקענט אן א מויד, אז זי האט אונטערגעבעט דאס געזעס און אויפגעבלאזען דעם בוזעם מיט א קישעלע.

די געוועלבען זענען אלע געשטאנען פארהעמערט, אבער מאקס האט נאך געדענקט פון אמאל, אז די גאס האט געהאט טעה־הייזער — טשאַינעס — וואס זענען אפען אין שבת. מ'האט אויך געקאנט קויפען נאשווארג אין א נאש־געוועלבל און ביר אין שענק — אלץ אויף בארג. ווי נאר מ'איז ארויס פון דער קראכמאלנע, דער גנאינע און נאך אזעלכע גאסען, וואו די חברת שומרי־שבת האט געהאט אירע שפיאנען — גאט'ס קאזאקען — האט מען געקאנט טאן וואס דאס הארץ גלוסט. טייל פארלעך זענען געגאנגען אין אידישען טעאטער, אנדערע — אין „אילוזיאן", וואו מ'ווייזט לויפענדיגע בילדער, אדער גאר אין זאקסישען גארטען.

מחמת מאקס האט געהאט גענוג צייט ביז דריי אזייגער, איז ער געגאנגען מיט פאמעלעכע טריט. אלעמען באטראכט, פארגליכען די ווארשעווער שטעטער דא צו די יעניגע אין אויסלאנד. טייל יונגעלייט האבען געטראגען הארטע קאפעלושען, אנדערע — שטרוי־היטען. פון מאל צו מאל האט זיך באוויזען א פארשוין אין א ברייט־ראנדיגען פילצענעם קאפעליוש איבער לאנגע האר, מיט א פעלערינע אויף די אקסלען און מיט א שלייף, אנשטאט א קראוואט. מאקס האט געוואוסט, אז אזוי טוען זיך אן די סאציאליסטען, די אינטעליגענטען, יענע וואס לייענען ביכער, געהען אויף קאנצערטען אדער פארלעזונגען, פירען דיסקוסיעס ווי אזוי אויסצובעסערן די מענשהייט. צווישען די פארלעך האט מאקס דערקענט די אלפאנסען און די הורען — מער אויסגעפוצט ווי די אנדערע, אין בונטערע קאלירען. זיי האבען געלאכט הויך, געקנאקט באניע־קערלעך, אנגעהאנגען אויף זיך א סך אימיטירט צירונג, פארשפרייט ריחות פון ביליגען פערפיום. אויף די שוועלען זענען געזעסען ווייבער, געזויגען עופ'עלעך, דערצעהלט אייגע דער אנדערער מעשיות וועגען דאקטוירים, אקושערען, מציאות וואס מ'קאן כאפען אין די באזארען ארום.

ביים עק ציעפלע און קראכמאלנע האט זיך געפונען א קאזארמע פון וואלינער פאלק. לינקס, אויף דער ציעפלע, דארט וואו מאקס האט געזאלט באגעגענען באשע'ן, איז א קאזארמע פון זשאנדארמען. א סאלדאט האט געהאלטן וואך נעבען א ביידל. אין גרויסען הויף האט אן אונטערפיציר מושטירט די זעלנער. קינדער האבען זיך אפגעשטעלט קוקען און דער סאלדאט האט זיי אוועקגעיאגט. מאקס האט געזעהן ווי די סאלדאטען לערנען זיך שטעכען א שטרויענעם גולם. זיי זענען געלאפען קעגען אים מיט די באגנעטען אין די אויסגעשטרעקטע ביקען, דורכגעלעכערט זיין שטרויען אינגעווייד...

ס'איז שוין צען מינוט נאך דריי און די באשע האט זיך אלץ נישט געוויזען. האט זי פארגעסען? האט זי חרטה? האט זי פארבלאנדזשעט? מאקס האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. ער איז געהאט דערגאנגען צו א שטופע, אז ער האט נישט געקאנט בלייבען אליין. וואס זאל ער טאן אין דעם גרויסען שבת'דיגען זומער־טאג? וואו געהט מען איינער אליין? שבת איז אפילו נישט ארויס קיין אידישע צייטונג. דאס פרייטאגדיגע בלאט האט מאקס שוין געהאט דורכגעלייענט פון אנהויב ביז'ן סוף, אפילו די וויצען, אפילו דעם ראמאן וואס מאקס האט נישט געקענט זיין אנהויב און רעכט נישט געוואוסט ווער די העלדען זענען און ווי אזוי זיי האבען זיך פארוויקעלט אין דעם פלאנטער, וואו זיי שטעקען. ס'האט געהאט צו טאן מיט עפעס א פארשלייערטער דאמע, א מערדערישען באראן און א יונג מיידל, א יתומה, וואס איז געקומען פון דער פראווינץ אין דער גרויסער שטאט זוכען א פארלוירענעם חתן. אפגעשפילט האט זיך די געשיכטע אין פעטערבורג.

מאקס האט זיך אפט געוואונדערט, פון וואנען וויסען די שרייבער די אלע זאכען? באשרייבען זיי דאס אייגענע לעבען, אדער זענען זיי אזעלכע מאדימס אויסצוטראכטען? ער האט זיך ערשט געפונען א קורצע צייט אין ווארשע, אבער דער ראמאן האט אים שוין געהאט ארייַנגעצויגען מיט זיין שפאנונג. ער האט שוין אויסגעקוקט דעם מארגענדיגען טאג צו וויסען ווער די אלגא איז און פארוואס זי האט פארדעקט דאס געזיכט מיט א געדיכטען וועלאָן, מען זאל נישט זעהן איר שעהנקייט. געווענליך האט מען גטהארפט ווארטען ביז מארגען, אבער נאך דעם פרייטאגדיגען אפשניט מוז מען אפווארטען ביז מאנטאג...

נו, די קוכטע האט מיר אנגעפייפט, האט מאקס גערעדט צו זיך. אבער וואס טוט מען איצט? געהן אין האטעל און פרובירען כאפען א דרימל? אוועק ערגיץ אין א קינעמאטאגראף? צופארען אליין אין א דראשקע אין די לאזשענקעס? דער זייגער האט שוין געוויזען פינף און צוואנציג מינוט נאך דריי.

— איכ'ל דא שטעהן נאך פינף מינוט! — האט מאקס באשלאסען.

— מער ווי א האלבע שעה הארף מען נישט ווארטען אפילו אויף דער גרעפין פאטאצקא, ווער שמועסט נאך אויף א קעכין פון דער קראכמאלנע גאס, א קליינשטעטלדיגע יענטע.

מאקס האט געזידעלט די באשע'ן אין געדאנק. ער האט אפילו זיך פארגעשטעלט ווי ער ווערט דער גענעראל־גובערנאטאר פון פוילען און הייסט זי איינזעצען אין פאוויאק, אין דער ווייבערשער אפטיילונג, וואס מ'רופט סערביע, אדער אין ציטאדעל. אפשר גאר זי אויפהענגען? זאל זי וויסען, די צלאפיכע, אז מאקס באראבאן איז נישט עפעס קיין ראצער וואס מ'מאכט אויס אים ס'געטאר...

— איכ'ל גאר צוריקגעהן צו צירעלע'ן. אויב זי זיצט אויפ'ן באלקאן, וועל איך איר געבען א צייכען זי זאל אראפקומען.

מאקס האט געשאקלט דעם קאפ אויף דעם אייגענעם מצב. אלע מענטשען פון בוענאס איירעס ביז ווארשע האבען זיך ווי־ס'איז איינגעארדענט, יעדער האט געפונען זיין באשערטע, אבער ער, מאקס, האט א גאנצע לאפטע נקבה'ס און דערביי איז ער איינער אליין. ווי אזוי איז דאס געמאלט? ס'איז טאקע ווי א כלה, אדער, ווי רופט עס דער שקאלניקאוו: היפנאטיזם. ראשעל האט אים א כישוף אנגעטאן. זי שיקט אים טעלעגראמעס... זי האט אפשר געשיקט א טעלעגראמע דער באשע'ן זי זאל נישט קומען אויף דער ראנדקע...

מאקס האט אויפגעהויבען דעם בליק און דערקענט באשע'ן. זי איז געקומען צו אים פון דער קראכמאלנע. זי האט געטראגען א געל קלייד און איבער די רויטע האר א הוט מיט בלומען. זי האט אויסגעקוקט ארים, פראווינצעריש און א קאפעלע דערשראקען. מאקס איז איר אקעגענגעלאפען:

— באשעלע!

די מויד האט זיך אנגעכאפט ביי דער ברוסט.

— עץ זענט נאך דא? כ'האב געמיינט עץ זענט שוין אוועק!

— וואס האסטו דיך אזוי פארשפעטיגט?

די מויד האט געגעבען א צייכען אז זי מוז אפכאפען דעם אטעם.

— קיין שום שבת שיקען זיי מיך נישט נאך טעה. דער אלטער וויל גאר נישט טרינקען די שבת'דיגע טעה. ער זאגט, אז זיי קאכען איז שבת און כ'ווייס־וואס. הייַנט איז אים איינגעפאלען, אז ער וויל טעה. וואס האב יעך געקאנט טאן? כ'ביז אוועק צו שמואל מלאך נאך טעה. אזוי הייסט ער. ביי עים איז די טעה גלאט־כשר. כ'קום צו געהן און עס ווארט דארט א גאנצע האלאטע. איידער מ'האט מיר אנגעצאפט דאס הייסע וואסער, און ביז כ'האב אלץ צוגעטראגען צום טיש און מיך אנגעטאן, איז שוין געווען א פערטל נאך דריי. כ'האב אנגעהויבען לויפען און כ'האב שיער א פוס נישט צעבראכען. כ'בין נישט געוואוינט צו די הויכע קארקעס. וואס, קלער יעך, וועט דער מענטש טראכטן? כ'האב שיער נישט געקראגען די אפאפלעקציע. דאנקען גאט, עץ זענט דא. עץ זאלט מיר טויזענט מאל אנטשולדיגען. אז מ'דינט ביי יענעם, מוז מען טאן וואס זיי הייסען. אנישט, שיקט מען דיך אוועק און מ'באצאלט אפילו נישט פאר'ן זמן...

— כ'פארשטעה, כ'פארשטעה. נעם דיר נישט צום הארץ. אז וועסט טאן וואס איך הייס, וועסטו זיין א חאמע, נישט א דינסט ביי עפעס א לאפאצאן...

— די אלטע האט גענומען פרעגען וואו יעך געה און פארוואס כ'האב מיך אזוי אויסגעסטראיעט. זי אליין העגגט־אן אויף זיך בערג מיט שמאכטעס און מיר קאן זי נישט פארגינען וואס כ'וואש מיר אפ ס'פנים...

— זי פארגינט דיר נישט דערפאר ווייל דו ביסט שעהן און זי איז א מיאוס'קייט.

— פון וואנען ווייסט עץ? גראב ווי א פאס. יעדען זומער פארט זי קיין פאלעניץ און זי קריגט־צו דרייסיג פונט. היינטיגן זומער פארן זיי קיין ציעכאטשינעק, אבער ערשט אין דריי וואכען ארום.

— דו'סט בלייבן אין דער היים?

— וואדען? זיי וועלען מיך מיטנעמען?

— איכ'ל צו דיר קומען.

באשע האט אפגעווארפען א ווייל.

— לאמיר געהן מיט דער גזשיבאווסקע. די קראכמאלנע איז ווי א קליין שטעטל. באלד הויבען זיי אן צו בארעדען.

— מיר'ן נעמען א דראשקע.

— אין שבת? ניין.

— אויב דו ווילסט פארען קיין ארגענטינע, קאנסטו נישט זיין אזוי פרום.

— דארט איז עפעס אנדערש...

ס'איז געווען אויסטערליש צו וויסען, אז ער העגגט־אפ פון אזא סארט מיידל, אבער מאקס האט זיך אפגעגעבען א חשבון, אז ווען זי קומט איצט נישט, וואלט ער געבליבען היינטיגען טאג א פארלוירענער.

צייט מאקס איז ארויסגעפארען פון דער היים, האט ער געמוזט יעדען טאג עפעס אויספלאנען. אין לאנדאן, אין פאריז, אין בערלין, — אומעטום האט ער געמוזט געהן אין דעם אידישען פערטל, עסען אין אידישע רעסטאראנען, אפט אנהויבען א שמועס מיט עמיצען. דער טאג זאל נישט אדורכגעהן אין שטילשווייגעניש. אויב ער האט נישט געקראגען קיין פרוי, האט ער זיך באנוגענט מיט א מאנסביל, — אלץ איז בעסער ווי דורכצוגעהן א טאג און נישט ארויסרעדען מיט קיינעם קיין ווארט. דא אין ווארשע האט ער זיך אריינגעלאזט אין אוואנטורעס וואס איין גאט ווייסט וואוהין זיי וועלען אים אוועקשלעפען, אבער אפילו דא איז ער נאך אלץ ווי א פינפט ראד צום וואגען.

ער איז ארויס מיט באשע'ן אויף דער גזשיבאווסקע און פון דארט מיט'ן גזשיבאוו אויף דער קרולעווסקע. באשע האט א פרעג געטאן:

— וואו געהען אונז, הא?

— הונגעריג ביסטו נישט?

— הונגעריג? נאכ'ן טשאלענט?

— אפשר ווילסטו טרינקען קאווע?

— קאווע? שבת? כ'בין פליישיג...

וואס איז דאס פאר'א יאלדעווקע? — האט מאקס צו זיך גערעדט. — וויל פארען קיין ארגענטינע ווערען א בלאטע מויד און האט מורא צו עסען מילכיגס נאך פליישיגס. זי ווייסט אוודאי נישט וואס ריזל קארק וויל פון איר... איז נעבעך א כשר בהמה'לע... ער האט א זאג געטאן:

— קום ארויף צו מיר. מיר'ן דארט אלץ איבערשמועסען.

— וואו וואוינט עץ?

— אין האטעל בריסטאל.

באשע האט געשוויגען א לאנגע ווייל.

— מ'עט מיך דען אריינלאזען?

— אז דו געהסט מיט מיר, ביסטו מיין גאסט.

— וואס וועלען מיר דארט טאן?

— מיר'ן רעדען ווי צוויי פריינד.

— נו, זאל זיין — האט באשע געזאגט נאך א צעגערניש.

מאקס האט אליין נישט געוואוסט פארוואס ער האט זי געהייסען קומען אין האטעל. ער האט נישט גערן קיין נקבה מיט רויטע האר. דערצו איז איר פנים פול מיט זומערשפרינקעלעך. אבער געהן אין א גארטען, אדער אין א טעאטער, האט ער אויך נישט געהאט קיין פארלאנג. ער האט זי אנגענומען ביים ארעם און זי האט זיך א טוליע געטאן צו אים.

זיי זענען געגאנגען לענגאויס דער קרולעווסקא ביז זיי זענען צוגעקומען צום האטעל בריסטאל. ביים אריינגאנג האט באשע זיך עפעס ווי דערשראקען און זיך א קלאמער־געטאן אין דער שוועל. זיי זענען ארויף מיט די טרעפ און אריין אין צימער. באשע האט זיך ארומגעקוקט, געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— ס'איז ס'ערשטע מאל אין מיין לעבען אז כ'בין אין א האטעל.

— וואס איז א האטעל? א שטוב חי אלע שטיבען. ס'קאסט בלויז טייערער. טו־אויס דעם הוט. זיי ווי ביי דיר אין דער היים.

— וואו האט א הונט א היים? נו, גוט.

באשע האט אויסגעטאן דעם הוט און די רויטע האר אירע זענען זיך צעפאלען איבער איר פנים און האלז. די הארנאדלען זענען אראפגעפאלען. מאקס האט זיי אויפגעקליבען. באשע האט זיך אוועקגעזעצט אויף א שטוהל און געזאגט:

— באלייטען אויף דער וועלט ווייסט מען פון א לעבען. מייעס א געשוועסטער־קינד איז אוועקגעפא־

(שלוס אויף בינטעל בריף זייט)

# שוים

פון
## י. ווארשאווסקי

(שלוס פון זייט 2)

רעז קיין אמעריקע. דא איז ער געווען א שוסטער און פארדינט וואסער אויף קאשע. דארט איז ער געווארען — ווי רופט מען דאס ? — א פאבריקאנט. ער האט געשיקט א פאטאגראפיע און די אייגענע מאמע האט אים נישט דערקענט. מיט א צילינדער אויפ׳ן קאפ ווי א קוימען. דאס ווייב רעדט בלויז ענגאליש. א גאנצער פריץ. דא האט ער געהייסען שמערל, דארט האט ער זיך א נאמען געטאן סעם. ווי מיין טאטע האט איבערגעלייענט דעם בריוו, איז געווארען אין שטוב א געוויין, ווי יום־כיפור.

— וואס האבען זיי געוויינט ?

— פון פרייד.

— יא, ס׳איז אמת. דא איז א געמאטערט לעבען. אין אמעריקע טאן מען זיך ארויפארבעטען. די הויפט־זאך איז ; זיי נישט פאנאטיש. פארוואס טאר מען נישט עסען מילכיגס נאך פליישיגס ? ס׳איז אלץ באבקעס.

— וואס ווייס יעך ? די מאמע האט מיך אזוי געלערענט.

— אין מאגען מישט זיך אלץ אויס ; פלייש, מילך, אפילו א שטיקעל בשר קוויטש.

— עץ עסט חזיר ?

— ניין. אבער נישט דערפאר ווייל מ׳טאר נישט. כ׳האב עס גלאט נישט ליב. מיר׳ן שפעטער ארָאפגעהן און טרינקען קאווע. דא איז פאראן א קאפע. לאמיר פארברענגען ביז האלב זיבען.

— וואס רעדט עץ ? כ׳מוז זיי צוגרייטען שלוש סעודה׳ס.

— זיי זענען נישט קראנק אליין זיך צו נעמען.

— די אלטע וואלט מיך גלייך אפגעשאפט.

— אויב זי׳ט דיך אפשאפען, קום גלייך צו מיר. וועסט פארען מיט מיר און איכ׳ל דיך שוין באזארגען. קום אהער !

מאקס איז צוגעגאנגען צו איר, זי אנגענומעןביים האנט־געלענק. זי האט געטאן א צאפל, אבער זי האט זיך נישט ארויסגעריסען. ער האט זי אויפגעשטעלט און איר געטאן א קוש אין די ליפען. זי האט געקוקט אויף אים מיט די גרינע אויגען א צעפאטעלטע. ער האט זי ווידער געקושט. און זי האט אים צוריקגעקושט. ער האט זי ארומגענומען און צוגעדריקט איר בוזעם צו זיינעם. זי האט געמורמלט ;

— וואס טוט עץ ?

— א, גלאט אזוי.

— עמיץ קאן נאך אריינקומען.

— קיינער וועט נישט אריינקומען.

ער האט געקראגען חשק צו איר און זי געפרואווט אויסטאן, נאר זי האט אים אנגעכאפט ביי די הענט.

— נישט איצט.

— ווען ?

— מיר מוזען ווערען היימיש...

— זאג מיר דעם אמת, האסט שוין געהאט עמיצען ?

— קיינעם נישט. זאל מיך גאט שטראפען !

מאקס האט געוואוסט, אז ער קאן מיט איר טאן וואס ער וויל, אבער ער האט זיך אפגעהאלטען. ער האט געהאט לעצטענס אזוי פיל דורכפאלן מיט ווייבער, אז ער האט שוין מורא געהאט צו ריזיקירען. דא איז אים באפאלען די לופט און באלד איז זי אפגעטראטען. ס׳איז געווען ווי עמיץ אין אים, אן אינעווייניגסטער שונא, וואלט זיך מיט אים גערייצט און נאר געפרואווט אים פארשעהמען. . . ער האט זי געקושט לאנג און זי האט צוריקגעקושט און זיך איינגעגעסען אין זיין מויל.

עמיץ האט אנגעקלאפט אין דער טיר און באשע האט זיך מיט אימפעט פון אים ארויסגעריסען און מיט איילעניש גענומען פארריכטען די האר.

מאקס האט געעפענט די טיר און א באדינערין אין א ווייס שירצל און מיט א הייבל איבער די האר האר געזאגט ;

— מ׳רופט אייך צום טעלעפאן.

(ווייטערעס — קומענדע וואך)

# שדים

## נאָוועלע

פון
**יצחק ווארשאווסקי**

(פארזעצונג)

3

מאקס האט דערקענט רייזל קארק'ס קול. זי האט געזאגט:

— מאקס, דאס ביסט דו? איך האב מיך נישט גערייכט אז וועסט זיין אין האטעל, אבער כ'האב געפרואווט. האסט באגעגנט באשע'ן?

— יא, זי איז ביי מיר אין האטעל.

— נו, מזל־טוב.

— ס'איז נישט דאס וואס דו מיינסט.

— וואס טוסטו מיט איר? עץ זאגט תהילים?

— מיר שמועסן.

— מ'עט זי דארפן קאליע־מאכן, אבער נישט צו־שנעל. מאקס, שמואל איז היינט אינדערפריה אוועקגעפארן קיין לאדזש.

— ער פארט אין שבת?

— שבת איז בעסער צו פארן ווי אינדערוואכן. די באן איז ליידיג.

— נו, אזוי.

— דו קאנסט מיט דער באשע'ן לאנג נישט בלייבן. כ'קען אירע באלעבאטים. אז זיי קריגן נישט צו שלוש סעודות די פיש און די זויערמילך, געהט'אונטער די וועלט. וואס טוסטו שבת־צו־נאכטס?

— כ'מאך הבדלה און זינג המבדיל.

— קום אריבער, וועלן מיר זינגען צוזאמען.

— ס'געשעפט איז געמאכט.

— וויפיל אזייגער וועסטו דא זיין?

— זיבען אזייגער.

— קום ניש' מיט קא' פולען בויך. צו מיר אז מ'קומט, מוז מען עסען.

— כ'על דיר אפעסען די ביינער.

— אויב דו קאנסט, מעגסטו.

מאקס האט אויפגעהאנגען דאס טרייבל. ער האט זיך אומגעקערט צו באשע'ן. ער האט מורא געהאט אז ער'ט בלייבן היינטיגען אווענט אליין, אבער עפעס א שד האט אכטונג געטאן אויף אים. נישט מער, ער האט אים אלץ צוגעטיילט ביסלעכווייז, אים שטענדיג געהאלטען אין דער מורא.

באשע איז געזעסען וואו ער האט זי איבערגעלאזט. זי האט געהאלטען א קאם און מיט אים אויסגעגלייכט די רויטע האר. זי האט געזאגט:

— מיין אלטער האט א טעלעפאן. אין מיטען דער נאכט הויבט אן קלינגען און אלע וועקען זיך איבער. דער אלטער געהט־אראפ און עמיץ זאגט: ס'שלעפען זיך אייד נאך די בענדלעך פון די גאטקעס...

— א וואוילער, הא?

— זיי טוען־אן געברענטע צרות. זיי קלינגען־אן א ווייבל, אז דער מאן אירער שלעפט זיך ארום מיט שיקסעס. ער קומט אהיים און זי נעמט אים יאדען. דעם מאן, ווידער, זאגען זיי, אז ס'ווייב האט א ליובאווניק. זיי קאנען אנקלינגען צו א רבי'ן, צו א גענעראל, ווען עס פאלט זיי איין. מיינע אלטע האבען אויסגעהערט צוגעהן צום טעלעפאן אין מיטען דער נאכט. זיי לאזען אזוי לאנג קלינגען ביז ס'הערט־אויף.

— קאן מען צו דיר אנקלינגען אויפ'ן טעלעפאן?

— אויב די אלטע זענען נישט אין דער היים, יא. אנומעלט האט עמיץ אנגעקלונגען פון אונזער שטעטל. דער אלטער האט אים גענומען אויספרעגען ווער ער איז, וואס ער וויל און אים אזוי לאנג אויסגעפארשט, ביז ער האט אוועקגעלייגט דאס טרייבל.

— ער איז אוודאי אייפערזיכטיג אויף דיר. ער טשעפעט מיט דיר, אויף דיר. ער טשעפעט זיך מיט דיר, הא?

— מער ווי געבען מיר א קנופ, עץ זאלט עס מיר מוחל זיין, אין גראבן פלייש, קאן ער ביי מיר נישט קריגען...

— און ער איז א חסיד, הא?

— געהט אין שוהל אריין יעדען אינדערפרי. שבת זינגט ער זמירות אז מ'קאן ווערען טויב.

נו, דער מענטש איז א חזיר — האט מאקס געזאגט צו זיך אליין. ער האט נאך געפילט אויף די ליפען דעם טעם פון באשע'ס קושען. ווי וואויל ער האט אלע יארען געהאט צו טאן מיט'ן ווייבערשען מין, האט ער יעדעס מאל פונסניי איינגעזעהן אז געניי ווי זייער קאפ ארבעט קאן א מאנסביל קיינמאל נישט וויסען. זיי זענען אלע די אייגענע און דאך איז יעדע איינע אנדערש. זיי טוען מיקלאמפערשט אלץ מיט פארשטאנד, אבער דאס איז א שכל וואס מ'קאן דרעהען אהין־און־אהער. פארוואס, אשטייגער, האט זי אים געקושט? איז עס דערפאר ווייל ער האט איר צוגעזאגט זי אראפצונעמען קיין אויסלאנד? אדער געפעלט ער איר? רייזל קארק'ס ווערטער, אז מ'עט זי דארפען קאליע־מאכען, אבער נישט צו גיך, האבען אים גערייצט און געשראקען. וואס פאר'א קאליע־מאכער בין איך? אין מיר אליין איז אלץ קאליע...

מאקס האט שוין באצייטענס געהאט א פחד פאר דער היינטיגער באגעגניש מיט רייזל'ען. רייזל קארק איז נישט באשע. זי האט גערעדט אפענע דיבורים: שמואל איז אוועקגעפארען... דאס קול איר'ס האט געהאט אין זיך א טרפה געלעכטערל. ער האט א זאג געטאן צו באשע'ן:

— אויב דו ווילסט נישט שלאפען מיט מיר, קום אראפ אין גאס און מיר וועלען געהן שפאצירען, אדער אריינגעהן אין א רעסטאראן.

— כ'קאן נישט שפאצירען. די קארקעס האקען מיר אפ די פיס.

— אויב אזוי, וועלען מיר עפעס עסען.

— אסור, צי כ'בין הונגעריג.

— וואס ווילסטו? דא זיצען?

— הלוואי וואלט יעד געקאנט דא זיצען הונדערט יאר...

מאקס האט געטאן א לאך.

— וואלסט נישט געגאנגען שלאפען מיר מיר באנאכט?

— מסתמא יא.

— דערצעהל מיר עפעס וועגען דיר. ווען האסטו אנגעהויבן דינען?

— א, צו ניין יאר. פריהער האב יעך גערינט אין ווישקעוו ביי א גביר ר' נת'לע יאווראווער. אבער ס'איז דארט געווען אן אנדער דינסט און יעך האב געמוזט איר צוהעלפען. זי'ט מיך נישט צוגעלאזט צו דער קיך. נאר אויב די מילך איז אויסגעלאפען, בין יעך געווען שולדיג. גערופען האט זי מיך פרה אדומה, ווייל כ'האב רויטע האר. מ'מיינט מאנסלייט זענען שלעכט. נאר ווען א נקבה איז א רשע איז זי ערגער פון טויזענט מאנסלייט. זי'ט געהאט א חתן א קצב און ווען ער איז געקומען צו איר שבת נאכ'ן טשאלענט, איז זי געווען גוט צו א מסה צוצולייגען. געהייסען האט ער שלמה. נאר געסופען האט זי עים ליאמע. ליאמע אהין און ליאמע אהער. ער פלעגט קוקען אויף מיר און מיך רייסען ביי די צעפלעך. דאס האט זי געקרענקט אז זי'ט געקראגען די נכפה. איינמאל זענען פארפאלען געווארען ביים באלעבאס צען רובל און זי'ט אויסגעטראכט אז יעך האב זיי גענומען. זי'ט זיי אוודאי אליין צוגע'גנב'עט, אבער מיך האט זי גערופען גנב. גאט האט זי געשטראפט. מיין באבע פלעגט זאגען: גאט ווארט לאנג און שטראפט גוט. דער ליאמע איז געשטאנען צום פריזיור און מ'האט אים צוגענומען. די רייכע זיהנדלעך האבען זיך געמאכט פעהלערען און אונטערגעקויפט דעם דאקטאר, אבער א קצב־יונג האט ניש' קא' געלט. ס'וואלט עים ניש' געהאלפען קא' פעהלער אויך. שטארק ווי אן אקס. מ'האט עים געפירט צו דער צווייטער שבועה און רויזע לאה — האט זי געהייסען — איז נאכגעלאפען און געוויינט ווי ביי א לוויה. ר'האט אויסגעדרעהט דעם קאפ און געשריגען: וואס יאמערסטו? כ'בין נאך נישט געשטארבען. מ'האט עים אוועקגעשיקט ערגיץ ווייט און חדשים זענען אריבער און ס'איז נישט אנגעקומען קא' בריוו. יעדען טאג איז זי געגאנגען אויף דער פאטשט פרעגען אויף א בריוו און די גויים האבען אויס איר געלאכט. אז ס'עט אנקומען א בריוו, וועט דער פאטשט־טרעגער אים ברענגען אהיים. א בריוו איז אנגעקומען צוויי פערטל יאר שפעטער און נישט פון עים, נאר פון רויזע לאה'ס א געשוועסטער־קינד. ליאמע איז געהאט אנטלאפען פון די זעלנער און איז אוועק קא'ן אמעריקע. אין אמעריקע איז געווען א הונגער — כ'האב שוין פארגעסען ווי זיי רופען דאס — מ'האט נישט געקראגען קא'ן ארבעט, און ער'ט זיך צוגעשארט צו א מיידל וואס דער טאטע אירער האט געהאט א ווארשטאט פון העמדער. זי איז געווען א מיאוס'ע, אבער אז מ'איז הונגעריג אין א פרעמדער שטאט, קאן מען נישט זיין קא'ן אויסקלויבער. ווען רויזע לאה האט דערהערט די בשורה — דער באלעבאס האט איר איבערגעלייענט דעם בריוו — האט זי גענומען וויינען און מער נישט געקאנט אויפהערען. זי איז ארומגעלאפען אהין און צוריק, געפאטשט מיט די הענט און געשריגען: ליאמע, וואס האסטו מיר אפגעטאן? ליאמע, פארוואס האסטו מיך פארשעהמט? אין אנהויב האט מען זי געלאזט וויינען. אבער אז ס'איז אריבער א טאג און צוויי און זי'ט גארנישט געטאן אין דער ווירטשאפט, האט די באלעבאסטע זי אוועקגעשיקט אין מיטען זמן —

— און דו האסט פארנומען איר ארט?

— די באלעבאסטע האט מיר נישט פארטרויט כ'זאל שטעהן ביי דער קיך. מ'האט מיך אויך אפגעשאפט.

— וואס איז געווארען פון דער רויזע־לאה'ן?

— פריהער איז זי געווען גראב ווי' א חזיר. נאך דעם בריוו האט דאס פלייש גענומען פון איר פאלן. זי איז געווארען אויסגעצעהרט ווי פון דער סוכאטע. יעד בין דערווייל אוועק קיין ווארשע, אבער אז כ'בין צוריקגעקומען אויף פסח, איז זי געהאט אוועק קיין אמעריקע.

— זי'ט צוגענומען ליאמע'ן פון ווייב, הא?

— א, איר זענט א קליגער! פון וואנען האט איר געטראפען? דאס האט זי געוואלט, אבער געראטען איז איר א מכה. אין אמעריקע, אז מ'האט חתונה, איז פארפאלן. דארט זענען די ווייבער דאס אויבערשטע פון שטויסל. ס'איז דארט אראפגעקומען אן עלטערער איד, יעקעלע, א ווישקאווער, און ער איז געווארען אן אלמן. ס'ווייב האט אים איבערגעלאזט פינף קינדער און מיט עים האט זי חתונה־געהאט.

— וואס ווייטער?

— ווייטער ווייס יעך מער גארנישט. זיי פארען אוועק און שרייבען נישט. מיין מאמע פלעגט זאגען: איבער'ן וואסער, איז ווי אויף יענער וועלט.

— דו גלויבסט טאקע, אז גאט האט זי געשטראפט?

באשע האט געשוויגען א לאנגע ווייל.

— ווער דען זאל שטראפען אויב נישט גאט?

— ס'קאן זיין, אז גאט זיצט אין זיבעטען הימל און די גאנצע וועלט געהט אים אן ווי דער פאריעריגער פראסט.

— ניין, ס'קאן נישט זיין.

— פארוואס נישט?

— אט אזוי. ס'איז געווען ביי אונז א פרומער איד, ר' טודרוס, און ער'ט געזאגט: גאט איז אונזער פאטער און מיר זענען זיינע קינדער. ער קוקט אראפ פון הימל און זעהט יעטוועדע זאך. אז א מענטש נעמט זיך אריין א שטיקל האלץ אין נאגל, ווייסט דאס גאט.

— פארוואס לאזט ער מ'זאל זיך אריינגעמען א שטיקל האלץ?

— פאר א זינד.

— פארוואס איז סטאליפין א מיניסטער און דיין טאטע איז אן ארימער מלמד?

— ווער איז דאס דער סטאליפין? זיי פרעסן זיך אן אויף דער־וועלט און אז ס'קומט אויף יענער־וועלט, שלעפט מען זיי אין גיהנום. ס'איז דארט דא א שטעכבעטל און זיי ליגען דערויף.

— אויב אזוי, וועט מען דיך שטראפען, ווייל דו האסט דיך געקושט מיט מיר.

— הא? יא, אפשר.

— פונדעסטוועגען האסטו דיך געקושט. אויב וועסט פארען מיט מיר קיין ארגענטינע, וועסטו דארט נישט זיין קיין רביצין. כ'זאג עס דיר פאראויס.

— יא, כ'ווייס.

— און פונדעסטוועגען ווילסטו פארען?

— כ'קאן דא מער נישט אויסהאלטען. די יארען געהען אריבער און מ'ווערט אלט. אהן א נדן קאן א מיידל נישט קריגען קא' מאן. די אלטע פרעסט מיך ווי א ווארעם. כ'שטעה'אויף אינדערפריה און עס איז נישטא צו וואס אויפצושטעהן. ווידער וואשען ס'געפעס, ווידער מאכען פייער, ווידער שיילען קארטאפל. דאנערשטאג און פרייטאג הארעוו יעך ווי א פערד. ס'קומט דער שבת, זיץ יעך ביים פענסטער און קוק אראפ צום מיסט־קאסטן —

— ווילסט, הייסט עס, בעסער זיין אין גיהנום איידער פירען אזא לעבען?

— ביז צום גיהנום איז נאך א ווייטער מהלך...

— אין די ביכער שטעהט אז ס'איז נישטא קיין גיהנום.

— הא? אויב אזוי, איז דאך אוודאי גוט...

— נו, קום, לאמיר געהן.

מאקס האט זיך אויפגעשטעלט. באשע איז אויך אויפגעשטאנען. ער איז צוגעגאנגען צו איר און זי אנגענומען ביי די אקסלען. ער האט זיך אראפגעבויגען און זי געקושט. אלע מורא'ס האבען אים פארלאזט. ער האט זי געקושט אלץ שטארקער. ער האט זי צוגעשלעפט צום בעט.

באשע האט זיך גענומען רייסען פון אים.

— טוט עס נישט. כ'בין אן ארענטליך מיידל!

— ביסט שוין גענוג געווען ארענטליך.

ער האט זי געטאן א שלעפ און אנידערגעווארפען אויפ'ן בעט. באשע'ס פנים איז געווארען רויט. די אויגען אירע זענען געווארען אויסטערליש גרין. א געמיש פון כעס און ליבשאפט האט זיך באוויזען אין איר צורה. זי האט זיך געראנגעלט מיט אים, אים אנגעכאפט ביי די הענט מיט אן אומגלויבליכען כוח. אין דעם גאנצען אמפערניש האט זי עפעס ווי געשמייכעלט.

— כ'בעט אייך! האט רחמנות! נישט היינט!...

— ווען?

— אן אנדער מאל — האט זי געפרייכט.

ער האט זי געפרואווט נעמען מיט כוח. ער האט געטאן א ריס אין איר קלייד, אדער אין איר בלוזע. זי האט א שיפע געטאן:

— איר צערייסט מיר ס'קלייד!

פלוצים האט ער דערשפירט אירע נעגל אויף זיין פנים. זי האט אים א גראטש געטאן ווי א קאץ — אהן כעס, אהן שנאה. ער האט דערפיהלט די ווארעמקייט פון בלוט. ער האט זי אפגעלאזט און זי איז אויפגעשפרונגען פלינק און מיט א רירעוודיגקייט, וואס האט אים פארבליפט. זי האט א רוף געטאן:

— אוי, מאמע, בלוט!...

און זי האט גענומען אים קושען, האלזען, לעקען. זי איז צוגעלאפען צום קראן, באנעצט א האנטוך, צוגעלייגט צו זיין פנים. ער האט זיך א וויש געטאן און גערופען:

— דו ווילדע חיה!...

— ווען?

— אן אנדער מאל — האט זי געענטפערט — נישט אין מיטען העלען טאג!...

און זי האט געטאן א פלאץ־ארויס מיט א געוויין. אין איין רגע האט דאס פנים איר'ס זיך פארענדערט. אלץ האט זיך אויסגעמישט דערין צוזאמען: שרעק, געטריישאפט, חרטה. זי האט געפאדעט ארום אים ווי א מאמע וואס האט אומגערן געשעדיגט איר קינד. זי האט פונסניי א כאפ־געטאן דאס האנטוך און איז צוגעלאפען עס באנעצען ביים קראן. זי האט א פרעג געטאן:

— איר האט אפשר יאדינע?

און זיך פארגאנגען מיט א געהאליש געיאמער פון א קליינער מויד, וואס ס'איז איר געשען א גרויסע עוולה. זי האט זיך אנגעהאנגען אן אים, געקלאגט אויף זיין הארץ־ברעט, געקושט זיין העמד, איבערגעבעטען.

מאקס האט זיך געלאזט צוגעהן צום שפיגל און באשע האט זיך אים נאכגעשלעפט. ער האט דערזעהן צוויי גראטשעס, איינעם אויפ'ן שטערן און איינעם אויף דער לינקער באק.

— ווי אזוי וועל איך מיך ווייזען פאר רייזל קארק? — האט ער געטראכט. — און שפעטער פאר צירעלע'ן? ס'קאן דויערען א וואך ביז דאס וועט זיך אויסהיילען.

מאקס איז געווען בייז אויף דער פראווינצער מויד וואס האט זיך אים אזוי אקעגנגעשטעלט, אבער זי האט אין אים ארויסגערופען לוסט. ער האט זי נאך אלץ באגערט. ער האט זי א כאפ געטאן ביי די האר.

— אדער איצט, אדער קיינמאל נישט!...

— טאטעלע, נישט באטאג... כ'קאן ניש', כ'קאן ניש'!...

און זי איז א פאל געטאן צו די פיס ווי די העלדינס אין אידישען טעאטער. זי האט אים ארומגעכאפט די ליטקעס, געקושט די הויזען, די מאנקעטען.

מאקס האט זי אויפגעהויבען ביי די האר און אן אקסל.

— כ'על אראפלאזען די ראלעטען!...

— האט רחמנות, ניין! — האט באשע געכארכעלט.

— נו, אן איינגעשפארטער נאר!...

און ער האט איר געטאן א שטויס און א שטופ. זי איז א פאל געטאן הינטערוויילעכץ צום בעט, אבער זי איז פונדעסטוועגן געבליבן שטעהן אויף די פיס. די האר וואס זי האט פריהער פארקעמט זענען ווידער געווארען ווילד צעקאדעלט. דאס פנים איר'ס איז געווארען עפעס ווי אנ־

(שלוס אויף זייט 3)

# שזים

פון
**י. ווארשאַווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

געבלאָזען, אדער געשוואָלען. זי האָט געהעשעט, זיך פאַרקייכט, געצאַפּעלט, ארויסגעהוילט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל אַן איינציג ווארט וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי דאָס ווידערשפּעניגע בעבעניש פון אַ קינד.

נו, ס׳איז נישט באַשערט, האָט עמיץ אין מאַקס׳ן גערופען. ער האָט איצט זיך דערנעהנטערט צום קראַן און אַליין זיך צוגעלייגט אַ סאַרט צייטווייליגן קאַמפּרעס. ס׳האָט אים אנגעהויבען וועה־טאָן און ער האָט געמורמעלט ;

— אַזאַ פליאַסקעדריגע ! אַזאַ פּראָווינצער קוכטע ! אַזאַ ווישקאָווער שמויש !...

ווערטער זענען אים געקומען אויף די ליפּען וואָס ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסען. ער האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם כוח און דעם באַגעהר זי צו באַצווינגען, אָבער אַ פּינטעלע אין מוח, וואָס האָט דאָס לעצטע וואָרט, האָט געזאָגט ניין. זי קאָן נאָך אַמאָל מאַכען אַ געוואָלד און די דינערשאַפט זאָל דערהערען. ער, מאַקס, איז נישט געקומען קיין וואַרשע פוילען אין אַרסענאַל...

ער האָט אַראָפּגענומען דעם קאַמפּרעס מיט די שפּורען פון בלוט. ער האָט געלאָזט גיסען אויף אים וואָסער ביז ער איז געוואָרען קיהל. דערנאָך האָט ער אים אויסגעדרונגען און פּונסניי צוגעלייגט צום פּנים. אַן איינציג אויג איז געבליבען אויפגעדעקט און ער האָט געטאָן אַ קוק אויף צוריק.

באַשע איז געשטאַנען און געגאַפט אויף אים מיט באַוואונדערונג, געבעט, נייגער און נאָך עפּעס וואָס ס׳איז נישטאָ דערפאַר קיין נאָמען. די ליפּען אירע האָבען זיך באַוועגט, אָבער קיין ווערטער זענען נישט אַרויסגעקומען. ער האָט ערשט איצט דערזעהן וואָס ער האָט אָפּגעטאָן : ער האָט געהאַט צעריסען איר קלייד פון האַלז ביז צו דער ברוסט. ס׳האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ טייל פון קאָפּטל.

— ווי וועט זי געהן אַהיים ? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. — ווי קאָן מען אַזוי גיך קריגען פאַר איר אַן אַנדער קלייד ? נו, און וואָס וועט זאָגען די באַלעבאָסטע ? אפשר גאָר אַוועק מיט איר אַזוי ווי זי געהט און שטעהט ? — איז מאַקס׳ן איינגעפאַלען.

מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן :

— ווילסט אפשר פאָרען מיט מיר קיין אַמעריקע ? כ׳מיין שוין, איצט !

באַשע׳ס פּנים האָט אויפגעלויכטען.

— קיין אַמעריקע ? שבת ?

— מ׳קאָן פאָרען קיין אַמעריקע אפילו אין יום־כיפור...

— איר לאַכט אויס מיר ! איך לאַכט !

— כ׳האָב דיר צעריסן ס׳קלייד. ווי אַזוי וועסטו קומען אַהיים אין אַ צעריסענע קלייד ?

— אַ׳ כ׳על צושפּיליען...

זי איז צוגעגאַנגען צו דער שטוהל וואו ס׳איז געלעגען איר טאַש און האָט אַרויסגעגראַבלט אַ פּאַר שפּילקעס, אַ זיכער־נאָדל. זי האָט אַ מורמעל געטאָן :

— ס׳איז מוקצה, אָבער — —

ער איז געשטאַנען און צוגעקוקט ווי זי האָט פאַרריכט איר קלייד. ער האָט אַ זאָג געטאָן :

— באַלד נאָך שבת וועל איך דיר קויפען אַן אַנדער קלייד, אדער אפשר זאָל איך דיר געבען געלט און דו וועסט אַליין דיר קויפען, אדער לאָזען אויפנייען אַ יאַקע ?

— כ׳דאַרף נישט קויפען. כ׳קאָן פאַרריכטען אַט־די יאַקע אַזוי אַז קיינער וועט נישט דערקענען.

— כ׳על דיר קויפען אַ קלייד. ווען זעהען מיר זיך ווידער ?

— כ׳האָב אַ וויכאָדנע בלויז איין מאָל אין צוויי וואָכען.

— ווען וועט דאָס אויספאַלען ?

— היינטיגען מיטוואָך.

מאַקס האָט אָפּגעשמועסט מיט איר אַ באַגעגעניש. ער האָט איר געהאָלפען אָנטאָן דעם הוט. דערנאָך האָט ער זי ווידער גענומען קושען און זי האָט אים צוריקגעקושט. זי האָט עפּעס געשריגען, אָבער ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס. איר פּנים איז געוואָרען הייס און זיינע באַקען — פייכט. ער האָט צוגעדריקט איר ברוסט צו זיינער און ער איז פּונסניי געוואָרען פול מ׳ט לוסט און זיכערקייט אין די אייגענע כוחות. ער האָט אַ זאָג געטאָן :

— קום, דו מוזסט זיין מיינע.

---

(ווייטערעס — מאָרגען)

---

# תשעה באב — דער טאָג פון טרויער און האָפענונג

דעם ערשטען מאָל אין צוויי טויזענט יאָר האָבען די שטיינער פון רחל׳ ...

# שוים

## נאָוועלע

פון **יצחק ווארשאווסקי**

(פארזעצונג)

4

פארען אויף א דראשקע האט באשע נישט געוואלט אין שבת. דאס געהן איז איר אנגעקומען שווער. זי האט זיך אנגעהאנגען אן זיין ארעם און געמאכט קליינע טריטעלעך. זי האט גע׳טענה׳ט צו אים:

— כ׳קאן מער נישט צוריקגעהן צו זיי. אוי, טאטע, וואס מיר איז צו האנט געקומען!

— אויב דו ווילסט, וועל איך נעמען פאר דיר א צימער אין א האטעל און דארפסט מער דארט דיין פנים נישט ווייזען — האט מאקס געזאגט.

— וואס׳ער האטעל? וואס רעדסטו? כ׳האב דארט אלע מיינע זאכען. זיי זענען מיר שולדיג פאר׳ן זמן. א חוץ דעם, וואס וועל איך טאן אין א האטעל? יעד בין געוואוינט צו ארבעטען.

— וועסט נאך ארבעטען. אלץ וועט נאך זיין גוט. געדענק, פון היינט־אן ביסטו אין מיינע הענט. וואס איכ׳ל דיר זאגען, אזוי וועסטו טאן.

— ווען פארסטו צוריק, ווי הייסט עס דארט, אין דעם אמעריקע?

— אפשר אין עטליכע וואכען, אפשר אין עטליכע חדשים.

— נו, ס׳איז אלץ געווען באשערט. האסט זיך מיר גע׳חלומ׳ט א גאנצע נאכט. כ׳בין געלעגען אויפ׳ן בעט און מיך געווארפען ווי א שלאנג. שבת הארף יעד נישט אויפשטעהן פריה, אבער זעקס אזייגער בין יעד אויפגעקומען. כ׳האב מורא געהאט אז ס׳עט דיר נישט געפעלען מיין הוט און אלץ־מיט־אנאנדער. האסט מיר אנגעטאן א כישוף אדער וואס?

— קיין שום כישוף.

— וואס וועט ווערען פון מיר? פון קליינטוויז אן האט די באבע מיט מיר גערעדט: היט דיך פאר מאנסלייט. א מאנסביל מעג זיין דיין בעסטער פריינד, אבער ער איז א שונא. דאס זענען אירע ווערטער.

— גלויב מיר אז האסט נישט קיין גרעסערען פריינד אויף דער גאנצער וועלט.

— ווער? די מאמע איז אין קבר. דער טאטע, זאל געזונט זיין, איז אן איינגעשלאסענער מענטש. א ווארט איז ביי עים א רענדל. אז כ׳קום צו פארען אויף יום־טוב, פרעגט ער: וואס מאכסטו? און איידער כ׳ענטפער, איז ער שוין צוריק ביי דער גמרא. כ׳שטאם נישט פון מיסט אראפ. מיין זיידע ר׳ מרדכי׳לע האט געלערנט פון א גמרא אזוי גרויס ווי א טיש.

— ער איז אויך געווען א מלמד?

— ער׳ט געלערנט מיט חתן־בחורים...

מאקס האט געזאלט זיין ביי רייזל קארק זיבען אזייגער, אבער דער זייגער אין ראטהויז האט שוין געוויזען צוואנציג מינוט צו אכט און ער האט נאך געהאט צו געהן כמעט דעם גאנצען וועג. באשע׳ס טריט זענען געווארען אלץ פאמעליכער. איר פנים איז געווען בלאס. זי האט זיך אנגעלשהנט אן זיין אקסל, געציטערט, יעדעס מאל זיך אפגעשטעלט. מאקס האט אבער־אמאל און ווידער־אמאל פארגעלייגט צו נעמען א דראשקע, אבער זי האט יעדע מאל פונסניי געענטפערט אז זי וויל נישט פארען אין שבת. זי האט א זאג געטאן:

— כ׳האב שוין גענוג עברה׳ס אהן דעם...

זיי זענען געווארען פארשוויגען און אפגעשוויגען דעם גאנצען וועג ביז דער גנאינע. מאקס׳עס קאפ איז געווען פול מיט מחשבות. קאן דאס זיין אז שקאלניקאוו האט אים געהאלפען? איז דאס געמאלט, אז די „טעלעגראמע״, וואס ער, מאקס, האט געשיקט ראשעל׳ן, האט אפגעטאן פון אים די קללה? ער האט געהאט געליטען צוויי יאר צייט, אויסגעגעבען א פארמעגען אויף דאקטוירים, מעדיצינען, בעדער, אבער אלץ איז געבליבען ווי פריער. מיטאמאל איז געקומען עפעס א רויטע מויד, א דינסט, און אים אויסגעלייזט. ער וואלט זיך איצט געדארפט פרעהען.

ס׳זענען געווען צייטען, ווען ער האט געטראכט, אז אויב ער וועט ווערען פריי פון דער דאזיגער צרה, וועט ער זיין דער גליקליכסטער מענטש. אבער אט קריכט ער איבער די ווארשעווער גאסען און אלץ איז אים איז שטיל, אומעטיג, פארטראכט. ער קוקט אויף די שבת׳דיג פארהעמערטע געוועלבען, זעהט די פארלעך וואס שפאצירען, די אידען אין די אטלעסענע קאפאטעס, סאמעטענע היטלען, שטריימלען, וואס געהען אוודאי אין די חסידים־שטיבלעך דאווענען מנחה, און עס געהען זיי נאך אינגלעך אין סאקלעך, זעקס־קאנטיגע היטעלעך, מיט געקרייזעלטע פאה׳ס. די זון שיינט נאך, אבער שוין רויטליך און פארנאכטיש. אויף שוועלען זיצען אידענעס אין קאפקעס, אין פארצייטיגע קליידער, מיט לאנגע אויערינגען אין די לעפלער, און דערצעהלען זיך מעשיות.

— וואס וועט זיין איצט? — האט מאקס זיך אליין געפרעגט. — וואס וועט זיין מיט ראשעל׳ן? וואס וועל איך טאן מיט צירעלע׳ן?

נו, און איז ער טאקע אויסגעהיילט אויף שטענדיג? קאן נישט אמאל דער טייוול ווידער אנהויבען די אלטע שטיק?

מאקס האט זיך ווי צוגעהערט צו זיך אליין. ער האט גערעדט וועגען ליבע צו צירעלע׳ן און צו באשע׳ן, אבער איז ער פארליבט אויף אן אמת? קאן מען זיין פארליבט אין צוויי פרויען מיטאמאל? צירעלע איז אים איצט פארגעקומען ווייט און ער האט רעכט נישט געדענקט ווי זי זעהט־אויס. באשע׳ס שטילשוויגעניש און אירע פאמעליכע טרי׳ט האבען אים געערגערט. זי האט שוין געהאנגען אן אים ווי א ווייב. זי איז שוין באצייטענס פול מיט פרעטענציעס. ער האט געכאפט אויף איר א זייטיגען בליק: זי איז פונקט אזוי צועלייגט און צעמישט ווי ער. זי האט געהאלטען די אויגען אראפגעלאזט. זי האט זיך געוואקעלט אויף די הויכע קנאפלען און ער האט זי כמעט געשלעפט.

מאקס האט וואויל באנומען, אז ער דארף זיך וועניג קימערען דערפון וואס ער׳ט פארשפעטיגען ביי רייזל קארק. וואס פאר א באטרעף האט די דאזיגע פארשפעטיגונג אין פארגלייך דערמיט וואס ס׳האט מיט אים געטראפען? וואס דארף ער איצט איבערהויפט רייזל קארק? ער איז געקומען קיין ווארשע געפינען א רפואה צו די נערוועז, נישט ווערען קיין הענדלער פון לעבעדיגער סחורה. אבער אזא נאטור האט ער שוין, אז ער קאן נישט פארטראגען ווען מ׳ווארט אויף אים. זי האט אוודאי צוגעגרייט נאכטמאל. זי זיצט דארט און קוקט אים אויס.

ביים עק גנאינע האט באשע א זאג געטאן:

— איצט מוז יעד שוין געהן אהיים אליין. מער פעהלט מיר נישט נאר מ׳זאל דיך זעהן מיט מיר.

— גוט, געה געזונטערהייט און מיר׳ן זיך טרעפען מיטוואך קעגען דער קאזארמע. קאנסט מיטברענגען מיטוואך דיינע זאכען און מער קיינמאל צו זיי נישט צוריקקומען.

— וואו וועסטו מיך נעמען מיטוואך? ניין, איכ׳ל שוין צודינען ביז מיר׳ן פארען קא׳ן אמעריקע.

— זאל זיין אזוי.

— וואו געהסט דו איצט?

מאקס האט שיער נישט געזאגט: צו רייזל קארק, אבער ער האט זיך געכאפט, אז דאס וואלט געווען שלעכט. אזא ווי באשע קאן שוין זיין אייפערזיכטיג.

— צוריק אין האטעל.

— עסט ניש׳ קא׳ שלוש סעודות?

— כ׳על שוין א ביס־טאן.

— די אלטע וועט מיר שוין אפשפילען יענע מוזיק. אז כ׳פארשפעטיג מיך אויף א מינוט, איז זי גרייט מיך איינצושלינגען.

— האסט זי טיף טייער אין דער ערד. פון איצט אן וועסטו זיין מער דאמע פון איר...

באשע האט צונויפגעצויגען די ברעמען. דאס מויל איר׳ס האט זיך פארקרימט:

— מיינסט זי׳ט דערקענען?

— קיינער וועט גארנישט דערקענען.

— נו, א גוטען שבת. כ׳האב ניש׳ געוואוסט אז ס׳עט זיך אזוי אויסלאזן... גאט איז מיין עדות...

מאקס האט איר געטאן א קוש אין דער באק. זי האט געווארפען אויף אים א בליק פול מיט פארוואורף און זיך אריינגעדרעהט אין דער קראכמאלנע. מאקס אליין האט זיך געלאזט שפאנען צו דער גזשיבאוסקע. ער האט אנגעלייגט וועג, אבער ער האט געשפאנט גיך און אויסמארקירט אזוי אז ער זאל אנקומען אין נומער 23 פאר באשע׳ן. ס׳איז אים איינגעפאלען ער זאל נעמען א דראשקע, אבער מ׳האט נישט געזעהן אין דער געגענט קיין דראשקע שבת צו מנחה.

מאקס איז כמעט געלאפען. ער איז גיך פארביי די גנאינע, ארויס אויף דער גזשיבאווסקע, זיך אריינגעדרעהט אין דער ציעפלע. אויב ער קאן נישט אנקומען אין נומער 23 פאר באשע׳ן, מוז ער אפווארטען און אנקומען נאך איר. א באגעגעניש מיט באשע׳ן אין טויער וואלט אלץ צעשטערט... ווען ער איז ארויס אויף דער קראכמאלנע, האט ער גענומען קוקען אין דער זייט פון וואנען באשע האט געזאלט אנקומען, אבער ער האט זי נישט געזעהן צווישען דעם געזעמל אויף די שמאלע טראטוארען.

ס׳האט שוין אנגעהויבען ווערען טונקל. דער זייגער האט שוין געוויזען נאהענט צו ניין. ער איז ארויף מיט די טרעפ וואס האבען געפירט צו רייזל קארק און אפגעכאפט דעם אטעם. ער האט זיך אפגעשטעלט און אפגעווישט דעם שווייס. ס׳איז אים איינגעפאלען, אז א גאנץ לעבען האלט ער אין איין גנב׳ענען. אינגעלטוויז האט ער גע׳גנב׳עט געלט ביי טאטע־מאמע און אמאל אויך ביי פרעמדע. שפעטער איז ער געווארען א גנב פון פאד. דערנאך האט ער אנגעהויבען גנב׳ענען ליבע, אדער ווי מ׳זאל דאס נישט רופען. ער האט אלעמאל געמוזט געהן אויף הינטערוועגלעך, געפינען אויסריידען, אויסטראכטן תירוצים, טשאקען נקבה׳ס. ער האט קיינמאל רעכט נישט געקאנט פארבייגעהן די גאס אהן א געפאהר ער זאל נישט טרעפען עמיצען, וועמען ער טאר נישט טרעפען, אדער מ׳זאל אים נישט דערזעהן מיט עמיצען וואס ער דארף מיט יענעם נישט פארברענגען. טרעלען אזא געביפט שטיק ווי ראשעל איז נישט פון די לייכטע זאכען. זי איז א מבין אויף אים דורך־און־דורך. זי האט געקענט אלע זיינע שמד־שטיקלעך. ער האט אויך נישט געהאט קיין באדערפעניש זיך אריינצולאזען מיט אנדערע ווי לאנג זי איז געווען יונג און שעהן, אבער ער האט פארט ניט געקאנט אויסקומען אהן פארדרעהעניש און ליגענס. ס׳זענען אים געבליבען רעשטלעך און צויטען פון אמאליגע ליבעס, וואס ס׳איז געווען שווער זיך פון זיי אויפצובינדען. ראשעל האט אים געהאלפען אין די מסחרים, אבער ער האט אלעמאל געשפירט געשעפטען וואס זי האט פון זיי נישט געוואוסט, געהאט געהיימע קאנטאס אין די בענק. איצט איז ער נאך נישט אין ווארשע קיין וואך און ער האט זיך שוין פארוויקעלט אזוי אז ער׳ט קיינמאל נישט ארויסקריכען. נו, דאס בין איך, דאס איז מאקס באראבאנדער, א רוח אין זיין טרפה׳נעם פופיק!...

ער האט אנגעקלאפט אין דער טיר און רייזל האט געעפענט. זי האט א זאג געטאן:

— כ׳האב געמיינט וועסט שוין ניש׳ קומען.

— אט בין איך.

— קום אריין. אלץ מוז שוין זיין קאלט.

זי האט אים אריינגעפירט אין מיטל־שטוב און ס׳איז דארט געשטאנען א טיש געדעקט פאר צוויי.

רייזל קארק האט, ווייזט־אויס, געקאכט אין שבת. מאקס האט דערשפירט ריחות פון קאטלעטען, שטשאוו־בארשט, נייע קארטאפל. ס׳האט דא נאך נישט געברענט דער גאז, אבער די אונטערגעהענדיגע זון האט געווארפען פורפורנע פלעקען אויף די ווענט.

רייזל האט א ווייל געקוקט אויף אים מיט די שווארצע אויגען. דערנאך האט זי געזאגט:

— האסט זי קאליע געמאכט, הא?

מאקס האט געשוויגען א ווייל.

— וואס פאלט דיר איין?

— זי׳ט דיר צעגראטשעט דעם שטערן. ביסט געקומען מיט צוויי שעה שפעטער.

ער האט נישט געענטפערט און זי האט נאכגעטראכט.

— מיט גוואלד טויג נישט.

— כ׳האב זי נישט מיינע־שונאים־געווען.

— זעץ דיך אוועק. כ׳האב נישט אנגעצונדען דעם גאז ווייל אקעגענאיבער וואוינט א גבאי׳טע. אז כ׳צינד־אן שבת, קומט זי מיך שטראפען. מ׳עט באלד מעגען אנצינדען ליכט.

— מיינסטאלבען קאן בלייבען פינסטער.

— ביסט הונגעריג, הא? וואו איז באשע?

— געגאנגען אהיים.

— האסט דיך נישט געדארפט אזוי איילען — האט רייזל געזאגט מיט א סארט היימישער פארהאלטעניש. — זי וואלט דיר קיינמאל נישט אוועקגעקומען.

ער האט נישט געענטפערט און זי איז אוועק אין קיך. ער האט זיך אוועקגעזעצט אויף דער סאפע און דערשפירט א מידקייט. ער איז געווען הונגעריג, אבער אויך שלעפעריג. ער האט זיך אויסגעצויגען, זיכער אז רייזל וועט גלייך צוריק אריינקומען. אבער מינוטען זענען אריבער און זי האט זיך נישט געוויזען. די פורפורנע פלעקען זענען אויסגערונען, אין שטוב איז געווארען פינסטער.

מאקס האט צוגעשלאסן די וויעס און איז, אפנים, גלייך איינגעשלאפען, ווייל ס׳האט זיך אים גע׳חלומ׳ט אז ער זיצט אין תפיסה. איז עס אין בוענאס איירעס? איז עס דער ארסענאל אין ווארשע? ס׳זענען דא געזעסען נאך אנדערע ארעסטאנטען. ער האט געפרואווט רעדען צו זיי און זיך דערוויסען פון זייער ענטפער — אין פויליש אדער שפאניש — וואו ער געפינט זיך, אבער זיי האבען אלע געשוויגען מיט אן אומהיימליך שטילשווייגעניש. מיטאמאל האט זיך באוויזען אן אלטע באבע און זי האט געהאלטען א שטריק מיט א פעטליע. זאל דאס זיין א תליון? — האט מאקס זיך געפרעגט. — ווי קאן א נקבה זיין א תליון? זיי האבען דאך מיקלאמפערשט ווייכע הערצער...

די אלטע האט געוואונקען צו אים און געפאכעט מיט דער שטריק. די ארעסטאנטען האבען געגלאצט אויף אים פארגליווערטע. נו, מיין סוף איז געקומען — האט מאקס געקלערט. ער האט אנגעהויבען זאגען שמע ישראל און זיך אויפגעכאפט. דער גאז האט געברענט. רייזל האט געהאט אריינגעבראכט צוויי טעלערס שטשאוו־בארשט. זי האט געזאגט:

— זי׳ט דיך אויסגעמאטערט, הא?

וואס איז דאס פאר׳א חלום? — האט מאקס זיך געפרעגט. ער האט רעכט נישט געהערט רייזל׳ס ווערטער, אדער נישט פארשטאנען זייער מיין.

רייזל האט אים אנגעוויזען דעם אויבען־אן ביים טיש, די שטוהל, וואו ס׳איז דאס לעצטע מאל געזעסען שמואל סמעטענע.

מאקס האט זיך אויפגעהויבען און דערשפירט א שטרויכלעניש אין די קני.

בין איך שוין אזוי אלט און אפגעפארען? — האט ער זיך גע׳חידוש׳ט.

ער האט זיך אוועקגעזעצט אויף שמואל סמעטענע׳ס ארט און גענומען זופען דעם בארשט. ער האט נישט געהאט געגעסען פון איינס אזייגער אן און ערשט איצט באנומען אז ער איז הונגעריג. ער האט צוגעגעסען נייע קארטאפל, באשמעלצט מיט פוטער און פארבראקט מיט דעם גרינס פון פעטרושקע. מיט יעדען ביסען האבען די כוחות זיך אים אומגעקערט.

רייזל האט געקייט און געקוקט אויף אים. די שווארצע אויגען אירע האבען זיך יעדעס מאל איינגעגעסען אין אים פונסניי. זי האט געזאגט:

— כ׳האב געוואלט זאלסט קומען צו מיר א פרישער, נישט אן אויסגעקלאפטע הרשענא...

— דער אמעריקאנער זאגט: ביזנעס בעפאר פלעזשור — האט מאקס געענטפערט.

— וואס איז דאס? כ׳קאן ניש׳ קא׳ן ענגליש.

— געשעפט איז בילכער פון אלע פארגעניגענס.

— הא? כ׳האב נישט געוואוסט אז ביסט אזא פארברענטער סוחר.

— דו ווילסט דאך פראצענטער...

רייזל האט געקוקט אויף אים פאר׳חידוש׳ט און ער האט געוואוסט אז ער איז איצט שטארקער פון איר, זיכער אין זיך, און אז זי פיהלט עס און איז א קאפעלע דערשראקען. ער האט ווידער געהאט די אויבערהאנט איבער דעם ווייבערשען מין.

דו׳סט אזוי זעהן א גראשען

(שלוס אויף בינטעל בריף זייט)

# שזים

פון

## י. וואַרשאַווסקי

(שלוס פון זייט 2)

פון דיינע פוילע עסקים ווי א חזיר זעהט דעם אייגענעם ווידל — האט ער געדעדט צו איר אין געדאנק. — אלץ וואס דו קאנסט איז אפפרייערן שמואל סמעטענע...

מאקס האט אויפגעגעסן דאס לעצטע קארטאפעלע, אויסגעטרונקען דעם לעצטן לעפל שטשאוובארשט און רייזל האט גענומען זיין טעלער.

— וואו איז דיין דינסט? — האט מאקס געפרעגט.

— כ'האב זי אוועקגעשיקט. זי האט א מאמע'ן אין פעלציעוויזנע. זי'ט ערשט זיין צוריק מאנטאג אינדערפרי.

— האסט דיך באווארענט, הא?

— מ'מוז אלץ אויסרעכענען.

רייזל איז שוין געהאט צוגעגאנגען צו דער טיר פון קארידאר, וואס האט געפירט צו דער קיך. מיטאמאל האט זי זיך אומגעקערט און זיך אנגערופען:

— מיט דעם מורה הוראה'ס טאכטער האסטו נישט געדארפט אנהויבען קא' העצע.

מאקס האט נישט באלד געענטפערט.

— דאס איז נישט דיין עסק.

— און ווי באלד דו האסט א ווייב אין בוינעס איירעס, דארפסטו נישט שפילען די ראָל פון א קאוואליער.

רייזל איז אוועק אין קיך. ער האט געהערט ווי זי קלאפט מיט די קנאפלען אויף די ברעטער פון דיל. אין איין רגע איז אים געווארען קלאר, אז רייזל איז אויפ'ן פערד, נישט ער. זי קאן אים אפילו סליחה'נען צו די גלינעס, אדער אנשטעלען אויף אים די שטארקע פון פלאץ. צוריקגעשמועסט, ווען שמואל סמעטענע זאל זיך דערוויסען, אז זי האט אים פארביטען, קאן ער זי אוועקלייגען א טויטע.

נו, ס'איז א שפיל ווי אלע שפילען, — האט מאקס זיך געטרייסט.

ער האט נישט געהאט קיין מורא, אבער ער האט זיך פונדעסטוועגען אפגעגעבען חשבון, אז ער ריזיקירט מיט'ן לעבען. וואס, אשטייגער, ווען שמואל סמעטענע דערוויסט זיך, אז ער האט דא גענעכטיגט? ער קאן האבען זייערע שפיאנען...

מאקס האט זיך דערמאנט אן דעם חלום מיט די ארעסטאנטען, דער באבע, דער שטריק. ער האט א טראכט געטאן: כ'מוז מיטנעמען דעם שפייער, וואו כ'זאל נישט געהן...

(ווייטערעס — קומענדע וואך)

# שוים

## נאָוועלע

פון **יצחק װאַרשאַװסקי**

(פאָרזעצונג)

5

אין עטליכע שעה צייט איז אַלץ געהאַט פאַריבער: דאָס געשמאַקע נאַכטמאָל, דאָס קושען זיך אין צערטלען פאַר'ן גייען אין בעט אַריין; די רייד וועגן צירעלען און באַשע'ן וואָס מאַקס באַראַבאַנדער וועט מיקלאַמפּערשט צושטעלען רייזל קאַרק'ס שוועסטער, דער סעניאָרא שערעשעווסקי, און די פּלוידערייען וועגן שמואל סמעטענע און רייזל'ס אַמאָליגע ליבעס. אוודאי איז געווען פאַר מאַקס'ן אַ סאַטיספאַקציע זיך אומצוקערען צו די אַמאָליגע כוחות נאָך צוויי יאָר מאַנסבילשער אומבאַהאָלפענקייט. אָבער ס'האָט זיך אַלץ אויסגעלאָזט דערמיט וואָס מאַקס האָט זיך אומגעקערט מיט'ן פּנים צו דער וואַנט. רייזל קאַרק האָט נאָך גערעדט עטליכע ווערטער, דערנאָך האָט זי געטאָן אַ שנאָרך. אַ מענטש קאָן אָפּהונגערן יאָרען, האָט מאַקס זיך געזאָגט, אָבער ווי באַלד ער עסט אָפּ איין זעטיג מאָלצייט, איז ער זאַט. מאַקס איז איינגעשלאָפען, אָבער נאָך אַ שעה אָדער אַנדערטהאַלבען האָט ער זיך איבערגעוועקט. אַ ווייל האָט ער נישט געדענקט וואו ער איז און מיט וועמען. ער האָט אָנגערירט אַ פרוי. וואו בין איך? — האָט ער זיך געפרעגט.— איז דאָס ראַשעל? ניין, ס'איז נישט ראַשעל. כ'בין דאָך גאָר אונטערוועגענס. בין איך אין לאָנדאָן? בערלין? אין איין רגע האָט ער זיך אַלץ דערמאָנט. ער איז אין וואַרשע, ביי שמואל סמעטענע אין דער וואוינונג. דאַנקען גאָט, די קראַנקהייט זיינע איז געהאַט פאַריבער. נו, בין איך גליקליך? — האָט ער זיך געפרעגט צום צווייטען מאָל אין די לעצטע צוועלף שעה. ער האָט ווידער ווי אַריינגעקוקט אין זיך, אין די אייגענע טיפענישען, און ווידער איז נישט געקומען פון דאָרט קיין קלאָרער ענטפער. אוודאי איז שלעכט צו זיין קראַנק, אָבער מ'קאָן נישט כסדר זיך פרעהען אַז מ'איז געזונט. דער מצב זיינער איז גאָרנישט אַזאַ פויגלדיגער. אַ סך טעג זענען אַריבער און ער האָט נישט געשריבען ראַשעל'ן קיין בריוו. ער האָט זיך געהאַט פאַרבונדען מיט צירעלע'ן און באַשע'ן. פאַרקויפען? דער סעניאָרא שערעשעווסקי? נישט ער האָט באַדאַרפט אַזאַ געלט, נישט מ'קאָן היינטיגע צייטען פאַרקויפען אַ פרוי, אויב זי פאַרקויפט זיך נישט אַליין. נו, און וויפל קאָן דאָס אַזאַ סעניאָרא שערעשעווסקי צאָהלען? און צו וואָס צוריק אַריינקריכען אין אַ זומפּ וואָס ער איז קוים פון אים אַרויסגעקראָכען?

משוגע, משוגע, האָט מאַקס געמורמעלט. די רייזל קאַרק איז אוודאי אַ קנויל פייער, אָבער מיטפיהרען מיט זיך אַזאַ פאַרשווינטע האָט ער, מאַקס, נישט בדעה. וואָס לענגער מאַקס האָט געטראַכט, אַלץ קלאָרער איז אים געוואָרען אַז ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין די אַלע אַוואַנטורעס בלויז צוליב זיין קראַנקהייט. ער קאָן נישט גט'ען ראַשעל'ן. ער קאָן נישט איבערלאָזען זיינע געשעפטען און ווערען אַ וואַנדערער איבער דער וועלט. דאָס געלט וואָס ער האָט מיט זיך מיטגענומען האָט ער שוין האַלב צעטרענצלט. ס'איז דאָ פאַר אים, מאַקס'ן, איין וועג: זיך אומצוקערען קיין אַרגענטינע. איצט אַז דער כישוף איז פון אים אָפּגעטאָן, וועט ער געפינען אין בוענאָס איירעס גענוג ווייבער. ער דאַרף נישט אָנהענגען אויף זיך קיין אומזיסטע לאַסטען. אוודאי האָט ער צירעלע'ן געטאָן אַן עוולה און באַשע'ן אויך, אָבער ס'וועט זיין בעסער פאַר ביידען אויב ער וועט זיך אָפּטראָגען אין צייט איידער זיי וועיטער אַריינצושלעפען אין אַ געמויזעכץ. איכ'ל גלייך מאָרגען איבערלאָזען וואַרשע, האָט מאַקס באַשלאָסען.

מאַקס האָט געהאַט בלויז איין זאָרג: רייזל קאַרק וועט מסתמא אַלץ צו וויסען טאָן איר שוועסטער און יענע וועט אים באַרעדען פאַר אירע קומעס. אָבער וואָס האָט ער מורא פאַר איר? וואָס קאָן זי אים טאָן? אַזוינע ווי זי דאַנקען גאָט אַז מ'טשעפּעט זיי נישט...

די נערוועז־קראַנקהייט האָט געהאַט אַריינגעטריבען מאַקס'ן אין אַ שטענדיגער שיכרות. איצט איז געקומען די ניכטערקייט. ער איז געלעגען מיט'ן פּנים צו דער וואַנט און געזעהן דורך אַ שפּעלטל אויג אַז ס'הויבט־אָן צו גרויען אויף טאָג. אַ פייגעלע האָט שוין באַצייטענס געטאָן אַ צוויטשער און איז געוואָרען פאַרשטומט. מאַקס האָט פונסניי גענומען איינדרימלען. איידער ער איז איינגעשלאָפען האָט ער זיך געפרעגט: פאָהרען קיין ראַשקעוו? און ער האָט זיך אַליין געענטפערט: ניין. ער האָט געהאַט דערמאָנט ראַשקעוו פאַר צירעלע'ן, דעם טייערען איד און אויך פאַר רייזל'ען: מ'קאָן אים נאָך דאָרט זוכען. דאָס בעסטע וועט זיין גלייך איינצוזעצען אין דעם עקספּרעס־צוג וואָס פאָהרט קיין בערלין און דערנאָך קיין פאַריז. ער האָט אַ פּאַס. ער האָט וויזעס. קיין שטאָפּעטען וועט מען נאָך אים נישט שיקען...

מאַקס איז געשלאָפען אַ שעה אָדער אפשר גאָר צוויי צי דריי. ער האָט זיך איבערגעוועקט און די זון האָט אַריינגעשיינט אין די פענסטער מיט די האַלב אַראָפּגעלאָזטע ראָלעטען. ער האָט דערזעהן רייזל'ען ביים עק בעט. זי איז געלעגען רוהיג, שטיל און כמעט נישט געאָטעמט. מאַקס האָט באַטראַכט איר פּנים. שוין נישט יונג, אָבער ווייט נישט אַזוי אָפּגעוועלקט ווי ראַשעל. יענע האָט זיך אָנגעשמירט מיט אַלערליי קרעמען איידער זי האָט זיך געלייגט. רייזל'ס פּנים איז אָהן שמירעכץ. מאַקס האָט זיך דערמאָנט אַז ס'איז איצט ווינטער אין אַרגענטינע. ס'רעגענט און ס'איז קאַלט. די אויוועגס דאָרט זענען צום קאָכען, נישט צום וואַרימען. די גרעסטע גבירים כאַפּען אַ ציטער. ס'פּאַסט נישט דעם שפּאַניער צוצוגעבען אַז דער ווינטער אין אַרגענטינע איז אַ קאַלטער. די נסיעה פון וואַרשע קיין לאָנדאָן און דערנאָך דאָס שלעפען זיך אַ קנאַפּען חודש צייט אויף אַ שיף קיין בוענאָס איירעס, האָט איצט מאַקס'ן אויסגעוויזען אומהערטרעגליך לאַנגווייליג. פאַרוואָס נישט מיטנעמען די באַשע'ן? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. — צי וואָס זיך ווידער אומקערען צו דער פריערדיגער פּוסטקייט? ביז ער'ט צוריקקומען קיין אַרגענטינע און ביז ער וועט דאָרט געפינען די פּאַסיגע געליבטע קאָן דויערען חדשים. נו, און ווי האָט ער די גאַראַנטיעס אַז יענע דאָרט, ווער זי זאָל נישט זיין, וועט אים צוציען? די נערוועז רייצען זיך מיט אים. אַט זענען זיי צו אים גוט און באַלד ווערען זיי ווידער שלעכט. זיי זענען ווי אַ שונא וואָס זיצט אין מענטש און טוט אים אָפּ שטיקלעך. מ'מיינט אַז מ'איז זיי שוין בייגעקומען, אָבער זיי שטעקען אַרויס אַ צונג...

מאַקס האָט פונסניי אָנגענומען אַ באַשלוס: ער וועט אַוועק מיט באַשע'ן. אמת, דאָס איז ניט גרינג. אויב באַשע זאָל אפילו איינוויליגען איבערצולאָזען די באַלעבאַטים, וועט רייזל קאַרק זיך באַלד דערוויסען און קאָן אים לייגען שטיינער אין וועג. אַזאַ פאַרשווינטע קאָן אים סליחה'גען צו דער פּאָליציי, אָנשטעלען אויף אים שטאַרקע, פּרעטענסיעגעמערס אָדער ווער ווייסט וועמען. נו, און ווי אַזוי קאָן ער זיך איצט פאַרבינדען מיט באַשע'ן? באַשע האָט אים געגעבען איר טעלעפאָן־נומער, אָבער זי האָט אים געוואָרענט אַז אויב דער אַלטער אָדער די אַלטע וועלען צוגעהן צום טעלעפאָן, וועט מען זי נישט צורופען. זיי קאָנען נאָך אַמאָל פאַרהאַלטען איר "וויכאָדנע", דעם טאָג וואָס זי איז פריי. נאָך אַ ווייל האָט מאַקס באַשלאָסען צוצוװאַרטען ביז מיטוואָך, ווען באַשע קומט זיך טרעפען מיט אים. ווי ווייט איז פון מאָנטאָג ביז מיטוואָך? ווען באַשע וועט אים באַגעגענען, וועט ער רעדען צו איר קלאָרע דיבורים: אָדער פאַר־מיט, אָדער בלייב שוויצען אין וואַרשע. ביז מיטוואָך וועט די מויד האָבען זיך אויסגעבענקט נאָך אים. ער'ט זי נעמען צו דער גרעניץ ביי מלאַווע (ער אַליין, מאַקס, האָט געהאַט זיך אַריבערגעשוואַרצט די דאָזיגע גרעניץ מיט אַ מוליכ'ער איבער צוואַנציג יאָר צוריק) און זיך מיט איר אַריבערשמוגלען קיין דייטשלאַנד. פון דאָרט וועט שוין אַלץ צוגעהן גלאַטיג. אין בוענאָס איירעס וועט ער דינגען באַשע'ן אַ וואוינונג און זי וועט ווערן זיין מעטרעסע אויף'ן שפּאַנישען שטייגער. ער וועט האָבען צוויי היימען, איינע מיט ראַשעל'ן און די אַנדערע ביי באַשע'ן. די מויד איז נישט געוואוינט צו קיין לוקסוס. זי וועט אים נישט קאָסטען קיין סך. אַזאַ ווי זי איז אויך געטריי. אפשר אַמאָל האָבען מיט איר אַ קינד? — איז מאַקס'ן איינגעפאַלען. ראַשעל האָט שוין נישט קיין ברירה, אָבער ער, מאַקס, קאָן נאָך אויפציען אַ קדיש... ווען זאָל ער איבערלאָזען דאָס פאַרמעגען? ראַשעל'ס צווייטען מאַן?..

ווען מאַקס איז געקומען צו דעם דאָזיגען באַשלוס האָט ער זיך געוואונדערט ווי אַזוי ער האָט געקאָנט פריער, נאָכ'ן ערשטען מאָל זיך איבערוועקען, ביי זיך אָפּפּאַסען צו אַנטלויפען איינער אַליין. דאָס וואָלט געווען אַ משוגעת. צו וואָס איבערלאָזען אַ יונגע נקבה, און נעמען ווידער וואָגלען אַליין איבער די ווייטע ים'ען? צו וואָס פונסניי אַריינקריכען אין די ווינטערדיגע קעלטען און אין די אַלטע שלעק? מאַקס האָט זיך געמוזט פאַרענטפערען פאַר זיך אַליין. ער איז מסתמא געווען האַלב־פאַרשלאָפען און אפשר אויך אויסגעשעפּט. ס'איז אוודאי נישט גוט אַז מ'איז שיכור, אָבער ס'טויג אויך נישט צו זיין צופיל ניכטער...

נו, אָבער וואָס זאָל ער, מאַקס, טאָן ביז מיטוואָך? ער האָט צוגעזאָגט צירעלע'ן צו קומען צו איר מאָנטאָג נאָך מיטאָג. דער טייערער איד און די רביצין האָבען אים שוין געהאַלטען פאַר אַ חתן. נו, כ'וועל מוזען שפּילען די ראָל נאָך איין מאָל, האָט מאַקס צו זיך געזאָגט. איין זאַך איז שוין איבעריג: דאָס געהן היינט אין אָוונט צו דעם כישוף־מאַכער שקאָלניקאָוו.

אַ לאַנגע ווייל איז מאַקס געלעגען נישט וואַך און נישט שלאָפענדיג. ער האָט אפילו גאָרנישט געטראַכט. דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם טייערען איד. ער קאָן אַמאָל פאַרשילטען אים, מאַקס'ן, אויב ער וועט פאַרשעמען זיין טאָכטער. אַזוינע אידען האָבען אַ דעה אין הימל. ווען אַזאַ איד כאַפּט זיך אַרויס מיט אַ קללה, קאָן מען אַמאָל בלייבען אַ פאַרשאָלטענער אויף דער־וועלט און אויף יענער־וועלט. אחוץ דעם איז גלאַט שרעקליך ווי־צו־טאָן אַזאַ צדיק. אפשר אַמאָל אים איבערלאָזען געלט, אַ הונדערטער, אָדער אַ פּאָר הונדערט רובל? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. — אינגאַנצען אים אָנפּייפען הייסט אָנהויבען מיט גאָט... נו, און צירעלע? זי איז אַ זיידענע קינד. נישט קיין געזונטע אויך. האָט זיך שוין געפּרואווט אַראָפּוואַרפען פון באַלקאָן... האָט שוין געהאַט האַרץ־דריקעניש פון אַ שידוך... זי קאָן אַמאָל אַריינפאַלען אין אַ קראַנקהייט. ער, מאַקס, קאָן איר גורם־זיין דעם טויט...

נו, אָבער ער קאָן דאָך זיך ניט אַרומשלעפען סאַי מיט באַשע'ן, סאַי מיט צירעלע'ן. צירעלע וועט אויך ניט פאָהרען מיט אים אָהן אַ חופּה. אפילו רייזל קאַרק האָט אַריינגעוואָרפען, אַז מיט דעם טייערען איד'ס טאָכטער האָט ער נישט געטאָרט אָנהויבען קיין העצע. געלט? אַזאַ ווי צירעלע קאָן מען מיט קיין געלט נישט אָפּחורש'ען.

מאַקס איז געווען מיד, אָבער וויפיל מאָל ער האָט צוגעשלאָסען די אויגען, האָבען זיי זיך ווידער געעפענט. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי צירעלע און די עלטערען דערוויסען זיך פון זיין אַנטלויפען. צירעלע וויינט, חלש'ט, פּרואווט זיך אַרויסוואַרפען פון פענסטער. טאַטע־מאַמע האַלטען זי צו. רייזל קאַרק טוט צו וויסען דעם טייערען איד אַז ער, מאַקס, האָט אַ ווייב אין אַרגענטינע. דער מורה־הוראה שילט אים מיט טויטע קללות. ווי פלעגט מען דאָס רופען אין ראַשקעוו? די תוכחה. רייזל קאַרק שרייבט אַוועק אַ בריוו צו איר שוועסטער אַז מאַקס האָט זיך דאָ פאַרגעשטעלט פאַר אַ בחור, געפּרואווט ווערען אַ חתן מיט אַ רב'ס אַ טאָכטער. ראַשעל דערוויסט זיך וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. מ'רעדט דערוועגען אין די קאַפעען. מ'וואַרפט אים אַרויס פון דער חברה קדישא. מ'לאָזט אים מעהר נישט אַריין אין אַ שוהל ראש השנה און יום־כיפּור. ס'שאַדט אים צום האַנדעל אויך. קיינער וויל איצט נישט קויפען קיין הייזער און קיין פּלעצער ביי אַ טמא. ער בלייבט שטעקען נישט דאָ און נישט דאָרט.

כ'האָב מיך אַריינגעבאָדען אין אַ בלאָטע — האָט מאַקס געקלערט. — וואָס כ'זאָל שוין נישט טאָן, וועט ווערען אַ סומאַטאָכע...

ער האָט צוגעמאַכט די וויעס און איז איינגעשלאָפען. רייזל האָט אים געוועקט. זי איז שוין געהאַט אַריין אין אַן אונטערקלייד און די שטעק־שיך. זי האָט אים געשאָקעלט ביים אַקסל און גערופען:

— פּעטער, ס'איז ניין אַזייגער.

(שלוס אויף זייט 3)

## פינף פראַגען

סען אידישען אַפּיל, אין די עטליכע וואָכען פון ישראל'ס קריזיס — פון מאי 23, ווען נאַסער האָט פאַרמאַכט דעם אַקאַבאַ־גאָלף ביז יוני 10, דעם סוף פון דער מלחמה. נאָך קיינמאָל פריער אין דער געשיכטע איז אַזאַ גרויסער הילפס־פאָנד ניט געזאַמעלט געוואָרן אין אַזאַ קורצער צייט; עס איז געווען אַן אויסערגעוויינליכער אויסדרוק פונ'ם צובונד פון אַמעריקאַנער אידענטום צו ישראל.

2. דאָס איז דער נייער באַטויבענדער דראַג, וואָס יונגע מענטשען אין אַמעריקע האָבען גענומען באַנוצען און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר נאָך אַ גרעסערע געפאַר ווי "על־עס־די". דער "געשלעכט־זאַפט" (סעקס־דזשוס) דראַג, אויך באַקאַנט אַלס "68", זאָל שטאַרקען דעם סעקס־לוסט ווי אויך אַריינפירען אין "נייע, פאַנטאַסטישע וועלטען", אָבער אין פילע פאַלען איז דאָס בלויז אַן איינגערעדטע זאַך, און דער דראַג קען ברענגען שווערען שאָדען און פירען צו אַטאַקעס ווי ביי דער פאַליגער קראַנקהייט.

3. וויסנשאַפטסלייט פון לופט־פלאָט האַלטן אין שאַפען אַ גאָר־קליינע "אַנטענאַ", וואָס מ'וועט קענען אַריינגעבען אין אַ טעלעוויזשאַן סעט און וואָס וועט קלאָר אויפכאַפּן די טעלעוויזשאַן טשענעלס. די גאָר קליינע טראַנסיסטאָר־אַנטענאַ וועט קאָסטען פון 2 ביז 3 דאָלער. די פאָרשונגען וועגען דער אַנטענאַ האָט דער לופט־פלאָט געפירט אין פאַרבינדונג מיט מיליטערישער קאָמוניקאַציע.

4. יאָ. נעגערס שטעלען מיט זיך פאָר אַרום 11 פּראָצענט פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג, אָבער 23 פּראָצענט פון די אַמעריקאַנער פראָנט־ליניע סאָלדאַטען אין וויעטנאַם.

5. דזשעיקאָב מעריל קאַפּלאַן, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין אַן אָרימער אידישער פאַמיליע אויף אַ פאַרם אין מאַסאַטשוסעטס, האָט זיך שיין אַרויפגעאַרבעט, און בעשאַפען דעם 20־מיליאָן דאָלערדיגען דזש. מ. קאַפּלאַן פאָנד. דער קאַפּלאַן פאָנד האָט געהאָלפען דורכפירן אַ רייע קולטור און קונסט־פּראָיעקטען אין דער שטאַט ניו יאָרק, און אַרבעט איצט אויף אַ פּראָיעקט פאַר אַ וואוינונג־צענטער פאַר 500 קינסטלער, מוזיקער און שרייבער אויף דער ניו יאָרקער וועסט סאַיד.

# שוים

פון

## י. וואַרשאַווסקי

(שלוס פון זייט 2)

מאַקס האָט געקוקט אויף איר מיט גרינגשעצונג. זי האָט אים געהאַט געשוואוירען אַז זי איז גע־ווען געטריי שמואל סמעטענע. אָבער אַט קומט ער, מאַקס, צו פאָהרען, שמואל סמעטענע פאָהרט אוועק קיין לאָדזש און פון דער גאַנ־צער געטריישאַפט לאָזט זיך אויס אַ בוידעם. ער, מאַקס, ליגט אין שמואל סמעטענע'ס בעט. רייזל וועקט אים און קיצעלט אים אונ־טער'ן אָרעם. די שוואַרצע אויגען שמייכלען קלוג, אָפּנאַרעריש, אָהן אַ שפור פון בושה אָדער חרטה. ווער ווייסט? ראַשעל טוט אפשר דאָס אייגענע. ס'איז אָלעמאָל דאָ אַ בעלן אויף יענעמ'ס ווייב. מעג זי זיין אַן אַלטע שקאַפּע... מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— געה אַרויס, וועל איך מיך אָנטאָן.

— שעהמסט זיך, האַ? איכ'ל צוגרייטען אָנבייסען.

מאַקס איז אַרויס פון בעט. ער האָט געטראָגען שמואל סמעטע־נע'ס נאַכט־העמד. ס'איז געווען צו־בריים אויף אים. דאָס וואַסער־קלאָזעט האָט זיך געפונען אין קאָ־רידאָר. געוואַשען האָט מען זיך דאָ אין קיך. מאַקס איז געשטאַנען אין קאָרידאָר, אָנגעטאָפּט דעם אָנ־וואוקס אויף די באַקען. די לעצטע יאָהרען איז אים די באָרד געוואַק־סען מיט אַן אויסטערלישער גיכקייט. ער האָט זיך אָפּגעגאָלט אינדער־פריה און אָוונט איז דער קיהן שוין פול מיט שטעכלקעס. צומאַר־גענס איז דאָס פּנים זיינ'ס ווי אַ ריבאייזען. רייזל האָט אים דער־זעהן פון דער קיך און אָנגעהויבען לאַכען.

— וואָס לאַכסטו, האַ?

— צוויי אַזוינע ווי דו קאָנען אַריין אין דעם נאַכט־העמד. ער האָט זיך פאַרלאָזט יענעם פעמפּיק! קום אַריין, וואַש דיך אָפּ. יאָכ'ל אסור ניש' קיקען...

— כ'על מיר בלויז וואַשען די הענט און ס'פּנים.

— קאָ' וואַנעס זענען דאָ נישטאָ. דאָ איז נישט דער האָטעל בריס־טאָל.

מאַקס האָט זיך געוואַשען און געשפירט דעם גערוך פון קאַווע און פריש־געוואַלענער מילך. אמאָ־ליגע יאָהרען ווען ער, מאַקס, איז געגאַנגען צו אַ ווייבספאַרשוין האָט ער מיטגענומען אַ ציין־בערשטל, אַ נאַכט־העמד, אַ שלאָפ־ראָק. אָבער ער האָט אין די לעצטע פאָר יאָר געהאַט פאַרלוירען די מאָנסבילישע זיכערקייט. ער האָט איצט געוואַשען דאָס פּנים און גע־שוואָנקען דאָס מויל מיט וואַסער פון קראַן. ער האָט אָנגעטאָפּט די ראַציקייט פון זיין באָרד און דער־שפירט דעם אייגענעם קאַצעניאַ־מער וואָס ער פלעגט האָבען אין די יונגע יאָהרען ווען ער איז אַוועק מיט אַ טליק. ער האָט פון די בחור'ישע צייטען אַן געטראָגען אַ כעס אויף די פּאַרשוינטעס וואָס האָנדלען מיט'ן לייב. זיי האָבען דערוועקט אין אים אַ מיגל. וואָס מעהר זיי האָבען זיך פּערפומירט, אַלץ מעהר האָבען זיי געשטונקען. ווען ער האָט זיי באַצאָהלט, האָט ער געהאַט אַ באַדערפעניש זיי אָנ־צושפייען אין פּנים. ער האָט פונ־דעסטוועגען חתונה געהאַט מיט איינער פון דעם סאָרט און אַזוי זענען אוועק די יאָהרען אין פאַר־דרוס אויף זיך, עקל צו ראַשעל'ס אָמאָליגער אומריינקייט און דער־ביי — מיט אַ תאווה צו איר, אַ נייגיר צו די געשיכטעס וואָס ער האָט אַרויסגעצויגען פון איר מיט גוטען, מיט בייזען, ביז צו דער צייט ווען אַרטוראָ איז געשטאָר־בען און ראַשעל האָט זיך פאַרשלאָ־סען אויף זיבען שלעסער. אַ בייז־קייט האָט זיך באַזעצט אין איר און אַן אומגעדולד. איר לייב איז געוואָרען איינגעשרומפּען און קאַלט. יעדעס מאָל וואָס ער האָט זיך גע־פּרוווט דערנעהענטערען צו איר, האָט זי געדרופען:

— לאָז מיך געמאַך. כ'בין אַלט און צעבראַכען... געה צו וועמען דו ווילסט...

יאָ, ס'איז אַלץ געווען איר שולד, אָבער גאָט'ען איז וואָלט זי פונ־דעסטוועגען נישט געוואָלט. זי איז געוואָרען געלט־גייציג, שלוי. זי האָט זיך אַרומגעקריגט מיט די שכנים וואָס האָבען געוואוינט אין זיינע הייזער, נישט געוואָלט פאַר־ריכטען ווען ס'האָט אַריינגערע־גענט אין דאַך, אָדער ווען דאָס אַפּטריט איז פאַרשטאָפּט. ס'איז אַ נס וואָס ער האָט געהאַט שכל אָפּצושפּאָרען אַ סומע געלט אָהן איר וויסען.

מאַקס האָט זיך אומגעקערט אין שלאָף־שטוב, זיך אָנגעטאָן. ער האָט געגעניצט און אַריינגעשפּיגען אין נאָזטיכל. וואָס זאָל ער טאָן ווען ער וועט אַרויס פון דאַנען נאָכ'ן אָנבייסען? געהן צו צירע־לע'ן אָדער אוועק אין האָטעל? וואָס זאָל ער טאָן אין האָטעל? ער האָט מעהר נישט געקאָנט בלייבען אַליין. ער האָט כסדר געמוזט זוכען עמיצען, זיך אַן עמיצע אָנ־הענגען...

מאַקס האָט זיך קוים באַוויזען אָנצוטאָן ווי רייזל איז אַריינגעקו־מען. זי האָט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז דיר? עפּעס טוט דיר וועה אָדער וואָס?

— ס'טוט מיר גאָרנישט וועה.

— עפּעס ביזטו אויפגעשטאַנען אַ פאַרענדערטער. איז עס מיין שולד, האַ?

— ניין, רייזל, ס'איז נישט דיין שולד.

— אויב דו בענקסט נאָך באַ־שע'ן, קאָן איך זי אַריינרופען.

— כ'בענק נישט נאָך קיינעם.

— קום עסען. איין גאָט ווייסט אַז כ'האָב עס נישט געוואָלט טאָן. ווען דו קומסט נישט צו פאָהרען, וואָלט איך שוין אוודאי דורכגע־שטופּט מיט עים די יאָהרען.

— וואָס ווילסטו טאָן איצט, פון אים אָוועקגעהן?

רייזעל האָט אַ קוק געטאָן אויף מאַקס'ן זייטיג, פאַרשטענדיג.

— מאַקס, כ'בין נישט פּעפער־זיכטיג, אָבער מאָד אַז עק מיט דער צירעלע'ן. מ'ווייסט שוין דערפון אומעטום.

— ווער ווייסט? ווער רעדט?

— אַלע. ביזט אפילו געגאַנגען מיט דעם רבי'לע דאַווענען. דאָס, מאַקס, דאַרפסטו נישט טאָן... וועסט דערהרג'ענען די גאַנצע משפחה... דערצו דאַרף מען שוין האָבען אַ האַרץ פון אַ גזלן.

(פאָרטזעצונג — מאָרגען)

# שווים

# נאָוועלע

פון
**יצחק וואַרשאַווסקי**

(פאָרזעצונג)

6

אין די יאָרען, וואָס מאַקס איז געגאַנגען פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען, האָט ער געגלויבט, אַז ווען ער וועט אַרויס פון דער דאָזיגער מיאוס'ער שלאַפקייט, וועט ער מער נישט דאַרפען זוכען כסדר קיין מענטשען. ער וועט וואוינען ווינטער אין בוענאָס איירעס און זומער — אין אַ הויז אין מאַר דעל פּלאַטאַ. ער וועט אויפהערען זיצען אין די קאַפּעען ביז דריי אַזייגער ביינאַכט. ער, מאַקס, איז דערווייל נאָך נישט קראַנק אויף קיין שום אָרגאַנישער קראַנקהייט (ווי די דאָקטוירים האָבען דאָס גערופען), אָבער אַרום אים האָט מען געהאַלטען אין איין קרענקען. מענטשען, וואָס האָבען ערשט נעכטען אויסגעזעהן געזונט און פריש, האָבען מיט אַמאָל געקראָגען קראַנקע ניירען אָדער לעבערס. מען איז געשטאָרבען פון דער צוקער־קראַנקהייט, פון שמאַלץ אונטער'ן האַרץ, פון גאַל־שטיינער, פון ראַק. אַ טאָג איז נישט אַריבער אַז ער, מאַקס, אָדער ראַשעל זאָלען נישט דאַרפען געהן צו אַ לוויה. די דאָקטוירים האָבען געשריבען אין די צייטונגען, אין די שפּאַנישע און אויך אין אידישע זשורנאַלען, אַז מ'עסט אין אַרגענטינע צופיל פלייש און צופיל זיסקייטען. אַ חוץ דעם ווייסט מען נישט אין דער גרויסער שטאָט פון קיין נאַכט. פּיעסען אין טעאַטער ענדיגען זיך צוועלף אַזייגער און אַמאָל איינס אויך. פון טעאַטער געהט מען ערשט אַוועק אין קאַפּעע און מ'נעמט זיך פונסניי צו דער אכילה. מ'עסט ווידער ביפשטיק און נאָכאַמאָל ביפשטיק. מען פוישט אָן דעם בויך מיט וויין און ביר.

טיילמאָל ביינאַכט, ווען מאַקס האָט נישט געקאָנט שלאָפען און געטראַכט פון די אַמאָליגע יאָרען אין בוענאָס איירעס, איז ער געוואָרען אַ פאַרציטערטער. זיי זענען כמעט אַלע געהאַט אויסגעשטאָרבען, די אַמאָליגע באַקאַנטע זיינע, פריינד, געליבטע, אַ סך פון זיי — אין זיינע, מאַקס'עס, יאָהרען. וואָס טויג דאָס געלט, ווען דער מלאך־המות רייסט שטיקער? וואָס קומט אַרויס פון אַלע פאַרגעניגענס, ווען צוויישען־יאָ־און־ניין טוט מען דיך אַ פיר אַוועק אויפ'ן בית־עולם און אַלץ איז אויס? ס'איז נישט קיין וואונדער וואָס די חברה קדישא איז אין בוענאָס איירעס „די סאַמע לעבעדיגסטע חברה“, ווי לצים האָבען גערעדט. ס'איז געווען אַ צייט ווען מאַקס איז געהאַט אַריינגעפאַלען אַזוי אַ מרה־שחורה צוליב די אַלע גריבלענישען. די לעצטע צוויי יאָר האָבען אים געפיינגט אַנדערע געדאַנקען. אָבער די מורא פאַר'ן טויט האָט שטענדיג געלויערט. ער איז אויפגעשטאַנען אינדערפריה מיט אַ פאַרלייגטער צונג, געקראַגען ווייטאַגען אין בויך, טיילמאָל קראַמפּען אין מאַגען. די אורין האָט אים אויסגעוויזען נישט אַזוי לויטער ווי אין די פריערדיגע צייטען. ווען ער איז אַרויף עטליכע שטאַק טרעפּ, האָט אים פאַרפעהלט אָטעם.

יענעם מאָנטאָג אינדערפריה, ווען מאַקס האָט זיך געזעגענט מיט רייזל קאַרק, האָט ער געהאַט אָנגענומען אַ נייעם באַשלוס אַכטונג צו טאָן אויפ'ן געזונט. וואָס אַ שטייגער וואָלט פּאַסירט ווען ער פאַלט־אַוועק אין דער פרעמדער שטאָט? מ'וואָלט אים אַוועקגענומען אין אַ שפּיטאָל צווישען גויים. ער וואָלט אַפילו נישט געקאָנט זיך אויס'טענה'ן מיט'ן דאָקטאָר אָדער מיט דער שפּיטאָל־שוועסטער. אויב ער וואָלט געשטאָרבען, וואָלט מען נישט געוואוסט וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. איכ'ל היינט נישט געהן נישט צו צירעלע'ן, נישט צו שקאָלניקאָוו'ן, האָט מאַקס ביי זיך אָפּגעפּאַסט. איכ'ל גלייך אַוועק אין האָטעל. ווען ער איז אַרויס פון טויער, האָט ער זיך אַ קער־געטאָן אין דער זייט פון דער ציעפּלע, אָבער די פיס אַליין (אָדער עפּעס אַ כח וואָס פירט מיט די פיס) האָבען איבגע אַ ווענד־געטאָן אין דער אַנדערער זייט. ער איז פאַרביי דעם נומער צעהן און געכאַפּט אַ בליק צו דעם טייערען איד'ס באַלקאָן. ער האָט געטאָן אַ קוק צי אסתר די בעקערין שטעהט נישט מיט קיין זעמעל אין טויער נומער 15. ווען ער איז צוגעקומען צו חיים קאַוויאַרניק'ס קאַווע־הייזל, האָט ער דערשפּירט דעם ריח פון קעז־קוכען און געמאַכט אַ טריט אַריינצוגעהן, אָבער אַריין איז ער אין דער מעליגע אין נומער זעקס. ווער ווייסט? אפשר זיצט דאָרט דער בלינדער מאיר? מאַקס האָט געהאַט צו אים אַ גרוס. ער האָט געהאַט געהערט פון איבי נאָך מיט איבער צוואַנציג יאָר צוריק אין וואַרשע. דער אמת איז, אַז מאַקס האָט זיך געהאַט פאַרבענקט נאָך אַ מאַנספאַרשוין. ער האָט לעצטענס בלויז געהאַט צו טאָן מיט ווייבער.

אין דער פאַדערשטער שטוב, דאָרט, וואו ס'געפינט זיך דער בופעט, איז היינט געווען טומעלדיגער ווי יענעם פאַרנאַכט, ווען מאַקס האָט געעפענט די טיר צום ערשטען מאָל. יונגען אין קאַשקעטען פאַררוקט איבער די אויגען, אין גאַליפעע־הויזען, שטיוועל מיט הויכע כאַלעווע, מוידען מיט געשטופּלטע און צעגעסענע פּנים'ער, יאַטען אין אָפּגעריסענע שפּענצערלער, צעריסענע הויזען, היטלען צו גרויס פאַר זייער מאָס, האָבען זיך אַלע צונויפגעשטופּט אין איין קנויל. טייל האָבען זיך געשושקעט, אַנדערע האָבען געצויגען גומערען פון אַ זעקל, נאָך אַנדערע האָבען שטעהענדיגערהייט געגעסען קיכלעך, וואָס ס'איז געווען פון זיי דער אייל. אַ מויד און אַ יונג האָבען געטרונקען בראָנפען פון אַ מאַנאַפּאָל־פלעשעל, ער אַ שלוק און זי אַ שלוק. מאַקס האָט געוואָלט פאַרמאַכען די טיר, אָבער אַנשטאָט דעם איז ער אַריבער די שוועל, זיך דורכגעשטופּט דורך דעם געזעמל און איז אַריין אין דער אַנדערער שטוב. דאָרט איז געווען האַלב־ליידיג. אויף די טישלעך זענען אַרומגעקראָכען פליגען. ביים פענסטער איז געזעסען איינער, וואָס מאַקס האָט גלייך געוואוסט, אַז דאָס איז דער בלינדער מאיר: אַ גרויסער פאַרשוין, ברייט־פלייציג, מיט אַ ריזיגען קאָפּ, אַ קרומער העפט אין קורצען שטערן, איין אויסגערונען אויג, אַ גראָבע נאָז פול מיט ווייןפּערלעך. ער האָט געטראָגען אַ קאַשקעט מיט אַ לעדערנעם דאַשיק, אַ גרוי רעקל מיט געלבליכע פּאַסען און אַ בלוי העמד, דער קאָלנער פאַרהעקעלט מיט אַ בלעכענער ספּינקע. ער האָט געהאַט דעם געבוי פון אַ גיבור. דאָס פּנים איז געווען פול מיט שראַמען, גריבלעך. פאַר אים איז געשטאַנען אַ גלאָז מיט עפּעס אַ געטראַנק און ער האָט זיך געבויגען דערצו און אַריינגעברומט ווי אַ חיה. מאַקס איז געבליבען שטעהן אַ פאַרגאַפטער. דאָס איז דער בלינדער מאיר, דער קייסער פון קראַכמאַלנע פּלעצל, דער רבי פון דער וואַרשעווער אונטערוועלט. מאַקס האָט געטאָן אַ הוסטעל און יענער האָט פאַמעליך, ווי אַן אָקס, זיך אויפגעריכט. ער האָט אַ קוק געטאָן מיט דעם איינעם זעהענדיגען אויג, פון הינטער אַ געדיכטער ברעם, קרום, מיט חשד, מיט דעם פאַרדרוס פון יענע, וואָס ריכטען זיך מעהר נישט אויף קיין שום גוטס. מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— דאָס זענט איר, מאיר?

— ווער ביזטו? — האָט דער בלינדער מאיר געפרעגט מיט אַ ראַציג קול, וואָס האָט אַרויסגעכאַרכעלט פון די בויכיגע טיפעניש.

— איר'ט נישט וויסען. איך הייס מאַקס באַראַבאַנדער. כ'וואוין אין בוענאָס איירעס. ס'האָט מיט מיר געשיקט אַ גרוס צו אייך אייער אַ געוועזענער פריינד, כאַצקעלע פעלטעס.

דער בלינדער מאיר האָט לאַנג נאָכגעטראַכט. ער האָט געשאָקעלט מיט די דיקע ליפּען, וואָס ס'האָבען זיך געווירעט נאָך זיי צוויי טיפע קנייטשען.

— כ'ווייס, כ'ווייס. ער איז אין בוענאָס איירעס, האַ?

— יאָ, דאָרט.

— מ'האָט געזאָגט אַז ער איז געשטאָרבען — האָט דער בלינדער מאיר געערדט — נישט צו מאַקס'ן, נאָר עפּעס ווי פאַר זיך.

— ער'ט קיינמאָל נישט שטאַרבען.

— וואָס טוט ער, הע?

— אַ, ער איז געוואָרען אַ גביר.

דער בלינדער מאיר האָט אַרויפגעלייגט אַ פויסט אויפ'ן טיש.

— ווי לאַנג איז אַז ר'איז אַוועק פון וואַרשע? ס'עט שוין זיין אַ צעהן יאָר —

— מעהר ווי צוואַנציג.

— אַזוי? די צייט לויפט. כ'געדענק עים, כ'געדענק עים. ער'ט זיך אַרומגעפיהרט מיט אַ געלער מויד.

— חנה'טשע. זי איז איצט זיין ווייב.

— חתונה געהאַט מיט איר, האַ? ס'איז מיר אַ וואונדער אַז ער געדענקט מיך נאָך. די וועלט האָט פאַרגעסען דעם בלינדען מאיר. פאַרגעסען ווי אַ טויטען.

— ער רעדט אָפט וועגען אייך.

— וואָס רעדט ער? זעץ דיך צו. שטעה נישט. אויב ביזט הונגעריג, געה אַריין און נעם עפּעס ביים בופעט. ס'איז דאָ אַמאָל געווען אַ קעלנער, נאָר מ'האָט אים משלח־געווען. מ'מוז אַלץ אַליין נעמען ביי דער מויד. ס'עסען איין דער קנייפּע איז יוקס!

און דער בלינדער מאיר האָט זיך פאַרקרימט מיט כעס און מיט עקל. מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— כ'בין נישט הונגעריג. אפשר ווילט איר עפּעס, קאָנען מיר אַריינגעהן אין דער שענק נומער 17.

— צו לאַזער'ן? ווילען וויל יאָך, נאָר דער דאָקטאָר האָט מיר אַלץ פאַרזאָגט. כ'טאָר אַפילו נישט טרינקען קאַ' גלאָז ביר. כ'האָב בלאָטערען אין מאָגען!

און דער בלינדער מאיר האָט אָנגעוויזען אויפ'ן בויך, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט איבער'ן טיש.

— אפשר ווילט איר אַריינגעהן צו חיים קאַוויאַרניק? ער'ט גוטען קעזקוכען.

— קעזקוכען, האַ? סוכאַרקעס מיט מילך, דאָס מעג יאָך עסען!

דער בלינדער מאיר האָט אַראָפּגעלאָזט די אונטערשטע ליפּ. ס'האָבען זיך באַוויזען עטלעכע לאַנגע ציין, שוואַרצע און קרומע ווי האַקענס. אַ ווייל איז ער געזעסען און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ ווי אויף אַן אומגליק, וואָס ס'איז נישטאָ דערויף קיין טרייסט. דערנאָך האָט ער געפרעגט:

— וואָס טוט ער דאָרט? ער האַנדעלט?

— אַ פאַבריק פון טריקאָטאַזש.

— אַ פאַבריק? כאַצקעלע פאַרד?

— אַ גרויסע פאַבריק, אפשר מיט פופציג אַרבעטאָרינס, ס'רוב שפּאַנישע.

— נו, און זי?

— אַ גאַנצע דאַמע.

— פיף! זיי פאַהרען אַוועק קאַ'ן אַמעריקאַ און ווערען סטאַטקעס! זי איז געווען אַ כאַנטע טאָקע דאָ, אין נומער זעקס, אין קעלער. אייטשעלע גלאָמפּ איז געווען איר פּזשידופּניק.

— זי זעהט אויס ווי אַ גרעפין! האָט אַזוינע בריליאַנטען!

און מאַקס האָט אָנגעוויזען מיט'ן דוימען אויף אַ האַלבען ווייז־פינגער.

דער בלינדער מאיר האָט אַרויפגעלייגט אויפ'ן טיש די אַנדערע פויסט.

— וואָס ווייסט מען אין דעם אַמעריקאַ? זיי קומען צו פאַהרען און באַריהמען זיך, אַז דאָ זענען זיי געווען דער גראַף פּאָטאָצקי. דאָרט איז אַלץ געלט. אַז האָסט די קלינגערס ביזטו אויפ'ן פערד. דאָ איז געוואָרען אַן אַנגעלויף. די אַלטע גוטע ברידער זענען אַלע געגאַנגען אַ גאַנג. כ'זיץ דאָ און קאָן נישט קיינעם. זיי רעדען צו מיר און כ'ווייס נישט ווער זיי זענען. אין די ראַזרוכעס האָבען זיך צונויפגענומען די חברה־לייט, שוסטער־יונגען, שניידער־יונגען, און געמאַכט יד־אחת. ס'איז נישט געווען ווער ס'זאָל צוריקשלאָגען. מ'האָט אַלעמען צעקיפּט אויפ'ן פּלאַץ. זיי זענען זיך צעלאָפען ווי די האָזן. מ'איז אַריין אין די הייזלעך און צעהרג'עט די נקבה'ס. צוואַנציג לאַטקעס זענען אָנגעפאַלען אויף מיר איינעם. קעגן צוואַנציג איז קיינער נישט קאַ' וואוילער. מ'האָט מיך אַוועקגעכאַפּט אין שפּיטאָל קאַ' טשיסטע און דאָרט בין יאָך אָפּגעלעגען זעקס וואָכען. קיינער איז אַפילו נישט געקומען געוואָר־ווערען, אַ חוץ צוויי דריי פאַרשוין. אָט דאָס איז היינט די קראַכמאַלנע. אויף דער סמאָטשע איז נישט בעסער. וואָס טוסטו דאָ?

— גלאַט אַזוי. געקומען אַ קוק טאָן אויפ'ן אַמאָליגען וואַרשע.

— ס'איז נישטאָ מעהר ס'אַמאָליגע וואַרשע. געשטאָרבען, באַגראָבען. אַמאָל האָט יעדער איינער געהאַט אַ חזקה. היינט קומט זיך אַן ס'ערגסטע געהינטעכץ. איינער קאָן נישט דעם אַנדערען. דער רעדט בוידעם און יענער ענטפערט קלאָץ. ס'ווערט אַן אַבלאַווע און מ'כאַפּט זיי אין קעטשל ווי די הינט. אין מיינע צייטען האָט דער קאָמיסאַר וואָינאָוו געטרונקען מיט אונז בראָנפען. דער רעוויראָווי פלעגט זיך פאַר מיר פאַרנויגען, אָפּגעבען טשעסט, כ'זאָל אַזוי דערלעבען צו קומען צו קבר־ישראל. ס'איז געווען דאָ אַ לייבוש טרעלבוד און אַז ער'ט געזאָגט אַ וואָרט, איז עס געווען ווי געשריבען אין אַ בוך. ר'איז אַוועק אין צערקל און געזאָגט: וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע, דאָס איז מיינ'ס אַ מענטש און מ'האָט אים גלייך אַהיימגעשיקט פון קיטשימענט. ס'איז שוין נישט געווען אין דיינע צייטען. אַז לייבוש איז געשטאָרבען וועט שוין זיין זעקס־און־דרייסיג יאָר. וואָס רעד יאָך? מעהר. גאַנצע פערציג. ער פלעגט קומען צו מיר און זאָגען: מאיר, אַזוי און אַזוי. מ'האָט פאַרשפּאַרט אַ טאַטע'ן פון קינדער און מ'מוז עים אַרויסטאַשטשען. אין צעהן מינוט איז געפאַלען אַ קופּע געלט. מיר'ן אָנגעשפּאַרט ביים אָבער־פּאָליצמייסטער, איז מיין נאָמען נישט מאיר.

— יאָ, כ'ווייס.

— וואָס ווייסטו? גאָרנישט. ווי הייסט די שטאָט וואו די וואוינסט?

— בוינעס איירעס.

— כ'ווייס. מ'פלעגט שיקען אַהין גאַנצע שיפען. ס'איז דאָ פאַראַן נאָך איינער פון דער אַלטער גוואַרדיע, שמואל סמעטענע. אַמאָל איז ער געווען אַ פּאַסער. איצט איז ער אַ מאַכער. ער האָט אַ נקבה און זי האָט אַ שוועסטער דאָרט. מ'זאָגט זי געהט אין שטעטער.

— כ'ווייס וועמען איר מיינט. זי איז נישט אַזאַ גרויסער העכט.

— וואָס ווייס יאָך? ווי הייסט די שוועסטער? רייזל קאַרק. ביז די ראַזרוכעס איז זי געשטאַנען ביי דעם טויער דאָ אויפ'ן פּלאַץ און גערופען שיכורים. אָבער שמואל סמעטענע האָט זיך אין איר פאַרכליאַפּעט און אַוועקגעוואָרפען דאָס ווייב. ער'ט איר געדונגען אַ דירה אין נומער 23 און זי פיהרט די גרענדע. וואָס ווייסט ס'היינטיגע דור? אָבער דער בלינדער מאיר האָט אַ זכרון. ביי מיר זענען זיי אַלע געצעטלט. מיך קאָנען זיי נישט טרעלען. דעריבער האָבען זיי מיך פיינט.

— קיינער האָט אייך נישט פיינט. פאַרקערט —

— נו, נו, מ'האָט פיינט. יאָך זאָג זיי דעם אמת און פאַר'ן אמת שלאָגט מען. אָבער וואָס האָב יאָך מורא פאַר זיי? אַזוי לאַנג ווי יאָך האָב געלעבט וועל יאָך מעהר נישט לעבען, קיין צעהנט־חלק אויך נישט. וואָס קאָנען זיי מיר טאָן? אַראָפּטרייבען די קאַטשקעס פון וואַסער. כ'זיץ דאָ אַ גאַנצען טאָג און ס'לעבען לויפט פאַרביי ווי אַ חלום. יעדע פאַר מינוט ווערט אַ גראַטשקע. ס'געהט פאַרביי אַ גוי און מען רייסט עים אַרויס אַ פּעקל. די נפקאָס, ווידער, מוזען געהן יעדען חודש אויף אַ רעוויזיע. מ'שרייבט אַלץ אַריין אין געלן פּאַס. אַז איינע קריגט ס'שוואַרצע ווערימל, נעמט מען זי אַוועק אין שפּיטאָל און דאָרט סמ'ט מען זי. מ'מאַכט אַפילו נישט קאַ' לוויה. מ'גראָבט אויס אַ גרוב און מ'לייגט אַריין אידען צוזאַמען מיט גויים. אַמאָל אַ פּושידופּניק האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אַ נקבה. היינט אַז ס'קעטשל קומט, מאַכען זיי פּליטה. אַלץ וואָס

---

(שלוס אויף בינטעל בריף)

# שמוזים

פון
## י. ווארשאווסקי

(שלוס פון זייט 2)

זיי ווילען איז די פאר גראשען, א רוח אין זייער טרפה׳נע פופקעס. ווי איז אין בוינעס איירעס, הא?

— דער שפאניער אליין פארקויפט ס׳ווייב, ער זאל קאנען ארומגעהן פוסט־און פאסט.

— כ׳הער, ס׳זענען דארט דא שווארצע מענטשען.

— אין אמעריקא, נישט אין ארגענטינע.

— אין ניו יארק, הא?

— אין ניו יארק, אין שיקאגא, אין קליוולאנד.

— ביזט דארט געווען, הע?

— עטליכע מאל.

— ווי איז דארט ס׳לעבען? מען האט געוואלט כ׳זאל פאהרען אהין, אבער ווער איז אין יענע צייטען געפאהרען קא׳ן אמעריקא? ס׳אפפאל. וואס האט מיך געפעהלט דא? אויף דער קראכמאלנע, אויף דער סמאטשע, אין דער גאנצער געגענט ארום בין יאך געווען באלעבאס. מ׳איז געקומען צו מיר פון טאמקעס, פון שיליץ, פון פאוואנזעק, פון אכאטע. מיינ׳ס א ווארט איז געווען הייליג. ס׳גאנצע מאלעיר שטאמט פון די סטרייקערס. דער אלעקסאנדער איז געווען א גוטער קייסער, אבער זיי האבען עים אוועקגעלייגט. ס׳זענען געווארען די פאגראמען און דער עולם האט גענומען לויפען אין די ווייטע מדינה׳ס. שפעטער האבען זיי גענומען פארלאנגען א דומע. וואס העלפט זיי די דומע? אז מ׳האט ניש׳ קא׳ געלט ליגט מען אין דער אדמה. זיי האבען אפגעוואויוועט א פאר חדשים און ס׳האט זיי געהאלפען ווי א טויטען באנקעס. א שוסטער איז געבליבען א שוסטער און א גענעראל איז ווייטער א גענעראל. בין יאך גערעכט אדער ניש?

— יא, גערעכט.

— אבער אז מ׳ווערט אלט, טויג ניש׳. כ׳זיץ דא א גאנצען טאג, ווייל ס׳איז מיר שווער צו געהן. פון ליגען, ווידער, קריגט מען ראנעס. אווע־טאווע, ס׳טויג אויפ׳ן פייער. א ווייב האסטו?

— יא, כ׳האב.

— וואס ביזטו געקומען אהער, זוכען א ליובאווניצע?

— מ׳קריגט דארט אויך.

— נאך ווי! די סחורה פעהלט אין ערגיץ נישט אויס. אבער אז מ׳ווערט אלט און די ביינער טוען וויי, ליגט דיר גארניש׳ אין זין. קאנסט מיר אוועקשטעלען די מלכה שבא א נאקעטע, וועל איך אסור אויף איר נישט קוקען. וואס טויג זי מיר, הא? כ׳האב געהאט נקבה׳ס, כ׳האב געהאט — מעהר וויפיל דו האסט האר אין קאפ. כ׳בין געקומען אין א שטאט, כ׳געדענק שוין נישט וואו, און בין איינגעשטאנען אין א האטעל. נעבען מיר, א טיר ביי א טיר, האט געוואוינט א ווייב פון א פאלקאווניק. כ׳האב זיך צערעדט מיט איר און זי׳ט זיך פארליבט אין מיר איבער די אויערען. אט אזוי. מיט אמאל. זי איז אריין צו מיר אין שטוב און הויבט אן רעדען. כ׳האב איר געזאגט דעם אמת: כ׳האב טויזענט פאר איינע. פעהלסט מיר אויס, זאג איך איר, ווי א לאך אין קאפ. זי איז געווארען בלאס ווי קרייד און זאגט: זיי האבען דיך נישט ליב, אבער איך האב דיך ליב. פון וואנען ווייס איך, זאג איך, אז דו זאגסט דעם אמת? כ׳האב גערויכערט א פאפיראס און זי זאגט: גיב מיר דעם פאפיראס. כ׳גיב איר דעם פאפיראס און זי שטעקט־צו דאס פייער צו דער האנט און ברענט אויס א לאך אין פלייש. עס איז אזש געווארען שווארץ. דא, זאגט זי, האסטו א סימן. צייט כ׳לעב און צייט כ׳שטעה אויף מיינע פיס האב איך נאך אזא זאך נישט געזעהן. כ׳האב געוואלט לויפען אין אפטייק ברענגען א זאלב, אבער זי זאגט: ניטשעווא. גיב מיר דיין פיסק. כ׳האב איר געטאן א קוש און זי׳ט זיך איינגעזויגען אין מיר ווי א פיאווקע. דריי טעג און נעכט בין איך פארבליבען מיט דער קאצאפיכע אין האטעל. מיר האבען געגעסען און געשלאפען. ווייטער גארנישט. ווען כ׳בין ארויס דעם פערטען טאג, האב איך קוים געקאנט געהן. כ׳בין געווען ווי נאך א טיפוס —

— וואס האט זי געטאן? אוועק צום פאלקאווניק?

— צו וועמען דען, צו דיר? ס׳זענען געווען מאנעווערס אין דער געגענט און ער האט זי מיטגענומען מיט זיך. האסט שוין אמאל געהערט פון אזא זאך, הא?

— קיינמאל נישט.

— וואס לענגער מ׳לעבט, אלץ מעהר הערט מען זיך אן. מיינסט שוין אז דו ווייסט אלץ, אבער פלוצים הערסטו עפעס און גלויבסט נישט די אייגענע אויערען. ס׳ווערט אפילו דערמאנט ערגיץ אין א פסוק אדער אין א ספר, כ׳געדענק שוין נישט וואו...

(ווייטערס — קומענדע וואך)

# שדים

## נאָוועלע

פון **יצחק וואַרשאַווסקי**

(פאָרזעצונג)

6.

דער מאָרגען איז געהאַט אַריבער. אַ באַדינער און אַ פּיקאָלאָ זענען געקומען אָנזאָגן מאַקס'ן אַז מען רופט אים צום טעלעפאָן, אָבער מאַקס האָט געהייסען ענטפערן אַז ער איז נישטאָ אין דער היים. מאַקס איז אָפּגעלעגען שעה'ן אויפ'ן בעט און געדרימעלט. די נצחונות האָבען אים געמאַכט מיד, אָבער שלאָפען האָט ער נישט געקאָנט. ער איז געלעגען אַ פאַרמאַטערטער און ווי וואויל ער האָט געטראַכט, האָבען די מחשבות נישט געפיהרט צו קיין שום אויספיהר. צירעלע האָט אים געזוכט, אָבער ער האָט זיך מעהר נישט געקאָנט ווייזען פאַר איר. ער האָט געמוזט צוואַרטען ביז מיטוואָך. ביז דאַמאָלס מוז ער לעבען אַליין. ער האָט מער נישט געוואָלט און ניט געקענט רעדן צו צירעלע'ן. וואָס זאָל ער איר זאָגן? וואָס פאַר אַ תירוץ זאָל ער איר געבען? ר'האָט פאַראויס זיך געשראָקן פאַר אירע אינטעליגענטע רייד, פאַר איר מוטער'ס בייזע בליקען און מעהר פאַר אַלץ פאַר דעם טייערען איד. מאַקס האָט געוואוסט אויף זיכער אַז אויב דער טייערער איד וועט אים שעלטען, וועט די קללה זיינע ווערען מקויים... נו, אָבער ווייטער נאַרען צירעלע'ן און רעדען וועגען חתונה־האָבען מיט איר בעת ער האָט אַ ווייב, האָט מאַקס אויך מעהר נישט געקאָנט. אַזוינע משוגעת'ן טוט מען אָפּ בלויז ווען מ'איז קראַנק. גאָר עפּעס אַנדערש איז באַשע. דער טאַטע אירער וואוינט ערגיץ אויף דער פּראָווינץ. ער האָט אַן אַנדער ווייב און אַנדערע קינדער. אויב ער זאָל אַפילו שעלטען אים, מאַקס'ן, וועט ער נישט וויסען וועמען ער שעלט...

ניין אַזייגער פאַרנאַכט איז מאַקס אויפגעשטאַנען פון זיין דרימלעניש. ס'האָט אים אויפגעוועקט דער הונגער. די זון איז נאָך נישט געהאַט אונטערגעגאַנגען. זי איז נאָך געשטאַנען אַ רויטע און אַ גרויסע ערגיץ אין וואַלד, ביי דער סאַמע ערד, און ס'האָט זי האַלב צעטיילט אַ דינער פאַס וואָלקען. מאַקס איז אַראָפּ אינדרויסען, גרייט צום ערשטען מאָל זינט ער איז אין וואַרשע צו פאַרברענגען אַן אָוונט אַליין. ער האָט זיך געלאָזט געהן לענג־אויס דער נייער וועלט ביז ער איז צוגעקומען צו אַ קאַפעע־הויז. ער איז אַריין אינעווייניג און באַשטעלט זעמל, הערינג, אַ פּאַנקוכען, קאַווע. ער האָט געפּרוּאווט לייענען אַ פּוילישע צייטונג, אָבער ער האָט רעכט מעהר נישט געדענקט דאָס פּוילישע לשון. ער האָט עס קיינמאָל ריכטיג נישט געקאָנט. ער האָט געפונען אויף אַן אַנדער טיש אַן אילוסטרירטען זשורנאַל אויף פראַנצויזיש און זיך איינגעקוקט אין די בילדער. ער האָט פאַרשפּאַרט צו לייענען די אויפשריפטען. זיי האָבען אַלע געהאַט צו טאָן מיט מאַנסבילישער תקיפות און ווייבערשער שעהנקייט. ווידער אַ גענעראַל און אָבער אַמאָל אַ גענעראַל; דאָ אַ שעהנע אַקטריסע, דאָרט אַ פּרינצעסין. די כלה האָט געטראָגען צו דער חופה אַ בוקעט בלומען, דער חתן האָט זיך אָנגעלעהנט אויף דעם הענטל פון דער שווערד. אַלע האָבען געוואָלט דאָס אייגענע: געלט, ווייב, מאַכט. אָבער וואָס קאָן ער, מאַקס, משטיינסגעזאָגט דערגרייכען? נישט ער איז אַ מיליאָנער, נישט ער קאָן די גוי'אישע לשונות, נישט ער ווייסט, וואָס אַ איד דאַרף צו זיין. אַזוינע ווי ער מוזען לעבען מיט רעשטלעך, אויפקלויבען דאָס וואָס אַנדערע וואַרפען אַוועק, אָדער וואָס קיינער וויל נישט. אַפילו צירעלע איז צו־גרויס פאַר אים. פון מיסט שטאַמט ער, און אין מיסט מוז ער בלייבען.

ער האָט געגעסען פאַמעליך, די צייט פון מאָלצייט זאָל נישט אַריבער אַזוי גיך. ער האָט געטרונקען די קאַווע מיט'ן לעפעלע. ער האָט געלייענט אַן אַרטיקעל, וואו ער האָט פאַרשטאַנען בלויז איין וואָרט צווישען דריי. ס'האָט אים איצט באַנג געטאָן וואָס ער האָט אָפּגעכאַמערט דעם טאָג, ווייל ער וועט נישט קאָנען איינשלאָפען ביז פאַרטאָג. ער האָט גערויכערט איין פּאַפּיראָס נאָכ'ן אַנדערען. וואָס טוען יענע אַרעסטאַנטען וואָס זענען פאַר'משפט צו זיצען אַליין אין אַ קאַמער, אין קאַרצער? ער, מאַקס, קאָן אַמוועניגסטענס געהן שפּאַצירען. נו, כ'האָב געמאַכט אַ טעות, האָט ער געטראַכט. כ'האָב געדאַרפט געהן אויף דעם סעאַנס. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין בוזעם־קעשענע און אַרויסגענומען אַן אַדרעס־ביכעל, וואָס ער האָט געהאַט ווי פאַרגעסען דערין זינט ער איז געקומען קיין וואַרשע. ער האָט אָנגענומען אין בוענאָס איירעס אַ סך אַדרעסן, אָבער עפּעס האָט ער פאַרגעסען אויף זיי אַ קוק צו טאָן. אָ, כ'בין אינגאַנצען אַ צע'חוש'טער... ער האָט איצט גענומען בלעטערען דאָס אַדרעס־ביכעל. טייל אַדרעסען האָט ער אינגאַנצען נישט געדענקט ווער ס'האָט זיי געשריבען. ער האָט איבערגעלייענט נעמען, וואָס זענען אים אינגאַנצען פרעמד. אַנדערע האָבען געהאַט באַקאַנטע נעמען. ווי ס'זאָל נישט זיין, — ס'איז איצט צו־שפּעט צו געהן ערגיץ. קיינער פון די יעניגע וואָס ער האָט געהאַט צו זיי אַ גרוס, האָט מסתמא נישט קיין טעלעפאָן. פונדעסטוועגען האָט דאָס אַדרעס־ביכעל אים אַ קאַפּעלע אויפגעהייטערט.

ער איז אָפּגעזעסען אין דעם קאַפעע־הויז ביז עלף אַזייגער. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט שפּאַצירען צוריק צום האָטעל. ביים עק כמיעלנאָ האָבען אים פאַרטשעפּעט גאַסען־מיידען. אַ רגע האָט מאַקס געטראַכט זיך אָפּצושטעלען מיט זיי און כאַפּען אַ שמועסל, אָבער זיי האָבען גערעדט פּויליש, נישט אידיש. ער האָט זיך אומגעקערט אין האָטעל, אָבער ער איז נישט אַרויף צו זיך אין צימער, נאָר זיך אוועקגעזעצט אויף אַ פאָטעל אין דעם זאַל אונטען. מענטשען זענען געקומען און געגאַנגען. אַנדערע האָבען געלייענט צייטונגען. אַן אַלטע דאַמע, דאָס פּנים געל, אין אַ שוואַרצען הוט, וואָס ס'האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איר אַ ווײַדעל פון קרעפּ, האָט גערעדט צו אַ יונג מיידעל פון אַ יאָר זיבעצען. די אַלטע האָט געשאָקעלט מיט די בלאַסע ליפּען, אויסגעזעהן בייז, אַפּנים געגעבען דער מויד אַ פאַרציע גוי'אישען מוסר. דער קיהן אירער איז געווען באַוואַקסען מיט ווייסע האָר. דאָס מיידעל האָט געהערט און רעכט נישט געענטפערט. מאַקס האָט נישט אַראָפּגענומען פון זיי די אויגען. וואָס איז דער דאָזיגער זקנה אַ נפקא־מינה ווי אַזוי דאָס מיידעל פירט זיך? וואָס וועט זי שוין האָבען דערפון אויב זי וועט זי פירען גוט? ווי לאַנג קאָן נאָך דער דאָזיגער פאַרטרוקענטער גוף זיך אַרומדרעהען אויף דער וועלט? קיינער טראַכט, אַפּנים, נישט וועגען טויט, אַפילו נישט אַזאַ צעבראָכענער שאַרבען. אָבער ווי איז דאָס געמאָלט? אַלע אירע נאָהענטע זענען אוודאי שוין טויט. זי האָט אוודאי ליגען ערגיץ אַ צוואה... וואָס, אַ שטייגער, וואָלט געווען ווען זי ווייסט אויף זיכער, אַז אין אַ האַלב יאָר אַרום וועט זי זיין טויט? נו, און וואָס וואָלט ער, מאַקס, געטאָן ווען ער ווייסט אַז איבער־אַ־יאָר אין דער צייט וועט ער זיין טויט? זיך אוועקגעזעצט זאָגען תהילים? ווי לאַנג קאָן מען זאָגען תהילים?

יאָ, אָבער וואָס וואָלט ער פאַרט געטאָן?

מאַקס האָט זיך אינגאַנצען אַריינגעטאָן אין דעם דאָזיגען טראַכטעניש. יאָ, וואָס וואָלט ער געטאָן ווען ס'בלייבט אים איין יאָר צו לעבען? מ'קאָן זיך נישט אוועקלייגען אין בעט און וואַרטען אויפ'ן טויט. עפּעס מוז מען טאָן.

וואָלט ער צעטיילט דאָס פאַרמעגען אַרימעלייט? ער וואָלט פריער געדאַרפט פאַרקויפען די הייזער, די פּלעצער. ער וואָלט געמוזט זיך אומקערען קיין אַרגענטינע. ביז ער וואָלט אַלץ פאַרוואַנדעלט אין מזומן וואָלט אוועק אַ האַלב יאָר אָדער מער. און פון וואַנען איז דאָס געדרונגען אַז צדקה העלפט? ס'איז נישטאָ קיין יענע־וועלט, ס'איז נישטאָ. אַ טויטער מענטש איז ווי אַ טויטער אָקס. די איינציגע זאַך וואָס ער, מאַקס, וואָלט געקאָנט טאָן אין דעם יאָר איז זיך לאָזען וואוילגעהן. אָבער ווי אַזוי? וואָס פאַראַ פאַרגעניגענס קאָן ער האָבען? עסען צוויי מיטאָגען אַ טאָג?

ניין, ס'איז דאָ בלויז איין סאָרט פאַרגעניגען פאַר אַזאַ איינעם ווי ער: ווייבער. ער וואָלט זיך געמיט צו האָבען אַזויפיל ווייבער וויפיל עס איז נאָר מעגליך. ער וואָלט נישט געשפּאָרט קיין געלט. ער וואָלט גענומען וויפיל ער קאָן. אָבער לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַז היינט איז דער ערשטער טאָג פון דעם דאָזיגען יאָר. ס'איז אים פאַרבליבען נאָך דריי הונדערט פיר און זעכציג טעג.

איז שוין די היינטיגע נאַכט פאַרשפּילט? זאָל ער טעלעפאָנירען רייזל קאַרק און איר זאָגען, אַז ער וויל קומען נעכטיגען? זאָל ער פּראָבירען ווידער געהן צו אסתר דער בעקערין? ער איז נישט מיד, אָבער דערביי האָט ער געפיהלט, אַז ער האָט איצט נישט קיין כח צו קיין מאַנסבילישע אַוואַנטורעס. אַפילו אויב מ'האָט איין יאָר צו לעבען, קאָן מען נישט טאָן מער וויפיל די כוחות טראָגען. זאָל ער געהן זוכען אַ באַר און זיך אָנשיכור'ען? ער האָט צו שנאַפּס אויך נישט קיין חשק. רויכערען נאָך אַ פּאַפּיראָס? ניין, די היינטיגע נאַכט איז שוין פאַרשפּילט. אָבער וואָס זאָל ער טאָן מאָרגען?

זיצענדיג אַזוי אויף דער געבעטער שטול האָט מאַקס גענומען אויסאַרבעטען אַ פּלאַן. ער וואָלט אַריבערגעצויגען פון אַרגענטינע אַזויפיל געלט וויפיל ער וואָלט געקאָנט קריגען. ער וואָלט געביטען ווייבער וויפיל עס וואָלט זיך געגלוסט. פאַרוואָס טאַקע נישט חתונה האָבען מיט דער צירעלע'ן און אויספּראָווען ווי גוט ס'איז צו זיין מיט איר? אויב ס'טויג נישט, קאָן ער זי שטענדיג איבערלאָזען. אַז מ'האָט איין יאָר צו לעבען, האָט מען נישט קיין מורא פאַר קיין שום קללה'ס... ער וואָלט געפאָרען איבער דער וועלט און מיטגעפירט מיט זיך אַ כאַפּטע ווייבער. פאַר גרויס געלט קאָן מען אַלץ קריגען. נו, אָבער ער וואָלט געדאַרפט עמיץ זאָל אים העלפען. ער וואָלט זיך גענויטיגט אין אַ סעקרעטאַר, אַ מעקלער, אַ לייב־מענטש וואָס זאָל אים העלפען דורכפירען די גאַנצע זאַך. אָבער ווער?

אין איין רגע האָט מאַקס געוואוסט ווער דאָס קאָן זיין: רייזל קאַרק. זי איז שוין מיד פון דעם שמואל סמעטענע. זי האָט ליב געלט. זי וואָלט אים צוגעשאַנצט נישט איין באַשע, נאָר צוואַנציג אָדער פופציג, וויפל ער וואָלט געקאָנט פאַרטראָגען. ער וואָלט געפאָרען מיט איר איבער דער וועלט און איר געצאָלט אַ געהאַלט... זי וואָלט מיטגעפאָרען מיט אים קיין אַרגענטינע. זי וואָלט געוואָלט זיך זעהן מיט דער שוועסטער...

מאַקס באַראַבאַנדער איז געוואוינט געווען צו פאַנטאַזירען, אָבער קיינמאָל האָט אים נישט אַ פאַנטאַזיע אַזוי פאַרכאַפּט ווי די דאָזיגע. ער מוז גאָרנישט אויסגעבען דערביי דאָס גאַנצע פאַרמעגען. אַ פופצען אָדער העכסטענס צוואַנציג טויזענט רובעל וואָלטען געדעקט אַלע הוצאות. ער דאַרף נישט קיין שאַנסאָנעטס. אַזוינע ווי באַשע זענען פאַר אים גענוג גוט. אויב גאָט האָט אים באַשערט מער יאָרען, וועט ער נאָך ווייט נישט בלייבען קיין אָרימאַן.

יאָ, דאָס וועל איך טאָן! — האָט מאַקס באַשלאָסען.

ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג אָנצוקלינגען רייזל קאַרק און רעדען מיט איר. ער האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהויבען, גרייט צו געהן זוכען אַ טעלעפאָן, אָבער ער האָט זיך באַלד ווידער אַוועקגעזעצט. ניין, נישט איצט. ער וועט אַלץ דורכקלערען היינטיגע נאַכט. ער וועט אויסאַרבעטען אַ פּלאַן ווי אַן אַרכיטעקט איידער ער בויט אַ הויז, אָדער אַן אינזשעניער וואָס צייכענט אַן אַ פּלאַן פון אַ מאַשין. ער וועט מאַכען אַ חשבון פון זיין פאַרמעגען, זיינע פינאַנצען. ער וועט מוזען אַלץ טאָן אַזוי אַז ראַשעל זאָל ניט פאַרפירען געגען אים קיין פּראָצעסען...

מאַקס האָט זיך אומגעקוקט. די זקנה און דאָס מיידעל — איר אייניקעל, אָדער אור־אייניקעל — זענען געהאַט אַוועק. ער איז געהאַט געבליבען איינער אַליין אין דעם זאַל. ער איז אַוועק צום קלערק און גענומען ביי אים דעם שליסעל. ער איז נישט געפאָרען מיט דער ווינדע, נאָר איז פאַמעליך אַרויף מיט די מאַרמאָרענע טרעפּ. מיט דעם רויטען טעפּיך אין מיטען. ער איז אַריין צו זיך אין צימער. ער האָט נישט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ און זיך אַוועקגעלייגט אין די מלבושים אויפ'ן בעט. ער האָט איצט אין קאָפּ געמאַכט חשבונות וועגען זיינע הייזער, פּלעצער, געלטער. ער האָט געהאַט מיט זיך גענוג געלט און קרעדיט־פּאַפּירען צו פאָרען אַהיים קיין אַרגענטינע אין לוקסוס און מיטפירען מיט זיך וועמען זיין האַרץ גלוסט. אין בוענאָס איירעס האָט ער לייכט געקאָנט קריגען נאָך אַ גרויסע סומע געלט אָהן ראַשעל'ס וויסען. ער האָט אַפילו אין ערגסטען פאַל געקאָנט מאַכען געשעפטען מיט רייזל קאַרק'ס שוועסטער... יאָ, ער האָט פאַרדינט אַ יאָר גליק נאָך די יאָרען טרויער און קראַנקהייט, וואָס אַרטוראָ'ס טויט האָט געבראַכט מיט זיך.

מאַקס איז געוואוינט געווען צו פאַנטאַזירען וועגען אַלערליי נישט־געשטויגענע אונטערנעמונגען. יענע וואָס ליידען אויף די נערווען מוזען בויען לופט־שלעסער. אָבער ער האָט געקאָנט אונטערשיידען צווישען חלומות און פּלענער, וואָס קאָנען ווערען וואָר. ער קאָן מענטשען, האָט אַ צוגאַנג צו ווייבער. ווי ווילד און משוגע דער פּלאַן זיינער וואָלט אויסגעקומען, וואָלט ער פונדעסטוועגען צוגעצויגען אַזאַ ווי רייזל קאַרק. זי האָט געליטען פון דער אייגענער קרענק וואָס ער: ס'איז איר נודנע. זי האָט באַדאַרפט פאַרען, לויפען, ריזיקירען, באַגעהן זינד וואָס די באַלעבאַטישע פרויען, די וויטישע, דערוועגען זיך אַפילו נישט צו טראַכטען וועגען זיי. מאַקס האָט נאָך אַליין נישט באַנומען וואָס ער גרייט זיך אָפּצוטאָן, אָבער ער האָט דערביי געוואוסט, אַז רייזל קאַרק וועט זיך אָנכאַפּען אין זיין פּראָיעקט. אין דער נאַכט וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט איר האָט ער דערשמעקט איר לאַגע. שמואל סמעטענע איז אַלט, פעט, אָנגעגאָסען. ער האָט ליב ביר, נישט ווייבער. ער איז אַלעמאָל פאַרנומען מיט אונטערקויפען די פּאָליציי און אויסגלייכען אַלערליי קרומע עסקים. אַזאַ סאָרט מאַנסביל האָט וועניג געדולד צו ליבע...

ווען מאַקס האָט גענומען איינדרימלען אַרום צוויי אַזייגער, האָט ער געהאַט כמעט אַלץ דורכגעטראַכט. ער וועט פאַרען מיט רייזלען און זי וועט צושטעלען פאַר אים מוידען, אין פּוילען, אין גאַליציע, אפשר אַפילו אין פּאַריז און אין לאָנדאָן. זי איז אַ געבוירענע מומע. אין אמת'ן האָט דאָך רייזל קאַרק אים געהאַט פאַרגעשלאָגען דאָס געשעפט ביי דער ערשטער באַגעגעניש, אָבער אַנשטאָט זי זאָל זיצען אין וואַרשע מיט שמואל סמעטענע, וועט זי שמואל'ן איבערלאָזען און ווערען זיין, מאַקס'עס, באַגלייטערין. אַזוינע ווי זי זענען נישט אייפערזיכטיג. פאַרקערט, צושטעלען ווייבער איז ביי זיי אַ תאווה.

מאַקס איז איינגעשלאָפען. ער האָט געעפענט די אויגען און די זון האָט געשיינט אינדרויסען. דער זייגער האָט געוויזען צען מינוט נאָך זיבען. ער איז געהאַט געשלאָפען בלויז פינף שעה, אָבער ער איז אויפגעקומען אַן אָפּגעפרישטער. געוועהנליך נאָך אַ נאַכט שלאָף פאַרלירען אַזוינע פּלענער די האַפט און מ'וואונדערט זיך אַליין ווי אַזוי מ'האָט געקאָנט גלויבען אין זיי די נאַכט פריער. אָבער דאַסמאָל איז מאַקס אויפגעקומען מיט דער זיכערקייט, אַז ער האָט געפונען אַן אויסוועג צו אַלע פּלאָנטערנישען. ער האָט געמוזט האָבען אַ שותּפ'טע צו זיינע אַוואַנטורעס, עמיץ וואָס זאָל אים העלפען, זוכען פאַר אים אַלערליי פאַרטלען, געניסען פון זיינע אויפטוען. רייזל

(שלוס אויף זייט 3)

# שווים

פון

**י. ווארשאווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

---

האט אים געהאט צוגעשטעלט באשע'ן, אבער דאס איז בלויז דער אנהויב...

ס'איז געווען צו־פרי צו טעלעפאנירען רייזל'ען, אבער אומקערען זיך צום שלאף האט מאקס מער נישט געקאנט. ער האט זיך ראזירט ביים וואש־טיש. ער האט אנגעקלונגען דער באדינעריו און באשטעלט א וואנע. דערנאך האט ער זיך אנגעטאן און איז אראפ עסען אנבייסען. אזוינע ווי מיר ביידע קאנען איבערקערען א וועלט! — האט מאקס צו זיך גערעדט. — זי אליין איז נאך אויך א ניש־קשה'דיג שטיקעל סחורה.

נו, אבער קאן דאס געמאלט זיין אז רייזל וועט זאגען ניין? אוממעגליך! — האט מאקס זיך אליין געענטפערט. — סיידען דער טייערער איד וועט זיך אריינמישען... ער קאן אלץ קאליע מאכען... ער, מאקס, מוז זעהן ווי־ס'איז דעם איד איבערצובעטען. ער'ט אים געבען א גדן פאר צירעלע'ן...

ניין אזייגער האט מאקס אנגעקלינגען רייזל קארק. ער האט גלייך דערהערט רייזל'ס קול. זי האט זיך דערפרעהט מיט אים.

— מאקס? כ'האב געטראכט וועגען דיר א האלבע נאכט.

— וואס'ערע האלבע, די ערשטע אדער די אנדערע?

— אינצווישען.

— רייזל, כ'דארף מיט דיר רעדען.

— נו, רעד. האסט, קיין עיןהרע, א מויל.

— אפשר קאנען מיר זיך טרעפען?

— פארוואס נישט? כ'האב גארנישט וואס צו טאן. כ'בענק נאך דיר.

— דאס איז אלץ וואס כ'דארף וויסען. ווען זאל איך קומען?

— שוין.

— אזוי דארף רעדען א נקבה! כ'קום באלד.

— אנבייסען האסטו שוין געגעסען?

— יא.

— נו, מיר'ן עסען א צווייט אנבייסען...

אט דאס איז עס! דאס האב איך געזוכט! — האט מאקס גענומען רעדען אויפ'ן קול צו זיך אליין. — זי'ט אלץ טאן וואס כ'וויל... איין יאר מוז איך פיהלען א טעם אין לעבען!..

ער האט פארשלאסען די טיר און זיך געלאזט אראפגעהן. די פיס זענען אים געווארען לייכט און ער האט געהיפערט טרעפ. ווען מאקס איז ארויס אינדרויסען, האט ער דערזעהן צירעלע'ן. ער איז געווארען אזוי געפלעפט, אז ער איז געשטאנען, געגאפט אויף איר און עפעס ווי פארגעסען דאס לשון. צירעלע האט געטראגען דעם הוט וואס ער האט איר געקויפט און א גרויען קאסטיום. זי האט אויסגעזעהן בלאס. מאקס'ען האט אנגענומען א פחד. ער האט א זאג געטאן:

— צירעלע, וואס טוסטו דא?

צירעלע האט נישט באלד געענטפערט. זי האט אים אפגעמאסטען קרום, און מיט א סארט ביי־זען שמייכעל. זי האט געפרעגט:

— וואוהין געהסטו אזוי פרי?

— כ'בין נישט געשלאפען א גאנצע נאכט. כ'האב נישט צוגעטאן קא'ן אויג. מאקס, כ'דארף מיט דיר רעדען.

— נו, קום.

— כ'קאן נישט רעדען אין גאס.

— קום ארויף צו מיר.

— ניין, מאקס. איך געה נישט צו קיין מאנסביל אין א צימער.

— קום אריין אונטען, אין זאל.

— אפשר קאנען מיר ערגיץ געהן וואו ס'איז שטיל?

— וואו איז שטיל? אין קבר.

און מאקס האט זיך גע'חידוש'ט פון די אייגענע ווערטער.

— לאמיר אריינגעהן אין זאקסישען גארטען. אינדערפרי איז נאך דארט שטיל.

— נו, זאל זיין אזוי.

ער האט זי אנגענומען ביים ארעם און זי האט זיך נישט ארויסגעריסען. זיי זענען געגאנגען פאמעליך און שווייגענדיגערהייט ווי א ברוגז פארפאלק. זיי זענען צוגעקומען צום גארטען, צו דעם טייל, וואס מ'רופט די עלף טויערען, און זענען אריינגעגאנגען. מאקס האט וואויל באנומען, אז ער וועט מוזען איצט געבען צירעלע'ן א קלארע תשובה, אבער וואס ער וועט איר זאגען, האט ער נישט געוואוסט. ער האט איינגעבויגען דעם קאפ. ער האט א גאנץ לעבען געשפילט א שפיל מיט א פארהוילעגעם שונא, א לץ אדער א טייוועל, וואס האט צעשטערט וואס ער, מאקס, האט געבויט, אויסגעלאכט זיינע פלענער, צו־נישט געמאכט זיינע שפיצלען. ס'איז נישט געווען צירעלע, נאר יענער, דער נישט־גוטער, וואס האט קיינמאל נישט צוגעלאזט, אז ער, מאקס, זאל טאן וואס ער וויל און זאל דערגרייכען די פארגעניגענס, וואס נאך זיי האט ער זיך געיאגט זינט ער האט זיך געשטעלט אויף די פיס.

---

(ווייטערס — מארגען)



## נאציאנאלע אויסעראָרדענטליכע

# שוים

## נאוועלע

פון
**יצחק ווארשאווסקי**

(פארזעצונג)

### קאפיטעל פיר

ווי אזוי איז דאס אלץ צושטאנד געקומען אזוי גיך? ערשט איצט ווען מאקס האט געמאכט שותפות מיט רייזל קארק, האט ער באנומען, אז זי האט אים געפעלט אלע יארן: א פרוי מיט די אייגענע פאנטאזיעס און ווילדקייטען וואס ער און דערביי — רירעוודיג, געניט און פראקטיש. זיי האבן געהאט אויסגעארבעט א פלאן אין איין וואדנאכט. רייזל האט געזאלט איבערלאזן שמואל סמעטענע. רייזל האט גערעדט מיט מאקס'ן קלארע דיבורים. דער שמואל איז אלט, פעט, האט א ווייב מיט קינדער און אייניקלעך, און איז דערצו ווייט נים קיין גביר. ער פארדינט א סך, אבער ער האט שיטערע פינגער. כמעט ס'גאנצע געלט ווערט צעטרענצלט אין אפ'חורש'ן די פאליציי, עסען מיט זיי, טרינקען מיט זיי, קויפען מתנות זיי און זייערע נקבה'ס. לעצטענס האט שמואל אנגעהויבען זיך דאקטארען פאר א צולאג. ער ליידט אויף שמאלץ אונטער'ן הארץ. ער קריגט קראמפען און אטאקעס. וואס קען זי, רייזל, זיך אויסווארטען ביי אים? ער וועט שטארבען און איר נישט איבערלאזען קיין גראשען.

זי, רייזל, האט איין שוועסטער, די סעניארא שאיעווסקי אין בוענאס איירעס. יעדעס מאל וואס זי שרייבט איר, רייזל'ען, בעט זי זיך ביי איר, זי זאל אריבערקומען אהין. צווישען הייסע קושען און די ווילדע רייד וואס קומען פון לוסט, האט רייזל אריינגעווארפען, אז זי איז נישט, דאנקען גאט, אהן א גראשען. זי פארמאגט שעהן צירונג. זי האט אפגעשפארט א קניפעל. וואס איז דאס פאר א צוועק פאר מאקס'ן גלאט אזוי ארומצוואוואגלען איבער דער וועלט? אויב דאס ווייב זיינס, ראשעל, וועט אים נישט גט'ן וועט זי, רייזל, וואוינען מיט אים סיי־ווי־סיי. אויב זיי קענען ברענגען עטליכע מוידען קיין ארגענטינע, וועלען זיי אסור נישט צרלייגען צו דעם געשעפט. זאל ער, מאקס, איינגאנצען זיך פארלאזען אויף איר. שמואל סמעטענע וואלט נים געוועזן וואס ער איז היינט, ווען זי, רייזל, וואלט אים נישט געהאלפען די אלע יארען. גענוי וואס זי האט געטאן פאר אים און פון וויפיל זומפען זי האט אים ארויסגעשלעפט, וועט ער קיינמאל נישט וויסען...

א סקאנדאל? ער'ט נישט מאכען קיין סקאנדאלן. זי, רייזל, איז נישט זיין ווייב. ס'וועט גארנישט פאסען שמואל סמעטענע פאר גאטשאלסטווא, אז א נקבה האט אים געלאזט שוויצען. ער'ט מאכען א גוטע מינע צו דער בייזער שפיל. ער'ט אננעמען, ווי מ'זאגט, א מויל מיט וואסער. אמאליגע צייטען וואלט ער אפשר אנגעשטעלט אויף איר שטארקע, זיי זאלען נעמען נקמה, אבער די לעצטע יארן האט שמואל סמעטענע זיך געהאט דערווייטערט פון די גנבים, די וואוילע יונגען, די מעסער־שטעכער. ער האט געהאט צו טאן מערסטנעס מיט סוחרים, וואס האבען געדארפט מ'זאל פארמיטלען צווישען זיי און דער פאליציי. ווער ווייסט? ס'קאן אים אפילו שטילערהייט הנאה־טאן, וואס ער'ט מער נישט ברויכען צאלען פאר איר, רייזלען, דירה־געלט, אויסהאלטען צוויי משפחה'ס. זי איז אים גארנישט שולדיג. זי'ט אים אוועקגעגעבען די בעסטע יארען. ווען נישט ער, שמואל סמעטענע, וואלט זי אפשר איצט געהאט א מאן מיט קינדער...

ס'האט זיך אנגעהויבען רויטלען אויף זון־שפראץ, אבער רייזל האט נאד אלץ גערעדט. דערנאד האבען ביידע זיך אומגעקערט און אריינגעפאלען אין א טיפען שלאף. מאקס האט געעפענט די אויגען און די שטוב איז געווען פול מיט זון. ער איז געהאט אויפגעקומען סאי מיט א זאטקייט און סאי מיט א הונגער. רייזל איז שוין געהאט אויפגעשטאנען. ער האט געהערט ווי זי פארעט זיך אין קיך. מאקס האט זיך אויפגעזעצט. איז דאס ליבע? יא, דאס איז ליבע. א גרויסע ליבע. די גרעסטע אין זיין גאנץ לעבען!.. ער האט זיך געהאט איינגעליבט אין שמואל סמעטענע'ס קעפסווייב, די אייגענע, וואס דער בלינדער מאיר האט געזאגט וועגען איר, אז זי פלעגט שטעהן ביים טויער און אריינרופען שיכורים... צום צווייטען מאל אין זיין לעבען האט ער, מאקס, געהאט זיך פארליבט אין א טליק.

נו, פון קיין חזיר־ווידל קאן מען קיין שטריימל נישט מאכען, האט מאקס צו זיך גערעדט. ער האט אפילו נישט געטארט טראכטען וועגען דער צירעלע'ז. ס'איז געווען א משוגעת, א משוגעת. ער האט געהאט געזאגט צירעלע'ן דעם אמת: ער האט א ווייב אין בוינעס איירעס. זי האט אויף אים געטאן א שפיי און ער האט אפילו נישט אפגעווישט דאס שפייעכץ מיט א טיכעל. ער'ט קיינמאל די דאזיגע מינוט נישט פארגעסען. די טרערען האבען זיך געגאסען פון אירע אויגען גרויסע ווי באב, ליכטיגע ווי בריליאנטען. זי האט גערעדט צו אים מיט א לשון פון דער תורה:

— פארשאלטען זאלט איר זיין!.. פארשאלטען אויף אייביג... איר זאלט נישט האבען קיין מנוחה נישט אויף דער וועלט און נישט אין קבר...

זי איז געגאנגען און געוויינט. זי האט זיך יעדע פאר טריט אפגעשטעלט און זיך אומגעקוקט אויף צוריק, דאס פנים רויט, נאס, אנגעדראלען, פארענדערט. רייזל קארק האט אים שפעטער געטרייסט, גע'טענה'ט, אז קללה'ס ווערען נישט מקויים; ווען ס'וואלט געשעהן מיט איר, רייזל'ען, א טויזענט חלק פון די קללה'ס, וואס מען האט זי געשאלטען, וואלט זי שוין לאנג געלעגען מיט די פיס צו דער טיר. אבער מאקס האט געוואוסט, אז דאסמאל וועלען די קללה'ס יא מקויים ווערען. דאס האט נישט גערעדט צו אים צירעלע, נאר דער טייערער איד. ס'איז געווען זיין נוסח, זיין קול. די ווערטער זענען געפאלען אויף אים ווי גליענדיגע שטיינער. ער האט באשיינפערליך געשפירט זייער קלאפ, זייער בריה. נו, אבער ער קאן נישט זיצען און ווארטען אויפ'ן שווארצען סוף. ווי לאנג ער קאן, מוז ער אריינכאפען ס'ביסל גליק... אזוי ווי ער האט פארויסגעזעהן, אז דער טאג פון געצאהלט מוז קומען, אזוי איז ער איצט אויך זיכער, אז אהן רייזל'ען קאן ער מעהר נישט אויסקומען... אין פיר און צוואנציג שעה איז זי געווארען פאר אים אלץ: א ווייב, א געליבטע, א שותפ'טע, א וועגווייזערין. זי האט אבער־אמאל און ווידער־אמאל איבערגע'חזר'ט די אייגענע ווערטער:

— פארלאז דיך אויף רייזל'ען, איכ'ל דיר אסור קא'ן עוולה נישט טאן...

זי האט אים געפרעגט וועגען זיינע געלטער און ער האט איר אלץ דערצעהלט: וויפיל מזומנים ער האט און וויפיל מעהר־וועניגער ס'זענען ווערט זיינע הייזער און פלעצער. צום ערשטען מאל אין לעבען האט ער געזאגט א נקבה דעם גאנצען אמת, גארנישט באהאלטען. ס'איז אלץ צוגעגאנגען פראסט און פשוט: אזוי ווי ער האט ביז איצט יעדען איינעם גענארט, אזוי האט ער אפגערעדט מיט איר, רייז'לען, א גאנצע נאכט און קיין איינציגער ליגען איז נישט ארויס פון זיין מויל. ער האט אויך געהאט די זיכערקייט, אז זי נארט אים נישט. יא, זי איז געווען דאס, וואס דער בלינדער מאיר האט געזאגט וועגען איר. זי איז געקומען צו שמואל סמעטענע אן אנגעשטעקטע, אבער דאקטאר גאלדבלום האט זי אויסגעהיילט. צי זי האט אפגענארט שמואל סמעטענע? יא, אין די ערשטע צוויי יאר. מיט וויפיל מענער? רייזל איז געבליבען שטיל. מאקס האט געזעהן אין דער האלבערפינסטערניש ווי זי ציילט אויף די פינגער. ער האט געהערט ווי זי מורמעלט:

— יאסעלע באנץ — איינס, חיים קישקע — צוויי, דער לאמער בערל — דריי. ווער איז געווען דער פערטער, הא? ווארט, לייזער באק!..

— וויפיל צוזאמען?

— אכט!

— נישט מעהר?

— זאל מיך גאט שטראפען!..

— און שמואל האט נישט געוואוסט?

— א מכה!

— און דערנאך?

— דערנאך בין יאך עים געווען געטריי צעהן יאהר, ביז דו ביזט געקומען. אויב כ'זאג ליגען, זאל יאך נישט אויסלעבען ס'יאהר!..

און זי איז צוגעפאלען צו אים, מאקס'ן, און גענומען וויינען און קושען, קושען און וויינען. זי האט גע'טענה'ט צו אים:

— כ'האב געהאט כשר'ע טאטע־מאמע. מיין זיידע ר' מענדל איז געווען גבאי אין א שוהל!..

מאקס איז איצט נאך געזעסען א ווייל. דערנאך האט ער פונסניי אוועקגעלייגט דעם קאפ אויפ'ן קישען. יא, די טאטעס, די זיידעס, די פעטערס, די מומעס. מ'האט גארנישט געוואוסט אין ראשקעוו פון קיין זינד. אז משה דעם וואסער־טרעגער'ס מויד איז געווארען טראגעדיג פון א בעלפער, איז די גאנצע שטאט געגאנגען כאדראם. קצבים האבען ארויסגעשלעפט דעם בעלפער פון בעט, אים אנגעטאן די הויזען, דעם שפענצער, אים פארשפארט אין א שטוב ביז דער חופה. מ'איז דעם פארפאלק אזוי דערגאנגען די יאהרען, אז זיי האבען געמוזט אוועק קיין אמעריקא. ער אליין, מאקס, האט געהאט א מומע, וואס איז געווארען אן אלמנה צו זעקס און צוואנציג יאהר. זי האט מעהר נישט חתונה געהאט, אויסגעהאלטען פינף קינדער פון ארומגעהן רייניגען גריישלעך, וואשען וועש. נאכ'ן מאנ'ס טויט האט זי מעהר קיינמאל נישט אנגעטאן קיין שייטל, ארומגעגאנגען אין א קאפטיכל אפילו שבת און יום־טוב...

— ווי איז דאס געמאלט, הא? — האט מאקס זיך אליין געפרעגט. — האט ביי זיי נישט געטריפט קיין בלוט אין די אדערען? זענען זיי געווען מלאכים; נישט מענטשען? איז די מורא פאר גאט געווען אזוי שטארק?

מאקס האט געהערט ווי רייזל קלאפט מיט די טעפ. ווי וואויל ער איז שוין אזויפיל יאהרען פון ווארשע, האט ער דערקאנט יעדען רויש: פון צעהאקען א העלצל מיט'ן האקמעסער און איבערברעכען א שטיקעל קיהן; פון איבעררוקען א פייערקע אויף דער בלעד און מאלען קאווע אין א קאווע־מיהלכעל. ער איז אראפ פון בעט און איז אריין אין שמואל סמעטענע'ס שלאפראק און שטעק־לאטשען. נו, זאל זי פיהרען ס'רעדל. כ'בין שוין מיד פון ברעכען מיר דעם מוח... רייזל האט זיך באוויזען ביי דער טיר. זי האט אים קיינמאל פריער נישט אויסגעזעהן אזוי שעהן ווי אין דעם איצטיגען פרימארגען. זי האט אויסגעקוקט איינגער. די שווארצע אויגען אירע האבען געשיינט מיט נצחון און מיט ליבשאפט. זי האט א זאג געטאן:

— ביזט שוין אויפגעשטאנען? א גוטען אויפשטאנד דיר!

און מאקס איז געווארען געפלעפט. גענוי די אייגענע ווערטער פלעגט נוצן די מאמע, עליה השלום. כ'מוז זיין אין ראשקעוו! כ'טאר נישט אוועקפאהרען פון דאנען נישט האבענדיג געווען אין ראשקעוו! — האט מאקס זיך געוואארענט. ער איז דאך געקומען קיין פוילען בלויז צוליב דעם! אבער ער האט געהאלטען אין איין פארגעסען אין ראשקעוו. ער האט א זאג געטאן:

— רייזל, כ'בין געקומען קיין פוילען אויף קבר־אבות. כ'על נישט אוועק פון דאנען ביז איכ'ל נישט זיין אין ראשקעוו.

— ביזט געקומען קיין פוילען צו מיר. איך בין דיין קבר —

און רייזל האט געטאן א וואונק און א לאך.

— דו'סט מוזען פאהרען מיט מיר קיין ראשקעוו.

— אויב כ'על מוזען, וועל יאך פאהרען. כ'בין גרייט צו פאהרען מיט דיר אין עק וועלט.

— וואס וועט זיין מיט באשע'ן?

— ווארט, טייערער, יאך האב אלץ דורכגעקלערט. דו ביזט איינגעשלאפען און יאך האב געטראכט וועגען יעטוועדער זאך. מיר'ן זי מיטנעמען מיט זיך. פארמעגליכע מענטשען פאהרען מיט א דינסט. זי'ט אונז צו נוץ קומען אויך. זי'ט מיר העלפען און אויב דו וועסט וועלען, וועט זי דיר אויך העלפען —

און רייזל האט פונסניי געטאן א וואונק און א לאך.

— וואס טוען מיר באלד נאד אנבייסען?

— גיב מיר דיין פאס.

מאקס האט זיך אנגעשפיצט.

— דעם פאס? צו וואס דארפסטו מיין פאס?

— האסט נעכטען הייליג צוגעזאגט, אז וועסט ניש' פרעגען קא' קשיא'ס. האסט געזאגט, אז יאך בין דער גענעראל און דו ביזט א פראסטער זעלנער.

— פארט —

— מיר מוזען האבען צוויי פעסער, פון מאן און ווייב און שוועסטער און ברודער. אמאל קאן אויסקומען אזוי, אמאל אנדערש. כ'האב א מאכער און ער קאן דיר מאכען צעהן פעסער, הונדערט פעסער, וויפל דו ווילסט נאר. ער איז מיינ'ס א גוטער פריינד און ער פרעגט אויך ניש' קא' קשיא'ס.

— ער קאן שפאניש?

— ער קאן אלץ, אפילו טערקיש. האב ניש' קא' מורא. ער'ט דיין פאס ניש' קאליע מאכען. ער'ט בלויז מאכען א קאפיע און אריינשרייבען מיין נאמען. שמואל גיט עים א סך צו טאן. ער'ט אמאל געהאט א פאבריקל פון פאלשע דרייערלעך. ווען א קומע וואלט עים ניש' גע'מסר'ט, וואלט ער איצט געווען א צווייטער ראטשילד. ער איז אפגעזעסען פינף יאהר אין מאקאטאוו און איצט טוט ער דאס. ער'ט פאר מיר געהן אין פייער אריין.

— דיין ליובאווניק, הא?

— ר'האט געוואלט. נאר ר'איז געבליבען ביים וועלען.

— ווען וועל איך האבען דעם פאס צוריק? אהן דעם פאס בין איך א קדוש.

— אין א פאר טעג. קאנסט שלאפען רוהיג. יאכ'ל דיר קא'ן עוולה ניש' טאן. קים, וואש דיך אפ און מיר'ן עסען אנבייסען. מיר האבען היינט א סך וואס צו טאן און דער טאג שטעהט נישט. שמואל קאן צוריקקומען היינט־מארגען און ס'טויג ניש' ער זאל וויסען וואו דו ביזט. כ'על עים זאגען, אז ביזט אוועקגעפארען און כ'ווייס ניש' וואו.

— האסט מורא פאר אים, הא?

— כ'פרעג נאד עים ווי נאכ'ן פאראיאריגען פראסט. אבער כ'וויל ניש' ער זאל דיך באלאמוטשען. דו ביזט, דו זאלסט עס מיר מוחל זיין, א מיאכקע לכבות. פאר דיר אז מ'טוט זיך א קרום, קריגסטו גלייך רחמנות. ער'ט דיך אוועקשלעפען אין שענק און וויינען פאר דיר ווי א ביבער. מ'טאר ניש' האבען קא' רחמנות. מיין פעטער פלעגט זאגען: פרנסה איז מלחמה. אזוי איז מיט אלץ. אז מ'קאן ניש' שמע־

(שלוס אויף בינטעל בריף)

# שוים

פון
**י. וואַרשאַווסקי**

(שלוס פון זייט 2)

קען קאַ'ן פולווער, געהט מען ניש' אין מלחמה אַריין. ער'ט מיך געהאַט צוועלף יאָהר און דאָס איז געגעג. ער דאַרף שוין ניש' קאַ' געליבטע. ער קומט פון שענק אָנגעבלאָזען ווי אַ פויק. ער טוט אַ פאַל אַוועק אויפ'ן געלעגער און נעמט שנאַרכען ווי אַ געשאַכטענער אָקס. אוודאי וויל ער מיך ניש' אָנווערען, אָבער צוהאַלטען מיך מיט גוואַלד קאָן ער ניש'. יאָכ'ל הייסען דיר מאַכען אַ פּאַס אויף אַן אַנדער נאָמען און ציה דיך אַריין אין אַן אַנדער האָטעל. דאָרט וועסטו איבערוואַרטען ביז יאָכ'ל זיין גרייט. כ'מוז נאָך פאַרקויפען ס'מעבל און הכל-בכל-מעל. ער'ט מאַכען אַן אַוואַנטורע, אָבער יאָך ווייס ווי צו רעדען צו עים. ער איז טאַקע פאַן בראַט מיט נאַטשאַלסטווא, אָבער מ'קאָן מיך אויך אין צערקל.

און רייזל קאַרק האָט געטאַן אַ בלינצל.

זי'ט נעכטען געשוואוירען פאַלש, האָט מאַקס צו זיך געזאָגט. זי'ט געהאַט צו טאָן מיט אַלעמען די גאַנצע צייט. ראַשעל איז אין פאַרגלייך מיט איר אַ צדיקת... אוי, מאַמע, כ'זינק אין שמוץ ביז'ן האַלז!.. מאַקס האָט געקייט דעם פרישען בייגל און געטראַכט, אַז ער טאָר רייזל'ען ניש' געבען דעם פאַס. זי קאָן אַמאָל אים צונעמען דעם פאַס און דאַמאָלס איז ער אין אירע הענט. אָבער דערביי האָט ער געוואוסט, אַז ער וועט איר יאָ געבען דעם פאַס. ער האָט זיך געהאַט אַריינגעדרעהט אַזוי, אַז ער קאָן זיך מעהר נישט אַרויסדרעהען. ער מוז זיך שוין אינגאַנצען פאַרלאָזען אויף איר יושר. רייזל האָט אים אונטערגערוקט נאָך אַ בייגל, באַשמירט מיט פוטער און מיט צוואַרעד. זי האָט אים אָנגעגאָסען אַ גלאָז קאַווע מיט שמאַנט. אין די יאָהרען, וואָס מאַקס האָט געלעבט מיט ראַשעל'ן האָט ער זיך געהאַט אָפּגעוואוינט פון די בלאַטע נקבה'ס. ער האָט נייערט געחלומ'ט פון רייכע טעכטערלעך, פריצה'ס, דאַמען. אָבער רייזל קאַרק האָט אים איבער-נאַכט צוריקגעשלעפּט צום אַמאָליגען זומפּ. פון די שוואַרצע אויגען אירע האָט אַרויסגעשמייכעלט אַ ווייבערשע געגעגטואונג, די צופרידענקייט פון יענע, וואָס טוען אַלדאָס בייז און ווערען קיינמאָל נישט באַשטראָפט, אַלעמאָל באַלוינט... וואָרט, רייזעלע!

— האָט מאַקס גערעדט צו איר אין געדאַנק. — דו'סט דיר נאָך ביי מיר אָפּזעגנען די פליגעל. געזאָגט האָט ער אומגעריכט פאַר זיך אַליין:

— האָסט אפשר אַ פאָטאָגראַפיע פון דיינע טאַטע-מאַמע?

רייזל האָט אויפגעהערט קייען.

— וואָס עפּעס? זיי זענען געווען כשר'ע מענטשען. אסור צי מיין מאַמע האָט געטאָן אַ קיק אויף אַ מאַנסביל. ניין, טייערער, כ'האָב ניש'. ווער האָט זיך יענע יאָהרען פאָטאָגראַפירט? ניש' קאַ' באַלעבאַטישע מענטשען...

(ווייטערעס — קומענדע וואָך)

# שווים

## נאָוועלע

פון

יצחק וואַרשאַווסקי

(פאָרזעצונג)

2

מאַקס באַראַבאַנדער האָט געהאַט זיך אומגעקערט אין האָטעל בריסטאָל. ער האָט געוואָלט וואַרטען דאָרט ביז רייזל קאַרק וועט אים אָפּגעבען דעם פּאַס און אפשר אַ פּאָר אַנדערע פּעסער פאַר אַ צולאַג. רייזל האָט צוגעזאָגט, אַז דער מאַכער אירער וועט זיך צואיילען.

אַזוי ווי רייזל האָט געוואָלט אין איילעניש אויספאַרקויפען די זאַכען אין איר דירה און אַרויפברענגען מעבלים אָפּצוקויפען די בעבעכעס, האָט זי נישט געהאַט באַשטעלט מיט מאַקס'ן קיין באַגעגעניש. אַלץ האָט געמוזט געטאָן ווערען איינדערגיך, איידער שמואל סמעטענע קערט זיך אום פון לאָדזש.

מאַקס האָט לעצטענס אויסגעמיטען די קראָכמאַלנע. ער איז געגאַנגען אַהיים דורך דער ציעפּלע. ער האָט געהאַט געוואָלט טרעפען באַשע'ן מיטוואָך, אָבער רייזל האָט געהאַט צו וויסען געטאָן באַשע'ן אַז מאַקס וועט זיין פאַרנומען. רייזל קאַרק האָט אַלץ געוואָלט נעמען אין די אייגענע הענט. זי האָט גע'טענה'ט צו מאַקס'ן:

— וואָס יאַכ'ל הייסן וועסט די טאָן. כ'על דיך אסור נישט באַוועלה'ן...

געהענדיג איבער דער גזשיבאָווסקע גאַס האָט מאַקס צו זיך גערעדט: גענוג געטראָגען דעם עול. זאָל זי, רייזל, זיין דער גענעראַל. איכ'ל זיין אַ פּשוט'ער זעלנער. זאָל זי קאָמאַנדעווען...

נאָך צוויי יאָר זיין שטענדיג אָנגעצויגען, לויפען פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען, כסדר אויספּראָוועו די כוחות, זוכען רפואות, האָט מאַקס זיך איצט געפיהלט ווי עמיץ וואָס קערט זיך אום פון שפּיטאָל נאָך אַ לאַנגער שלאָפּקייט. ער האָט געהאַט געמאַכט אַ ביטערען טעות מיט דער צירעלע'ן, אָבער ער האָט געהאָפט, אַז זי וועט אים מער נישט באַלעסטיגען. רייזל קאַרק איז גערעכט: ער דאַרף נישט קריכען אין די הויכע פענסטער. געהאָלפען האָט אים נישט צירעלע, נאָר באַשע, אַ מויד וואָס רייזל האָט אים צוגעשטעלט...

דער טאָג איז געווען אַ וואַרימער, אָבער נישט קיין הייסער. מאַקס איז געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט דער לייכטקייט פון יענע וואָס האָבען גאָרנישט וואָס צו טאָן.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם געבויי פון דער אידישער קהילה. אַ בינטל אָרימעלייט איז געשטאַנען ביי דער טיר. מ'האָט זיי נישט געלאָזט אַריינגעהן און זיי האָבען געשאָלטען די פּרנסים און דעם שמש. מאַקס האָט אַרויסגענומען אַ הויפען קליינגעלט, זיי געטיילט נדבה'ס. די קבצנים האָבען צוגענומען דאָס מינץ און ווייטער געשאָלטען.

מאַקס איז אַרויס אויפ'ן גזשיבאָוו. אין דער קירך האָבען געקלונגען די גלאָקען. מ'האָט אַרויסגעפירט אַ טויטען, די טרומנע באַדעקט מיט קראַנצען. ס'זענען נאָכגעגאַנגען פרויען איינגעהילט אין שוואַרצען, די פּנים'ער פאַרדעקט מיט געדיכטע שלייערס. וואָס האָט ער זיך גראָד אויסגעקליבען צו שטאַרבען איצט? — האָט מאַקס געטראַכט האַלב־שפּילעוודיג האַלב־ערנסט.

ער האָט אַ קלער געטאָן וועגען זיין אייגענער לויה. אין איינעם אַ טאָג וועט מען אים פירען (אויב ער וועט נישט איינזינקען אין ים, אָדער פגר'ן אין אַ קרימינאַל). עמיץ וועט אפשר נאָכגעהן. ווער וועט דאָס זיין? ראַשעל? רייזל קאַרק? אפשר גאָר עמיץ וואָס ער, מאַקס, קען נאָך איצט נישט און וואָס קען אים נישט? פרעמדע ווערען מיטאָמאָל היימיש. בערך מיט אַ וואָך צוריק האָט ער נאָך נישט געוואוסט אַז ס'איז דאָ אַ רייזל קאַרק אויף דער וועלט. איצט האָט זי איבערגענומען זיינע עסקים.

מאַקס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קאָנדיטאָריי. כאָטש ער איז נישט הונגעריג, האָט דער גערוך פון לעקער, קאַווע, קאַקאַאָ אויפגעוועקט אין אים אַ פאַרלאַנג צו עסען. ער האָט זיך פונדעסטוועגען געצוימט. אויב כ'על זיך איצט ווידער אָנפרעסען, וועל איך קאַליע מאַכען דעם אַפּעטיט צו מיטאָג...

אין פּאָדעזדזאַל פון האָטעל האָט מען מאַקס'ן דערלאַנגט אַ בריוו מיט אַ סך סטעמפּלען און מיט מאַרקעס פון אַרגענטינע. ראַשעל האָט אים געהאַט געשיקט קיין פּאַריז און מ'האָט פון דאָרט איבערגעשיקט דעם בריוו אַהער. דער בריוו האָט געהאַט אַ דאַטע פון זעקס וואָכען צוריק. ראַשעל האָט געשריבען „קאַטשערעס און לאַפּאַטעס". מאַקס האָט געלייענט און רעכט נישט געוואוסט וואָס זי וויל, אָבער איין זאַך איז קלאָר: זי איז אין כעס. זי האָט אפילו דערמאָנט דאָס וואָרט גט.

ווען ראַשעל האָט חתונה געהאַט מיט אים, מאַקס'ן, האָט זי אינגאַנצען נישט געקאָנט לייענען און שרייבען. זי האָט שפּעטער געדונגען אַ לערער און גענומען ביי אים עטליכע יאָר צייט לעקציעס, אָבער מער ווי אָנשרייבען אַן אַדרעס און אָנפּאַטשקען אַ קודערוועלש פון אידישע און שפּאַנישע ווערטער וואָס האָבען זיך נישט געקלעבט איינס מיט דעם אַנדערען, האָט זי נישט געקאָנט. אין פאַרגלייך מיט ראַשעל'ן איז ער, מאַקס, אַ גאַנצער שרייבער. מ'האָט אים געהאַט געלערענט שרייבען אין ראַשקאָוו. ער האָט זיך געלערענט פון לייענען צייטונגען, ביכלעך. ער האָט אויפגעכאַפּט הײַנטיג־מאָדישע ווערטער פון פּיעסען אין אידישען טעאַטער און פון רעדנערס. ער האָט אפילו שוין געהאַט גענומען אַ וואָרט אויף אַ פאַרזאַמלונג אין דער חברה קדישא.

פון איבערלייענען נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל ראַשעל'ס בריוו האָט מאַקס זיך דערוואוסט, אַז ראַשעל ליידט פון דער עקזעמאַ וואָס פּייניגט זי שוין עטליכע יאָר, האָט צרות מיט דער שפּאַנישער דינסט ראָסיטאַ, וואָס איז געוואָרען לעצטענס באַזונדערס פויל און אַז אין בוענאָס איירעס רעגענט און ס'איז קאַלט. ווען קומט ער, מאַקס, צוריק אַהיים?...

— יאָ, ווען? און צו וואָס? — האָט מאַקס זיך אַליין געפרעגט.

ס'איז אמת, אַז די דאָזיגע רייזע האָט אים געקאָסט היבשע געלטער. ער האָט אפשר אויך פאַרלוירען געלט דערפון וואָס ער איז נישט אין בוענאָס איירעס. אָבער וואָס קומט אַרויס פון געלט ווען מ'האָט נישט די ריכטיגע פּנוי און די נערווען זענען צעשרויפט? אויב רייזל קאַרק ווייסט וואָס זי רעדט און קאָן אים באמת צושטעלען אַ כאַפּטע מוידען וואָס זאָלען מיטפאָרען מיט אים, קאָן ער זיך אויסשלאָגען אַלע הוצאות און ס'זאָל אים נאָך בלייבען אַן אַפּותיקי...

עטליכע ווערטער אין דעם בריוו האָט מאַקס אינגאַנצען נישט געקאָנט איבערלייענען. אַ חוץ דעם וואָס זיי זענען אויסטערליש פאַרפּלאָנטערט, געשריבען מיט אותיות וואָס נישט זיי זענען אידיש, נישט גוי'איש, זענען זיי פאַרמעקט און עפּעס ווי פאַרפלעקט. מאַקס האָט שוין געהאַט באַשלאָסען אַז ס'איז נישט וויכטיג, אָבער ער האָט נאָך אַ ווייל ווידער גענומען דאָס ביי־געלע פּאַפּיר און פּונסניי געפּרואווט דערגעהן אַ מאַלק.

מיטאָמאָל האָט ער איבערגעלייענט דאָס וואָרט „אַניווערסאַר" און אין איין רגע האָט מאַקס געוואוסט דעם גאַנצן זאַץ: ס'פעלט אויס אַרטוראָ'ס יאָרצייט.

— גאָט אין הימל, ווי האָב איך געקאָנט דעריין פאַרגעסען?!

יאָ, מיט דריי וואָכען צוריק איז געוואָרען צוויי יאָר ווי אַרטוראָ איז געשטאָרבען...

מאַקס איז געזעסען אַ פאַרשוויגענער. אַרטוראָ פוילט אין דער ערד און ער, דער טאַטע, פאָרט אַרום זוכען פאַרגעניגענס. אפשר פאַסטען היינט? — איז אים איינגעפאַלען. נו, אָבער ווער וועט געווינען פון זיין תענית? גאָט?

מאַקס האָט זיך איצט דערמאָנט אַן דעם סעאַנס ביי שקאָלניקאָוו'ן. ניין, ס'איז נישט געווען אַרטוראָ. אַרטוראָ האָט נישט געקאָנט קיין וואָרט פּויליש. אָבער דאָך האָט ער, מאַקס, געהאַט די אויסדוכטעניש אַז ער הערט אַרטוראָ'ס קול. נו, און די רייד זיינע, אַז ער איז נישט אַליין אויף יענער־וועלט, האָט באַגעגענט זיידע־באָבע...

אין איין רגע האָט מאַקס אָנגענומען אַ באַשלוס: ער טאָר מער נישט אָפּלייגען די נסיעה קיין ראַשקאָוו. ער האָט גלייך געדאַרפט פאָרען אַהין ווי נאָר ער איז אָנגעקומען קיין פּוילען. אָבער עפּעס האָט ער געהאַלטען אין איין פאַרגעסען. ער האָט איינפאַך מורא זיך צוצורירען צו דער דאָזיגער שטאָט, וואו ער האָט נאָהענטע סיי אויפ'ן בית־עולם און סיי צווישען די לעבעדיגע.

ווי אַזוי קאָן אַ מענטש זיין אַזוי געמיין, אַזוי אַריינגעטאָן אין זיך? ווי רופען זיי דאָס? עגאָאיסטיש. דער ערגסטער באַנדיט וואָלט נישט געהאַנדעלט אַזוי ווי ער. אפילו אַפּאַשען און גזלנים האָבען אַ געפיהל פאַר קרובים.

— כ'בין אינגאַנצען אַן אויסוואורף! — האָט מאַקס צו זיך געזאָגט.

מאַקס האָט געהאַט געגעבען אַ באַפעהל דער דינערשאַפט, אַז אויב מ'וועט אים רופען צום טעלעפאָן, זאָל מען פרעגען דעם נאָמען. מען האָט איצט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. אַ באַדינערין איז אַריין און געזאָגט:

— מ'רופט דעם פּאַן צום טעלעפאָן.

— ווער איז דאָס?

— אַ פּאַננאַ טערעזאַ.

טערעזאַ? מאַקס האָט נישט געדענקט ער זאָל האָבען באַגעגענט אין וואַרשע אַ פרוי מיט'ן נאָמען טערעזאַ.

— ס'מוז זיין אַ טעות — האָט ער געזאָגט.

ער איז פונדעסטוועגען אויפגעשטאַנען, איז אַרויס אין קאָרידאָר צום טעלעפאָן. ער האָט דערהערט אַ קול וואָס האָט געקלונגען סיי היימיש און סיי פרעמד. די שטים איז געווען אַ יונגע, אָבער עטוואָס אַ הייזעריגע. גערעדט האָט יענע פּויליש.

מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז מיר שווער צו רעדען פּויליש. ווער זענט איר?

יענע איז געבליבען שטיל. אַשטייגער ווי זי וואָלט זיך געכאַפּט, אַז זי מאַכט אַ טעות. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— איך בין טערעזאַ שקאָלניקאָוו. פון דער דלוגאַ גאַס.

— אַ, טערעזאַ שקאָלניקאָוו! דער מעדיום!...

— יאָ, דאָס בין איך.

— די באַדינערין האָט געזאָגט פּאַננאַ טערעזאַ און כ'האָב נישט געדענקט אַז דאָס זענט איר. פון וואַנען ווייסט איר מיין אַדרעס?

— מיין ברודער האָט אים אויפגעשריבען.

— איר וואונדערט זיך געוויס פאַרוואָס איך קום נישט צו די — ווי רופט איר דאָס? כ'בין געווען שטאַרק פאַרנומען. אַ חוץ דעם — זאָגט מיר בעסער פאַרוואָס איר טעלעפאָנירט. איז עפּעס געשעהן?

ווידער איז געוואָרען שטיל און מאַקס האָט געהאַט אַ געפיהל אַז יענע צעגערט זיך צי זי זאָל ווייטער רעדען, אָדער אוועקלייגען דאָס טרייבל. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— מיר וואונדערען זיך פאַרוואָס איר קומט מער נישט... איר האָט דאָ געזאָלט זיין נעכטען. מיר האָבען געוואַרט אויף אייך. מיר האָבען נעכטען געהאַט זעהר אַ געראָטענעם סעאַנס... אויסערגעוועהנליך! איינפאַך — איבערראַשענד... אייער זוהן האָט געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט אייך...

— מיין זוהן? אַ קאָנטאַקט?

— יאָ, ער האָט געפּרואווט זיך פאַרבינדען מיט אייך...

— אַ מינוט איידער איר האָט אָנגעקלונגען האָב איך געטראַכט פון אים און אויך פון אייך... כ'האָב בלויז נישט געדענקט אַז איר הייסט טערעזאַ —

— האַ? דאָס איז מערקווירדיג. געדאַנקען ווערען איבערגעגעבען. מיין ברודער האָט זיך געפרעגט אויף אייך. מיר האָבען אַלע געוואַרט —

— אפשר קאָן איך קומען היינט אין אָוונט? — האָט מאַקס געפרעגט.

— היינט האָבען מיר נישט קיין סעאַנס, אָבער איך וואָלט געוואָלט רעדען מיט אייך. כ'האָב וויכטיגע זאַכען אייך צו זאָגען און —

— קומט אפשר אַריבער אַהער. אפשר קאָן איך אייך פאַרבעטען אויף וועטשערע? איר זענט טאַקע אַ מיידל וואָס שפּאַרט־אָן אין די הימלען, אָבער עסען עסט איר אוודאי. אפילו משה רבנו האָט געגעסען —

— געוויס. כ'עס. אפילו יענע וואָס זענען אוועק פון אונז עסען, כאָטש דאָס איז אַן אַנדער סאָרט שפּייז ווי אונזערס —

— איר מיינט, די טויטע עסען? — האָט מאַקס געפרעגט.

— יאָ, ס'איז אַן אַנדער סאָרט שפּייז, אָבער —

— איכ'ל אייך געבען שפּייז פאַר לעבעדיגע, נישט פאַר טויטע — האָט מאַקס זיך גע'חכמה'ט, אַליין פאַר'חידוש'ט פון זיין האַפּערדיגער שטימונג.

ס'איז געוואָרען שטיל. דערנאָך האָט די פּאַננאַ טערעזאַ געפרעגט:

— וואו קאָנען מיר זיך טרעפען?

— אויב איר ווילט, ביי מיר אין האָטעל.

— אפשר אינדרויסען?

— איר קאָנט מיך טרעפען ביים האָטעל. איז אַכט אַזייגער פאַר אייך גוט?

— אַכט אַזייגער וועל איך זיין ביים האָטעל בריסטאָל.

— גוט, מיר'ן ערגיץ אַריינגעהן און שמועסען.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק. איכ'ל דאַרט זיין פּינקטליך. אַדיע!

— וואָס וויל זי? — האָט מאַקס גערעדט צו זיך אַליין.

ווי מאָדנע, נאָר כמעט יעדעס מאָל וואָס ס'האָט אים אויסגעוויזען אַז ער בלייבט שוין דעם טאָג אַליין, האָט אים עמיץ אָנגעקלונגען. ער האָט געהאַט אַ ביסל מורא פאַר דער דאָזיגער טערעזאַ. נו, אָבער ווי באַלד זי איז אַזאַ כישוף־מאַכערין און קאָן רעדען צו די טויטע, פאַרוואָס שרעקט זי זיך אַרויפצוקומען צו אים אין האָטעל?

— איכ'ל מיט איר קיין עסקים נישט אָנהויבען. אַזאַ פאַרשווינטע קאָן זיין געפערליך...

מאַקס האָט זיך אומגעקערט אין צימער. די שדים שפּילען מיט אים — קאָן דאָס זיין אַז ס'איז מיט יעדען איינעם אַזוי? אָדער האָט מען זיך פאַרלייגט בלויז אויף אים? ווי קומט עס וואָס אַנדערע מאַנסלייט לעבען אויס רוהיג מיט איין ווייב, מאַכען־חתונה קינדער, האָבען אייניקלעך און אים, מאַקס'ן, האַלט מען אין איין אונטערדרוקן אַלערליי טראַפּען? האָט עס צו טאָן מיט הימלישע כוחות?

— כ'מוז זי פרעגען וואָס דאָס איז. אויב זי האָט צו טאָן מיט יענע לייט, דאַרף זי וויסען...

מאַקס האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל און געבלאָזען קייקעלעך רויך. ער האָט געהאַט באַגעגענט אויף דער שיף אַ פאַרשוין וואָס האָט געזאָגט, אַז ער גלויבט נישט אין גאָט. ער האָט נישט געגעסען קיין פלייש, קיין פיש, בלויז פרוכטען און גרינסען. ער האָט נישט אָנגעטאָן קיין מאַנטל און קיין קאַפּעליוש אין די ערגסטע רעגענס און קעלטען. געוואוינט האָט ער אין מאָנטעווידעאָ. ער האָט דערצעהלט מאַקס'ן, אַז ער באָדט זיך יעדען טאָג אין ים און אַז ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געלעבט מיט קיין פרוי. ער האָט געהאַט לאַנגע האָר ביז די אַקסלען און אַ ווילדע באָרד. אויפ'ן גאַנצען וועג האָט ער איינגע'טענה'ט מיט מאַקס'ן, אַז ס'איז נישטאָ קיין גאָט, קיין מלאכים, קיין שדים. אַלץ איז נאַטור. ער איז געפאָרען קיין לאָנדאָן אויף עפּעס אַ קאָנפערענץ פון די דאָזיגע לייט און צו שרייבען אין זייער'ס אַ צייטונג. מאַקס האָט צוליב עפּעס זיך איצט דערמאָנט אָן אים.

אויב אַלץ איז נאַטור, פאַרוואָס פירט די נאַטור מיט אים, מאַקס'ן, אַזוינע שטיק? נו, און ווער האָט באַשאַפען די וועלט? ווער האָט אָנגעגאָסען אַזוי פיל וואַסער אין ים? ווער האָט אוועקגעלייגט די פעלזען אויף די בערג? און פאַרוואָס קלאַפּט דאָס האַרץ? קאָן איין נאַטור אַכטונג טאָן אַז מיליאָנען מיליאָסען הערצער זאָלען קלאַפּען צוזאַמען?

מאַקס האָט דערהערט קלינגען דעם טעלעפאָן אין קאָרידאָר און ער האָט געוואוסט מיט עפּעס אַ כוח (וואָס קאָן נישט זיין נאַטור), אַז ס'איז צו אים. אַ ווייל האָט אויסגעוויזען אַז ער האָט דאָסמאָל געמאַכט אַ טעות. קיינער האָט נישט אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר. באַלד האָט מען יאָ אָנגעקלאַפּט.

די באַדינערין האָט אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז צו אייך.

— ווער איז דאָס, האַ?

— אַ פרוי.

— כ'האָב געבעטען מ'זאָל פרעגען דעם נאָמען.

— כ'קאָן געהן און פרעגען.

— נו, איכ'ל שוין צוגעהן.

מאַקס האָט זיך אויפגעהויבען. ער האָט געפרעגט ווער דאָס איז און ס'האָט געענטפערט רייזל קאַרק. זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— מאַקס, שמואל האָט געקראַגען די אַפּאָפּלעקציע!

— טויט?

— ניין, ער לעבט. מ'האָט אים געבראַכט קיין וואַרשע. ער האָט זיך געהייסען פירען צו מיר.

— אויב אַזוי, זענען אַלע אונזערע פּלענער אויס —

— מוזסט האָבען געדולד.

— ער רעדט, האַ?

— יאָ, ער האָט זיך אפילו געפרעגט אויף דיר. מ'האָט אים געוואָלט נעמען אין שפּיטאָל, אָבער ער וויל נישט געהן אין שפּיטאָל. אויב שטאַרבען, האָט ער געזאָגט, איז דאָ, ביי מיר. דער דאָקטאָר איז ערשט אוועק. כ'האָב שוין געהאַט יענעם טאָג! דאָס מויל האָט זיך אים אויסגעקרימט. מ'פאַרשטעהט קוים וואָס ער רעדט. מאַקס, ס'איז נישט דער אייגענער שמואל!

— ער האָט דאָך אַ ווייב.

— זי איז אין מיכאַלין אויף [illegible]טשע. מאַקס, כ'וויל זאָלסט אַ[illegible]בערקומען.

— ווען? נישט היינט.

— וואָס טוסטו היינט? גוט, קום מאָרגען. אויף אַזאַ מאַלעיר האָב יאָך מיך ניש' גערעכט (גע[illegible]ריכט). מ'האָט אפילו ניש' טע[illegible]פאָנירט. מ'האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. כ'עפען אויף און [illegible] פאַרשוין טראָגען אַ בעט און [illegible] נעוועניג ליגט שמואל. אַז כ'בין ניש' אוועקגעשטאַרבען פון שרעק, וועל יאָר שוין לעבען אייביג...

(ווייטערס — מאָרגען)

---

קוקט אויס, איז דער געדאַנק פון איין רעליגיעזען פראָנט נאָך אַלץ אַ חלום.

אפשר, אפשר, וועט מען פאַר די קומענדע וואַהלען פּראָבירען רעד[illegible] וועגען אַ רעליגיעזען בלאָק.

נאָר אויך וועגען אַ „רעליגיעזען בלאָק", ווען עס וועט האַלטן דערביי, וועלען נאָך זיין גרופען, סיי אין הפועל המזרחי און סיי אין דער אגודת ישראל, וואָס וועלען אפילו צו דעם ניט דערלאָזען. די „למפנה" גרופע פון הפועל המזרחי וועט שטערען פון איין זייט, און די עקסטרעמע גרופען פון דער אגודה וועלען אוודאי שטערען פון דער צווייטער זייט. און דאָס זיינען ניט קיין השערות.

און דערביי דערמאָנט זיך מיר אַזאַ בילד:

ס'איז געווען אין די צייטען פון דער צווייטער מלחמה, אָדער, אפשר באַלד נאָך דער מלחמה, און ר' איטשע מאיר לעווין, דער פירער פון וואַרשאַווער אגודה (היינט דער פירער פון אגודה אין ישראל) איז געווען דאַן צוגאַסט אין אַמעריקע. הרב לעווין איז דאַן אויפגעטראָטען פאַר אַ גרויסער מאַסען־פאַרזאַמלונג אין ניו יאָרק.

דער חשוב'ער גאַסט האָט [illegible] אַזוי געפרעגט, מיט אַ שטאַ[illegible] „פאַרוואָס?":

— פאַרוואָס האָבן מיר אין וואַרשעווער געטאָ געקאָנט זיין אַלע פאַראייניגט?

און ער האָט אַזוי געשילדערט:

„אין די געטאָ רייען, פאַר אַ שטיקעל ברויט, זיינען מיר אַלע געשטאַנען צוזאַמען: אַגודיסט, ציוניסט, בונדיסט, און ווער ניט [illegible] — טאָ, פאַרוואָס קאָנען מיר היינט, אין רוהיגע טעג, ניט געפינען קיין געמיינזאַמע שפּראַך?"

און דאָס זעלביגע קאָן מען איצט ווידער פרעגען:

פאַרוואָס האָבן אַלע אידען, די רעליגיעזע פאַרטייען אַריינגערעכנט, געקאָנט זיין פאַראייניגט אין די פאַרגאַנגענע מלחמה־טעג, און פאַרוואָס קאָנען, לכל הפחות, די רעליגיעזע אידען זיך ניט פאַראייניגען כאָטש איצט?

אויב די אַרבעטער פאַרטייען, וואָס האָבען אויך „חשבונות" צ[illegible]שען זיך, קאָנען זיך פאַראיי[illegible] טאָ פאַרוואָס זאָלען די פרומע פּ[illegible]טייען, ביי וועמען עס עקזיסטיר[illegible] איין תורה, מיט איין שולחן ערוך — פאַרוואָס זאָלען זיי זיך ניט קאָנען פאַראייניגען?

אָט די פראַגע פרעגען כסדר אַלע אומפּאַרטייאישע פרומע אידען פון אַמעריקע.

... קוקט אויס, איז דער געדאַנק פון איין רעליגיעזן פראָנט נאָך אַלץ אַ חלום.

אפשר, אפשר, וועט מען פאַר די קומענדע וואַהלען פּרובירן רעד... וועגן אַ רעליגיעזן בלאָק.

נאָר אויך וועגן אַ „רעליגיעזן בלאָק", ווען עס וועט האַלטן דער־ביי, וועלען נאָך זיין גרופּען, סיי אין הפועל המזרחי און סיי אין דער אגודת ישראל, וואָס וועלען אפילו צו דעם ניט דערלאָזן... די „למפּנה" גרופּע פון הפועל המזרחי וועט שטערן פון איין זייט... די עקסטרעמע גרופּען פון דער אגודה וועלען אוודאי שטערן ... דער צווייטער זייט. און דאָס ...נען ניט קיין השערות.

און דערביי דערמאָנט זיך מיר אַזאַ בילד:

ס'איז געווען אין די צייטען פון דער צווייטער מלחמה, אָדער, אפשר באַלד נאָך דער מלחמה, און ר' איטשע מאיר לעווין, דער פירער פון וואַרשאַווער אגודה (היינט דער פירער פון אגודה אין ישראל) איז געווען דאַן צו גאַסט אין אַמעריקע. הרב לעווין איז דאַן אויפגעטראָטן פאַר אַ גרויסער מאַסן־פאַרזאַמלונג אין ניו יאָרק.

דער חשוב'ער גאַסט האָט ... אַזוי געפרעגט, מיט אַ שטאַ... „פאַרוואָס":

— פאַרוואָס האָבן מיר אין וואַרשעווער געטאָ געקאָנט זיין אַלע פאַראייניגט?

און ער האָט אַזוי געשילדערט:

„אין די געטאָ רייען, פאַר ... שטיקעל ברויט, זיינען מיר אַל... געשטאַנען צוזאַמען: אגודיסט... ציוניסט, בונדיסט, און ווער ניט... — טאָ, פאַרוואָס קאָנען מיר היינט, אין רוהיגע טעג, ניט געפינען קיין געמיינזאַמע שפּראַך?"

און דאָס זעלביגע קאָן מען איצט ווידער פרעגן:

פאַרוואָס האָבן אַלע אידען, די רעליגיעזע פּאַרטייען אריינגערעכנט, געקאָנט זיין פאַראייניגט אין די פאַרגאַנגענע מלחמה־טעג, און פאַרוואָס קאָנען, לכל הפחות, די רעליגיעזע אידען זיך ניט פאַראייניגען כאָטש איצט?

אויב די אַרבעטער פּאַרטייען, וואָס האָבן אויך „חשבונות" צ... שען זיך, קאָנען זיך פאַראייני... טאָ פאַרוואָס זאָלען די פרומע פּ... טייען, ביי וועמען עס עקזיסטיר... איין תורה, מיט איין שולחן ערוך — פאַרוואָס זאָלען זיי זיך ניט קאָנען פאַראייניגען?

אָט די פראַגע פרעגען כסדר אַלע אומפּאַרטייאישע פרומע אידען פון אַמעריקע.

---

# שווים

## נאָוועלע

פון
יצחק וואַרשאַווסקי

(פאָרזעצונג)

### 2

מאַקס באַראַבאַנדער האָט געהאַט זיך אומגעקערט אין האָטעל בריסטאָל. ער האָט געוואָלט וואַרטען דאָרט ביז רייזל קאַרק וועט אים אָפּגעבען דעם פּאַס און אפשר אַ פאַר אַנדערע פּעסער פאַר אַ צולאַג. רייזל האָט צוגעזאָגט, אַז דער מאַכער אידער וועט זיך צואיילען.

אַזוי ווי רייזל האָט געוואָלט אין איילעניש אויספּאַרקויפען די זאַכען אין איר דירה און אַרויפבריינגען סמלנים אָפּצוקויפען די בעבעכעס, האָט זי נישט געהאַט באַשטעלט מיט מאַקס'ן קיין באַגעגעניש. אַלץ האָט געמוזט געטאָן ווערען אינדערגיך, איידער שמואל סמעטענע קערט זיך אום פון לאָדזש.

מאַקס האָט לעצטענס אויסגעמיטען די קראַכמאַלנע. ער איז געגאַנגען אַהיים דורך דער ציפּעלע. ער האָט געהאַט געוואָלט טרעפען באַשע'ן מיטוואָך, אָבער רייזל האָט געהאַט צו וויסען געטאָן באַשע'ן אַז מאַקס וועט זיין פאַרנומען. רייזל קאַרק האָט אַלץ געוואָלט גע־מען אין די אייגענע הענט. זי האָט גע'טענה'ט צו מאַקס'ן:

— וואָס יאָכ'ל הייסן וועסט די טאָן. כ'על דיך אסור נישט באַ־עוולה'ן...

געהענדיג איבער דער גזשיבאָוו־סקע גאַס האָט מאַקס צו זיך גע־רעדט: גענוג געטראָגען דעם עול. זאָל זי, רייזל, זיין דער גענעראַל. איכ'ל זיין אַ פּשוט'ער זעלנער. זאָל זי קאָמאַנדעווען...

נאָך צוויי יאָר זיין שטענדיג אָנ־געצויגען, לויפען פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען, כסדר אויספּראָווען די כוחות, זוכען רפואות, האָט מאַקס זיך איצט געפילט ווי עמי'ץ וואָס קערט זיך אום פון שפּיטאָל נאָך אַ לאַנגער שלאַפקייט. ער האָט געהאַט געמאַכט אַ ביטערען טעות מיט דער צירעלע'ן, אָבער ער האָט געהאָפט, אַז זי וועט אים מער נישט באַלעסטיגען. רייזל קאַרק איז גערעכט: ער דאַרף נישט קריכען אין די הויכע פענסטער. געהאָלפען האָט אים נישט צירעלע, נאָר באַ־שע, אַ מויד וואָס רייזל האָט אים צוגעשטעלט...

דער טאָג איז געווען אַ וואַרי־מער, אָבער נישט קיין הייסער. מאַקס איז געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט דער לייכטקייט פון יענע וואָס האָבען גאָרנישט וואָס צו טאָן.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם געביי פון דער אידישער קהילה. אַ בינטל אַרימעלייט איז גע־שטאַנען ביי דער טיר. מ'האָט זיי נישט געלאָזט אַריינגעהן און זיי האָבען געשאָלטען די פּרנסים און דעם שמש. מאַקס האָט אַרויסגענו־מען אַ הויפען קליינגעלט, זיי גע־טיילט נדבה'ס. די קבצנים האָבען צוגענומען דאָס מינץ און ווייטער געשאָלטען.

מאַקס איז אַרויס אויפ'ן גזשי־באָוו. אין דער קירך האָבען געקלונ־גען די גלאָקען. מ'האָט אַרויסגע־פירט אַ טויטען, די טרומנע באַ־דעקט מיט קראַנצען. ס'זענען נאָכ־געגאַנגען פרויען איינגעהילט אין שוואַרצען, די פּנים'ער פאַרדעקט מיט געדיכטע שלייערס. וואָס האָט ער זיך גראַד אויסגעקליבען צו שטאַרבען איצט? — האָט מאַקס געטראַכט האַלב־שפּילעוודיג האַלב־ערנסט.

ער האָט אַ קלער געטאָן וועגען זיין אייגענער לויה. אין איינעם אַ טאָג וועט מען אים פירען (אויב ער וועט נישט איינזינקען אין ים, אָדער פּגר'ן אין אַ קרימינאַל). עמי'ץ וועט אפשר נאָכגעהן. ווער וועט דאָס זיין? ראַשעל? רייזל קאַרק? אפשר גאָר עמי'ץ וואָס ער, מאַקס, קען נאָך איצט נישט און וואָס קען אים נישט? פרעמדע ווערען מיטאָמאָל היימיש. בערך מיט אַ וואָך צוריק האָט ער נאָך נישט געוואוסט אַז ס'איז דאָ אַ רייזל קאַרק אויף דער וועלט. איצט האָט זי איבערגענו־מען זיינע עסקים.

מאַקס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קאָנדיטאָריי. כאָטש ער איז נישט הונגעריג, האָט דער גערוך פון לעקער, קאַווע, קאַקאַאָ אויפ־געוועקט אין אים אַ פאַרלאַנג צו עסען. ער האָט זיך פונדעסטוועגען געצווימט. אויב כ'על זיך איצט ווי־דער אָנפרעסען, וועל איך קאַליע מאַכען דעם אַפּעטיט צו מיטאָג...

אין פּאָדערזאַל פון האָטעל האָט מען מאַקס'ן דערלאַנגט אַ בריוו מיט אַ סך סטעמפּלען און מיט מאַרקעס פון אַרגענטינע. ראַשעל האָט אים געהאַט געשיקט קיין פּאַ־ריז און מ'האָט פון דאָרט איבער־געשיקט דעם בריוו אַהער. דער בריוו האָט געהאַט אַ דאַטע פון זעקס וואָכען צוריק. ראַשעל האָט געשריבען „קאַטשערעס און לאָפּאַ־טעס". מאַקס האָט געלייענט און רעכט נישט געוואוסט וואָס זי וויל, אָבער איין זאַך איז קלאָר: זי איז אין כעס. זי האָט אפילו דערמאָנט דאָס וואָרט גט.

ווען ראַשעל האָט חתונה געהאַט מיט אים, מאַקס'ן, האָט זי אינגאַנ־צען נישט געקאָנט לייענען און שרייבען. זי האָט שפּעטער געדונ־גען אַ לעהרער און גענומען ביי אים עטליכע יאָר ציים לעקציעס, אָבער מער ווי אָנשרייבען אַן אַדרעס און אָנפּאַטשקען אַ קודערוועלש פון אידישע און שפּאַנישע ווערטער וואָס האָבען זיך נישט געקלעבט איינס מיט דעם אַנדערען, האָט זי נישט געקאָנט. אין פאַרגלייך מיט ראַשעל'ן איז ער, מאַקס, אַ גאַנצער שרייבער. מ'האָט אים געהאַט גע־לערענט שרייבען אין ראַשקעוו. ער האָט זיך געלערענט פון לייענען ציימונגען, ביכלעך. ער האָט אויפ־געכאַפּט הייניטיג־מאָדישע ווער־טער פון פּיעסען אין אידישען טעאַ־טער און פון רעדנערס. ער האָט אפילו שוין געהאַט גענומען אַ וואָרט אויף אַ פאַרזאַמלונג אין דער חברה קדישא.

פון איבערלייענען נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל ראַשעל'ס בריוו האָט מאַקס זיך דערוואוסט, אַז ראַשעל ליידט פון דער עקזעמאַ וואָס פּיי־ניגט זי שוין עטליכע יאָר, האָט צרות מיט דער שפּאַנישער דינסט ראָסיטאַ, וואָס איז געוואָרען לעצ־טענס באַזונדערס פויל און אַז אין בוענאָס איירעס רעגענט און ס'איז קאַלט. ווען קומט ער, מאַקס, צוריק אַהיים?...

— יאָ, ווען? און צו וואָס? — האָט מאַקס זיך אַליין געפרעגט.

ס'איז אמת, אַז די דאָזיגע רייזע האָט אים געקאָסט היבשע געלטער. ער האָט אפשר אויך פאַרלירען געלט דערפון וואָס ער איז נישט אין בוענאָס איירעס. אָבער וואָס קומט אַרויס פון געלט ווען מ'האָט נישט די ריכטיגע פּנוי און די נער־ווען זענען צעשרויפט? אויב רייזל קאַרק ווייסט וואָס זי רעדט און קאָן אים באמת צושטעלען אַ כאַפּטע מוידען וואָס זאָלען מיטפאָרען מיט אים, קאָן ער זיך אויסשלאָגען אַלע הוצאות און ס'זאָל אים נאָך בלייבען אַן אַפּותיקי...

עטליכע ווערטער אין דעם בריוו האָט מאַקס אינגאַנצען נישט גע־קאָנט איבערלייענען. אַ חוץ דעם וואָס זיי זענען אויסטערליש פאַר־פּלאָנטערט, געשריבען מיט אותיות וואָס נישט זיי זענען אידיש, נישט גוי'איש, זענען זיי פאַרמעקט און עפּעס ווי פאַרפלעקט. מאַקס האָט שוין געהאַט באַשלאָסען אַז ס'איז נישט וויכטיג, אָבער ער האָט נאָך אַ ווייל ווידער גענומען דאָס ביי־געלע פּאַפּיר און פּונסניי גע־פּרוּווט דערגעהן אַ מאַלק.

מיטאַמאָל האָט ער איבערגע־לייענט דאָס וואָרט „אַניווערסאַר" און אין איין רגע האָט מאַקס גע־וואוסט דעם גאַנצען זאַך: ס'פאַלט־אויס אַרטוראָ'ס יאָרצייט.

— גאָט אין הימל, ווי האָב איך געקאָנט דערין פאַרגעסען?!

יאָ, מיט דריי וואָכען צוריק איז געוואָרען צוויי יאָר ווי אַרטוראָ איז געשטאָרבען...

מאַקס איז געזעסען אַ פאַרשווי־גענער. אַרטוראָ פוילט אין דער ערד און ער, דער טאַטע, פאָרט אַרום זוכען פאַרגעניגענס. אפשר פאַסטען היינט? — איז אים איינ־געפאַלען. נו, אָבער ווער וועט גע־ווינען פון זיין תענית? גאָט?

מאַקס האָט זיך איצט דערמאָנט אָן דעם סעאַנס ביי שקאָלניקאָוו'ן. ניין, ס'איז נישט געווען אַרטוראָ. אַרטוראָ האָט נישט געקאָנט קיין וואָרט פויליש. אָבער דאַך האָט ער, מאַקס, געהאַט די אויסדוכטע־ניש אַז ער הערט אַרטוראָ'ס קול. נו, און די רייד זייבע, אַז ער איז נישט אַליין אויף יענער־וועלט, האָט באַגעגענט זיידע־באָבע...

אין איין רגע האָט מאַקס אָנ־גענומען אַ באַשלוס: ער טאָר מער נישט אָפּלייגען די נסיעה קיין ראַש־קעוו. ער האָט גלייך געדאַרפט פאָ־רען אַהין ווי נאָר ער איז אָנגעקו־מען קיין פוילען. אָבער עפּעס האָט ער געהאַלטען אין איין פאַרגעסען. ער האָט איינפאַך מורא זיך צוצור־רירען צו דער דאָזיגער שטאָט, וואו ער האָט נאָהענטע סיי אויפ'ן בית־עולם און סיי צווישען די לעבעדיגע.

ווי אַזוי קאָן אַ מענטש זיין אַזוי געמיין, אַזוי אַריינגעטאָן אין זיך? ווי רופען זיי דאָס? עגאָאיסטיש. דער ערגסטער באַנדיט וואָלט נישט געהאַנדעלט אַזוי ווי ער. אפילו אַפּאַשען און גזלנים האָבען אַ גע־פיהל פאַר קרובים.

— כ'בין אינגאַנצען אַן אויס־וואָורף! — האָט מאַקס צו זיך גע־זאָגט.

מאַקס האָט געהאַט געגעבען אַ באַפעהל דער דינערשאַפט, אַז אויב מ'וועט אים רופען צום טעלעפאָן, זאָל מען פרעגען דעם נאָמען. מען האָט איצט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. אַ באַדינערין איז אַריין און געזאָגט:

— מ'רופט דעם פּאַן צום טע־לעפאָן.

— ווער איז דאָס?

— אַ פּאַננאַ טערעזאַ.

טערעזאַ? מאַקס האָט נישט גע־דענקט ער זאָל האָבען באַגעגענט אין וואַרשע אַ פרוי מיט'ן נאָמען טערעזאַ.

— ס'מוז זיין אַ טעות — האָט ער געזאָגט.

ער איז פונדעסטוועגען אויפגע־שטאַנען, איז אַרויס אין קאָרידאָר צום טעלעפאָן. ער האָט דערהערט אַ קול וואָס האָט געקלונגען סיי היימיש און סיי פרעמד. די שטים איז געווען אַ יונגע, אָבער עטוואָס אַ הייזעריגע. גערעדט האָט יענע פויליש.

מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז מיר שווער צו רעדען פויליש. ווער זענט איר?

יענע איז געבליבן שטיל, אַשטייגער ווי זי וואָלט זיך געכאַפּט, אַז זי מאַכט אַ טעות. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— איך בין טערעזאַ שקאָלניקאָוו. פון דער דלוגאַ גאַס.

— אַ, טערעזאַ שקאָלניקאָוו! דער מעדיום!...

— יאָ, דאָס בין איך.

— די באַדינערין האָט געזאָגט פּאַננאַ טערעזאַ און כ'האָב נישט געדענקט אַז דאָס זענט איר. פון וואַנען ווייסט איר מיין אַדרעס?

— מיין ברודער האָט אים אויפ־געשריבען.

— איר וואונדערט זיך געוויס פאַרוואָס איך קום נישט צו די — ווי רופט איר דאָס? כ'בין געווען שטאַרק פאַרנומען. אַ חוץ דעם — זאָגט מיר בעסער פאַרוואָס איר טע־לעפאָנירט. איז עפּעס געשען?

ווידער איז געוואָרען שטיל און מאַקס האָט געהאַט אַ געפיהל אַז יענע צעגערט זיך צי זי זאָל ווייטער רעדען, אָדער אָפּלייגן דאָס טרייבל. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— מיר וואונדערען זיך פאַר־וואָס איר קומט מער נישט... איר האָט דאָ געזאָלט זיין נעכטען. מיר האָבען געוואַרט אויף אייך. מיר האָבען נעכטען געהאַט זעהר אַ גע־ראָטענעם סעאַנס... אויסערגע־וועהנליך! איינפאַך — איבעררא־שענד... אייער זוהן האָט געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט אייך...

— מיין זוהן? אַ קאָנטאַקט?

— יאָ, ער האָט געפּרוּווט זיך פאַרבינדען מיט אייך...

— אַ מינוט איידער איר האָט אָנגעקלונגען האָב איך געטראַכט פון אים און אויך פון אייך... כ'האָב בלויז נישט געדענקט אַז איר הייסט טערעזאַ —

— האַ? דאָס איז מערקווירדיג. געדאַנקען ווערען איבערגעגעבען. מיין ברודער האָט זיך געפרעגט אויף אייך. מיר האָבען אַלע גע־וואַרט —

— אפשר קאָן איך קומען היינט אין אָוונט? — האָט מאַקס גע־פרעגט.

— היינט האָבען מיר נישט קיין סעאַנס, אָבער איך וואָלט געוואָלט רעדען מיט אייך. כ'האָב וויכטיגע זאַכען אייך צו זאָגען און —

— קומט אפשר אַריבער אַהער. אפשר קאָן איך אייך פאַרבעטען אויף וועטשערע? איר זענט טאַקע אַ מיידל וואָס שפּאַרט־אַן אין די הימלען, אָבער עסען עסט איר אוודאי. אפילו משה רבנו האָט גע־געסען —

— געוויס. כ'עס. אפילו יענע וואָס זענען אַוועק פון אונז עסען, כאָטש דאָס איז אַן אַנדער סאָרט שפּייז ווי אונזערס —

— איר מיינט, די טויטע עסען? — האָט מאַקס געפרעגט.

— יאָ, ס'איז אַן אַנדער סאָרט שפּייז, אָבער —

— איכ'ל אייך געבען שפּייז פאַר לעבעדיגע, נישט פאַר טויטע — האָט מאַקס זיך גע'חכמה'ט, אַליין פאַר'חידוש'ט פון זיין האַ־פּערדיגער שטימונג.

ס'איז געוואָרען שטיל. דערנאָך האָט די פּאַננאַ טערעזאַ געפרעגט:

— וואו קאָנען מיר זיך טרעפען?

— אויב איר ווילט, ביי מיר אין האָטעל.

— אפשר אינדרויסען?

— איר קאָנט מיך טרעפען ביים האָטעל. איז אַכט אַזייגער פאַר אייך גוט?

— אַכט אַזייגער וועל איך זיין ביים האָטעל בריסטאָל.

— גוט, מיר'ן ערגיץ אַריינגעהן און שמועסען.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק. איכ'ל דאָרט זיין פּינקטליך. אַדיע!

— וואָס וויל זי? — האָט מאַקס געטענה'ט צו זיך אַליין.

ווי מאָדנע, נאָר כמעט יעדעס מאָל וואָס ס'האָט אים אויסגעווי־זען אַז ער בלייבט שוין דעם טאָג אַליין, האָט אים עמי'ץ אָנגעקלונ־גען. ער האָט געהאַט אַ ביסל מורא פאַר דער דאָזיגער טערעזאַ. נו, אָבער ווי באַלד זי איז אַזאַ כישוף־מאַכערין און קאָן רעדען צו די טוי־טע, פאַרוואָס שרעקט זי זיך אַרויפ־צוקומען צו אים אין האָטעל?

— איכ'ל מיט איר קיין עסקים נישט אָנהויבען. אַזאַ פאַרשווינטע קאָן זיין געפערליך...

מאַקס האָט זיך אומגעקערט אין צימער. די שדים שפּילען מיט אים — קאָן דאָס זיין אַז ס'איז מיט יע־דען איינעם אַזוי? אָדער האָט מען זיך פאַרלייגט בלויז אויף אים? ווי קומט עס וואָס אַנדערע מאַנסלייט לעבען אויס רוהיג מיט איין ווייב, מאַכען־חתונה קינדער, האָבען איי־ניקלעך און אים, מאַקס'ן, האַלט מען אין איין אונטערדרוקן אַלערליי טראַפּען? האָט עס צו טאָן מיט הימלישע כוחות?

— כ'מוז זי פרעגען וואָס דאָס איז. אויב זי האָט צו טאָן מיט יע־נע לייט, דאַרף זי וויסען...

מאַקס האָט פאַררויכערט אַ פּאַ־פּיראָס. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל און געבלאָזען קיי־קעלעך רויך. ער האָט געהאַט באַ־געגענט אויף דער שיף אַ פאַרשוין וואָס האָט געזאָגט, אַז ער גלויבט נישט אין גאָט. ער האָט נישט גע־געסען קיין פלייש, קיין פיש, בלויז פרוכטען און גרינסען. ער האָט נישט אָנגעטאָן קיין מאַנטל און קיין קאַפּעליוש אין די ערגסטע רע־גענס און קעלטען. געוואוינט האָט ער אין מאָנטעווידעאָ. ער האָט דערצעהלט מאַקס'ן, אַז ער באָדט זיך יעדען טאָג אין ים און אַז ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געלעבט מיט קיין פרוי. ער האָט געהאַט לאַנגע האָר ביז די אַקסלען און אַ ווילדע באָרד. אויפ'ן גאַנצען וועג האָט ער איינגע'טענה'ט מיט מאַקס'ן, אַז ס'איז נישטאָ קיין גאָט, קיין מלאכים, קיין שדים. אַלץ איז נאַטור. ער איז געפאָרען קיין לאָנ־דאָן אויף עפּעס אַ קאָנפערענץ פון די דאָזיגע לייט און צו שרייבען אין זייער'ס אַ צייטונג. מאַקס האָט צוליב עפּעס זיך איצט דערמאָנט אָן אים.

אויב אַלץ איז נאַטור, פאַרוואָס פירט די נאַטור מיט אים, מאַקס'ן, אַזוינע שטיק? נו, און ווער האָט באַשאַפען די וועלט? ווער האָט אָנ־געגאָסען אַזוי פיל וואַסער אין ים? ווער האָט אַוועקגעלייגט די פעלזען אויף די בערג? און פאַרוואָס קלאַפּט דאָס האַרץ? קאָן איין נאַ־טור אַכטונג טאָן אַז מיליאָנען מי־ליאָסען הערצער זאָלען קלאַפּען צו־זאַמען?

מאַקס האָט דערהערט קלינגען דעם טעלעפאָן אין קאָרידאָר און ער האָט געוואוסט מיט עפּעס אַ כוח (וואָס קאָן נישט זיין נאַטור), אַז ס'איז צו אים. אַ ווייל האָט אויס־געוויזען אַז ער האָט דאָסמאָל גע־מאַכט אַ טעות. קיינער האָט נישט אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר. באַלד האָט מען יאָ אָנגעקלאַפּט.

די באַדינערין האָט אַ זאָג גע־טאָן:

— ס'איז צו אייך.

— ווער איז דאָס, האַ?

— אַ פרוי.

— כ'האָב געבעטען מ'זאָל פרע־גען דעם נאָמען.

— כ'קאָן געהן און פרעגען.

— נו, איכ'ל שוין צוגעהן.

מאַקס האָט זיך אויפגעהויבען. ער האָט געפרעגט ווער דאָס איז און ס'האָט געענטפערט רייזל קאַרק. זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— מאַקס, שמואל האָט געקראַ־גען די אַפּאָפּלעקציע!

— טויט?

— ניין, ער לעבט. מ'האָט אים געברענגט קיין וואַרשע. ער האָט זיך געהייסען פירען צו מיר.

— אויב אַזוי, זענען אַלע אונ־זערע פּלענער אויס —

— מוזסט האָבען געדולד.

— ער רעדט, האַ?

— יאָ, ער האָט זיך אפילו גע־פרעגט אויף דיר. מ'האָט אים גע־וואָלט נעמען אין שפּיטאָל, אָבער ער וויל נישט געהן אין שפּיטאָל. אויב שטאַרבען, האָט ער געזאָגט, איז דאָ, ביי מיר. דער דאָקטאָר איז ערשט אַוועק. כ'האָב שוין געהאַט יענעם טאָג! דאָס מויל האָט זיך אים אויסגעקרימט. מ'פאַרשטעהט קוים וואָס ער רעדט. מאַקס, ס'איז נישט דער אייגענער שמואל!

— ער האָט דאָך אַ ווייב.

— זי איז אין מיכאַלין אויף ... טשע. מאַקס, כ'וויל זאָלסט ... בערקומען.

— ווען? נישט היינט.

— וואָס טוסטו היינט? גוט, קום מאָרגען. אויף אַזאַ מאַלעיר האָב יאָך מיך ניש' גערעכט (גע־ריכט). מ'האָט אפילו ניש' טע... פאָנירט. מ'האָט אָנגעקלאַפּט דער טיר. כ'עפען אויף אַ... פאַרשוין טראָגען אַ בעט און ... נעווענונג ליגט שמואל. אַז כ'בי... ניש' אַוועקגעשטאָרבען פון שרעק, וועל יאָך שוין לעבען אייביג...

(ווייטערס — מאָרגען)

# שוים

## נאָוועלע

פון יצחק ווארשאווסקי

(פארזעצונג)

3

מאקס האט געהאט חשק צו געהן עסען מיטאג אויף דער קראכמאלנע; אויסער דעם דאזיגען געסל איז אים די שטאט פרעמד. אבער ס'האט נישט געהאט קיין זין זיך דארט צו ווייזען. ער האט שוין דארט געהאט אפגעטאן שלעכטע מעשים. מ'האט אים שוין דארט געהאלטען פאר א שווינדלער, א פארפירער. ס'האט אים איצט באנג געטאן פארוואס ער האט נישט איינגעלאדען טערעזא'ן צו מיטאג, אבער ס'איז שוין צו־שפעט צו ענדערען.

— כ'בין פארשאלטען צו זיין אליין, — האט מאקס צו זיך גערעדט. — כ'זאל אפילו האבען טויזענט ווייבער, ווי שלמה המלך, וועל איך אלץ זיך ארומשלענדערען איינער אליין...

ער איז געגאנגען מיט דער נייער וועלט, ביז ער איז צוגעקומען צו א רעסטאראן. ער האט באשטעלט א „קאפושניאק", א קרויט־זופ, און א ווינער שניצל.

נו, איז שוין שמואל סמעטענע אויך א קדוש. געקראגען די אפאפלעקציע. האט דאס גאט געטאן איבער אים, מאקס'ן, אז רייזל זאל נישט קענען פארען מיט אים? האט עמיץ צו וויסען געטאן שמואל'ן אז די געליבטע איז אים נישט געטריי און דאס האט אים דער'הרג'עט? ס'איז גארנישט געבליבען א חוץ צו עסען דאס גוי'אישע קרויט (אוודאי באשמאלצען מיט חזיר־פעטס) און זיך צו גריבלען אין אייגענעם מזל.

— זי זאל מיר נאר צוריקגעבען דעם פאס. זי קאן אמאל פארהאלטען מיין פאס. ווער ווייסט אויף וואס אזא שלוי שטיק איז קאפאבל! רייזל קארק האט אים געהאט צוגעשאנצט באשע'ן, אבער איצט האט זי אים אפגעריסען פון דער מויד. צירעלע'ן האט ער געהאט געוואונען און אנגעוואוירען צווישען יא און ניין. ער איז איצט ווידער וואס ער איז געווען ביים אנקומען; א פרעמדער אין א גרויסער שטאט. אמת איז, אז ער איז געבליבען א פרעמדער אפילו אין בוענאס איירעס. זינט ארטורא איז געשטארבען האבען מענטשען זיך פון אים אפגעקערט, נישט אפען, נאר שטילערהייט, א שטייגער ווי זיי וואלטען מורא געהאט ער זאל זיי נישט אנשטעקען מיט זיין שלים־מזל. דער טעלעפאן האט אויפגעהערט קלינגען אין זיין דירה. ווען ער, מאקס, האט עמיצען אנגעקלונגען, איז יענער נישט געווען אין דער היים. ער איז אריין אין א רעסטאראן וואו ער פלעגט אלעמאל טרעפען היימישע, אבער ער איז אפגעזעסען שעה'ען און קיין איין גוטער־ברודער איז נישט אריינגעקומען... א פוסטקייט האט זיך געשאפען ארום אים און ער האט זי נישט געקאנט בייקומען. זי איז אים נאכגעפארען קיין לאנדאן, קיין פאריז, קיין בערלין. זי איז מיט אים איצט ווידער אין ווארשע. ראשקעוו? יא, ער וועט נאך מוזן אויספראוווען ראשקעוו...

מאקס האט געהאט געקויפט אינדערפרי א אידישע צייטונג און ער האט זי איצט אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש, אבער ער האט גלייך דערהערט א ברומעניש, א מרוקעניש. די פאלאקען וואס האבען דא געגעסען האבען גענומעןווארפען אויף אים בייזע בליקען. ער האט דערהערט דאס ווארט „זשיד". יא, ביים טייערען איד איז ער, מאקס, א גוי, אבער ביי די דאזיגע ערלים איז ער א איד. דאס אידישע בלאט איז זיי גרויס אין די אויגען. זאל זיי די גאל פלאצען, האט מאקס באשלאסען. איך בין נישט קיין הייגער, נאר אן אמעריקאנער. מיר קאנען זיי גארנישט טאן...

מאקס'ן האט אנגענומען א ליבשאפט צו דעם אידישען גאזעט. מ'האט דארט געשריבען וועגען אידען, דער אידישער לאגע. די שרייבער האבען געמאכט אש־און־פארעד פון די אנטיסעמיטען. מ'האט אפילו געגעבען שפאסיגע אנצוהערענישען וועגען קייסער, דער קייסערינע, ראספוטין, סטאליפין. עס איז דא געווען נייעס וועגען די קאלאניעס אין ארץ ישראל. ס'האט דארט ווייניג גערעגענט היינטיגען זומער און די קאלאניסטען האבען געליטען פון דער טריקעניש. מ'האט אפעלירט צו אידען זיי זאלן העלפען.

— ווי אזוי קאן איך זיי העלפען? וועמען קאן איך דא געבען געלט? — האט מאקס זיך געפרעגט. — אפשר אמאל פארען אהין און זיך דארט באזעצען? אמת, די באלעבאטים זענען די טערקען, אבער ס'איז פארט א אידיש לאנד... זיי זענען דארט אלע באגראבען, אברהם אבינו, יעקב, דוד המלך. כ'בין דאך פארט א איד. א זינדיגער איד איז אויך א איד...

מאקס האט אויסגעשפרייט די צייטונג איבער'ן גאנצען טיש.

וואס פאר'א חודש איז היינט? איז שוין געווען תשעה באב? מאקס האט זיך דערמאנט אז די דריי וואכען, די ניין טעג, שבעה עשר בתמוז. ווען פאלט דאס אויס? כ'מוז מיר קויפען א אידישען לוח!

מיטאמאל האט מאקס זיך דערמאנט אז אין דער אידישער צייטונג איז אנגעגעבען די אידישע דאטע. ער האט אויפגעמישט דאס פאדערשטע בלאט און ס'איז געווען דער חודש אב, שוין נאך תשעה באב. ס'האט זיך שוין דערנעהענטערט צום חודש אלול. נאך אין א קנאפע זעקס וואכען וועט זיין ראש השנה...

מאקס האט אלע יארען געגעסען טרפות — מ'האט רעכט נישט געפונען קיין כשר פלייש אין בוענאס איירעס, — אבער איצט האט אים אנגענומען א בושה פאר נישט עסען כשר. ווי באלד מ'האט דעם איד פיינט סאי ווי סאי, — מעג ער דאך על־כל־פנים זיין א איד... מאקס האט פונדעסטוועגען אויפגעגעסען דעם קאטלעט און באשטעלט א דעסערט.

ער האט זיך געלאזט שפאנען איבער די גאסען גלאט אזוי. ער איז ארויס אויפ'ן גזשיבאוו און געקויפט א לוח. דערנאך האט ער זיך אומגעקערט אין האטעל.

ס'איז נאך געבליבען עטליכע שעה ביז אכט. אבער וואס טוט מען אין עטליכע שעה? ער האט געהאט געזעהן ביים צייטונגס־פארקויפער מעשה־ביכלעך, אידישע זשורנאלען. אבער דא, אין דער פרעמדער שטאט, האט מאקס נישט געהאט קיין געדולד צו דעם סארט לייענעריי.

ער האט זיך ווידער גענומען צו דער אידישער צייטונג. צווישען די אנאנסען האט מאקס געפונען אן אנאנס וואס האט זיך געלייענט; א צימער מיט אלע באקוועמליכקייטען צו פארדינגען; בלויז פאר א קאוואליער. דזשיקע 3, וואוינונג... ס'איז אנגעגעבען געווארען א טעלעפאן.

— אפשר אמאל טעלעפאנירען אהין? — האט מאקס זיך געשפילט מיט'ן געדאנק. — פארוואס ווילען זיי א קאוואליער? מסתמא איז דארט דא א טאכטער חתונה צו מאכען... ווער ווייסט? אפשר וואלט ער, מאקס, דארט געפינען דעם ריכטיגען זיווג... ער האט געוואוסט אז ס'איז נאריש, אבער ער איז ארויס אין קארידאר און אנגעקלונגען. ס'איז אלץ ווייל כ'בין אזוי עלענד, האט מאקס זיך פארענטפערט.

ער האט דערהערט א שטים פון א מאנסביל.

ס'טויג נישט! — האט מאקס א קלער געטאן. ער האט געוואלט אוועקלייגען דאס טרייבל, אבער געזאגט האט ער:

— איז דא פאראן א צימער צו פארדינגען?

— יא, דא. דער פרייז איז צען רובל א חודש.

ס'איז געווען א קול נישט קיין גראבס, נאר א דינס, א ביסעל א הייזעריגס, ווי פון אן עלטערען מענטש, די אויסשפראך נישט קיין ווארשעווער, נאר א פראווינצער. מאקס האט געזאגט:

— איז דאס א שעהן צימער?

— שעהן? א סאלע! מיט צוויי פענסטער אין גאס ארויס און מיט א באלקאן. פאר וועמען ווילט איר דאס צימער, פאר זיך?

— פאר וועמען דען?

א ווייל האט יענער געשוויגען. דערנאך האט ער געפרעגט:

— זייט מיר מוחל, נאר וואס איז אייער באשעפטיגונג?

— איך בין דא א פרעמדער. ערשט געקומען פון אמעריקע.

— אמעריקע? און איר ווילט בלייבען דא אין ווארשע?

— ניין, בלויז אויף עטליכע וואכען.

— מיר ווילען עמיצען וואס זאל דא בלייבען וואוינען, סטאביל — האט דער איד געזאגט. — ס'האט דא געוואוינט ביי אונז איינער דריי יאר, א סוחר, א קאמי־וואיאזשאר. ער איז א סך געווען אונטערוועגנס, אבער ער האט איצט געמוזט איינגאנצען אוועק קיין רוסלאנד. מיר זוכען אזא סארט סובלאקאטאר, אבער וואו געפינט מען אים? א פיינער מענטש. ער איז געווארען ביי אונז ווי איינער פון דער משפחה. וואס טוט איר דא? געקומען צו גאסט?

— כ'האב משפחה אין ראשקעוו — האט מאקס געזאגט, — אבער כ'דארף זיין אין ווארשע עטליכע וואכען.

— דאס איז נישט פאר אונז. מיר ברויכען א היגען, נישט א פרעמדען.

— נו, א שאד, — האט מאקס געזאגט, — האט א גוטען זומער —

ער איז שוין גרייט געווען אוועקצולייגען דאס טרייבל, ווי ער האט פארנומען א רויש, א מורמלעניש, עפעס אזוינס ווי אן אמפערניש. ער האט דערהערט א קול פון א פרוי.

— פראשע... דא רעדט די פרוי פאריסאווער. מיין מאן ווייסט גאר נישט וועגען צימערען. וואס וואלט איר געוואלט? איר'ט געלייענט דעם אנאנס?

— יא, דעם אנאנס. אבער אייער מאן — איז עס אייער מאן? — האט געזאגט, אז ער דארף האבען א היגען, עמיץ וואס וועט שוין דא בלייבן. איך בין בלויז, ווי מ'זאגט, א גאסט אויף א ווייל.

— א גאסט איז אנגעלייגט — האט די פרוי געענטפערט, — איכ'ל אייך זאגען: ס'איז אונז זעהר שווער צו קריגען אזא פערזאן ווי מיר האבען געהאט ביז איצט; א יונגערמאן מיט אלע מעלות. מיר האבען גאר נישט געוואוסט אז מיר האבען א שכן. געווען ווי עמיץ פון דער משפחה. אז ער איז געווען אין ווארשע, האט ער ביי אונז געגעסן, געטאגט און גענעכטיגט. די קינדער האבען אים ליב ס'לעבען. אבער, ווי זאגט מען דאס: קיין זאך איז נישט אייביג. ער האט מיטאמאל געקראגען אן אנדערע שטעלע און געמוזט אוועקפארען. וואו וועלען מיר קריגען נאך אזא סובלאקאטאר? ווי לאנג בלייבט איר אין ווארשע?

— עטליכע וואכען.

— דערנאך פארט איר צוריק קיין אמעריקע?

— קיין ארגענטינע.

די פרוי האט זיך געצעגערט א ווייל.

— מיר'ן סאי־ווי־סאי קיינעם נישט קריגען איצט אין זומער. קומט אריבער. איר'ט דא האבען א שעהן צימער. ס'קאן נישט זיין שענער אפילו אויף דער מארשאלקאווסקע גאס.

— גוט, איכ'ל נעמען א דראשקע און אריבערקומען.

— איכ'ל ווארטען אויף אייך.

וואס טו איך? וואס טויג עס מיר? — האט מאקס זיך געפרעגט. ער האט געוואוסט דעם ענטפער: ער האט נישט געקאנט זיין אליין די פאר שעה ביז אכט אזייגער.

ער איז איינגעזעסן אין א דראשקע און זיך געלאזט פירען איבער דער מעד־גאס, דער דלוגע, די נאלעווקיס. דאס הויז האט זיך געפונען עק דזשיקע און נאוואליפקי. ער איז אריין אין פאראד־איינגאנג און ארויף מיט די שטיגען. ס'האבען דא, אפנים, געוואוינט נגידים. די טרעפ זענען ריין, אויף די טירען האבען געהאנגען מעשענע בלעכלעך מיט די נעמען פון די לאקאטארען.

מאקס האט אנגעקלונגען אין א טיר צו נתן פאריסאווער. ס'האט געעפענט א פרוי וואס האט אויסגעוויזען אין די טיפע פערציגער אדער אפשר אין אנהויב פון די פופציגער. זי האט געטראגען א קארבירט שייטל, געהאט שווארצע בייםלדיגע אויגען וואס ס'האבען זיך געצייכענט אונטער זיי טארבעלעך, א ווייסע הויט, אן אנהויב פון א טאפל־קיהן. מ'האט געקאנט דערקענען אין אירע רעגולערע אברים אז דאס איז געווען אמאל א פרוי א שעהנהייט. זי האט באטראכט מאקס'ן פון אויבען־אראפ, פון אונטען־ארויף.

— נו קומט אריין.

זי האט אים גלייך געוויזען דאס צימער: מיט א געקעסטעלטען דיל, מיט א בעט, א סאפע, א שרייבטיש, א וואש־טיש. אלץ האט דא געפינקעלט און געפעכלט. גלאז־טירען האבען ארויסגעפירט צו א באלקאן. מאקס איז ארויס און באטראכט א ווייל די געוועלבען אקעגענאיבער: א וואורשטער־האנדל, א שפייז־קראם, א ראזורע, א רעסטאראנדל. די גאס האט געשוויבעלט מיט פארבייגעהער — אלע אידען. איבער דער שטיינערנער ברוק האבען זיך געצויגען דראשקעס, פלאטפארמעס און טיילמאל אפילו א לאסט־אויטאמאביל. יונגען האבען געשריגען, מוידען האבען געלאכט.

— ארץ ישראל! — האט מאקס געמורמעלט, אדער געטראכט.

ס'האט אים אנגענומען א חשק דא צו בלייבען. די גאס האט אים א ביסעל דערמאנט אן דעם אידישען טייל פון קאריענטאס, אין בוענאס איירעס, אבער דא האבען די אידען געטראגען זייער אייגענע הלבשה. מ'האט דא געהערט בלויז איין שפראך: אידיש.

— וואס וואלט מיר געפעהלט ווען כ'בליב שוין דא וואוינען? כ'וואלט געקאנט אזוי זיצען גאנצע טעג אויף דעם באלקאן און אראפקוקען. נו, אבער אליין טויג נישט. מ'דארף האבען מיט וועמען. צירעלע? אלץ איז שוין פארפושט. באשע? נישט פאר א ווייב. רייזל קארק? נישט אין אזא הויז... דא האבען געלעבט אנדערע אידען—

(שלוס אויף זייט 3)

# שווים

(שלוס פון זייט 2)

נישט אונטערוועלט, נאר באלעבאטישע לייט, וועלכע האנדלען, וואנדלען, זוכען פרנסה, מאכען חתונה טעכטער.

אין דעם הויז אקעגענאיבער זענען געשטאנען אפען די פענסטער און מ'האט געזעהן שטובען מיט מעבל, שלאף־צימערען, קיכען וואו באלעבאסטעס, אדער דינסטען, האבען זיך געפארעט ביי קאכל־אויוועגס. מיידלעך האבען געזונגען לידער — שלאגערען פון אידישען טעאטער. אין איין שטוב האט געשפילט א גראמאפאן.

מאקס איז געשטאנען און געגאפט. ער האט אפגעלעבט די יארען צווישען נידעריגען שטאנד. יעדעס מאל וואס ער האט זיך געפרואווט אויפהויבן, האט זיך עפעס אונטערגערוקט און אים צוריק אראפגעפלאטשט.

די פרוי פאריסאווער האט א זאג געטאן:

— ווי געפעלט אייך דאס צימער?

— שעהן. באלעבאטיש.

— וואו וואוינט איר איצט?

— אין האטעל בריסטאל.

— אזוי גאר? אבער א האטעל איז נישט קיין היים. קומט, כ'על אייך ווייזען די אנדערע שטובען.

און די פרוי פאריסאווער האט אריינגעפירט מאקס'ן אין א סאלע, אן עס־שטוב, א שלאף־שטוב מיט די בעטען לענגאויס איינס דעם אנדערען, אין א קיך. אויף אלע בייטשידלעך האבען געהאנגען מזוזות אין הילצערנע שייטען. ס'האט דא געשמעקט מיט אידישער איינגעזעסענקייט.

פון ערגיץ איז ארויסגעקומען א מויד מיט גרויסע שווארצע אויגען, א קרומער נאז, א הויכען בוזעם. זי האט געטראגען א קלייד לאנג און שמאל, מיט א שפעלטל אין איין זייט, לויט דער מאָ־ע.

די מוטער האט זיך עפעס ווי פארשעהמט מיט דער דאזיגער מיאוס'ער טאכטער און א זאג געטאן:

— דאס איז רוזשקע, מיין מרזינקע. איז ערשט נאר ארויס פון גימנאזיע. קאן העברעאיש.

— מאמע, הויבסט שוין אן?

— וואס זאג איך דא? ס'האט אונז אפגעקאסט אן אוצר, אבער מיר האלטען פון בילדונג. געלט קאן מען פארלירן, אבער אז מ'האט וויסען אין קאפ, בלייבט עס. איר'ט אפשר געהערט פון דער גימנאזיע חבצלת?

— הא? יא, דוכט זיך.

— מיר האבען נאך צוויי טעכטער. איינע איז שוין אן אויסגעגעבענע. מיר'ן זי חתונה געמאכט היינטיגען ווינטער. ס'האט אונז אפגעקאסט א פארמעגען. אבער דאנקען גאט, זי'ט אנגעקריגען א טייערען מאן, א בוכהאלטער. ער קאן תורה אויך. צו גאט און צו לייט. די צווייטע טאכטער אונזערע איז אנגעשטעלט אין א געשעפט אויף דער מעד־גאס. זיי האבען אויך שטודירט, אבער אין איר האבען מיר אריינגעלייגט, ווי מ'זאגט, די גאנצע כוחות. זאל איר גאט צושיקען דעם פאסיגען זיווג. דאס אלץ וואס טאטע־מאמע ווילען.

— מאמע, דער מענטש קומט ערשט אריין און דו נעמסט אים גלייך דערצעהלען אלע מעשיות.

— נו, וואס איז אז ער קומט ערשט אריין? ער'ט דא וואוינען און ווערען היימיש. וואס זאג איך דא? עלטערען ווילען האבען נחת פון קינדער. איז דאס אזא עוולה? הא?

— ניין, קיין שום עוולה, — האט מאקס גערעדט. — צו וואס האט מען קינדער?

— ווי הייסט איר?

— מאקס באראבאנדער.

פון

**י. ווארשאווסקי**

— איר האט קינדער, פאניע באראבאנדער?

מאקס האט געשוויגען א ווייל.

— כ'האב געהאט א ווייב, איך האב געהאט א זוהן, אבער גאט האט זיי צוגענומען.

— וואס? באהיט און באשירעמט זאל מען ווערען פון אזא אומגליק!

און די פרוי פאריסאווער האט פארבראכען די הענט.

— ס'איז מיר גארנישט געבליבען. דעריבער ביז איך געקומען אהער. כ'האב געהאפט, אז די רייזע איבער דער וועלט וועט מיר א קאפעלע העלפען.

— וואו וואוינט איר?

— אין בוענאס איירעס.

— אזוי וויט? נו, ס'איז א גרויסע וועלט. וואס קאן מען טאן? ס'איז אלץ באשערט. אבער ווי לאנג מ'לעבט, טאר מען זיך נישט אומברענגען. איר זענט נאך א יונגער מענטש. איר'ט נאך מסתמא חתונה האבען און האבען אנדערע קינדער —

— דאס איז א קנאפע טרייסט.

די מויד מיט דער קרומער נאז און די ווילדע שווארצע אויגען האט א זאג־געטאן:

— אין ארגענטינע איז איצט ווינטער, נישט אזוי?

— יא, ווען דא איז זומער, איז דארט ווינטער.

— זי ווייסט אלץ. זי'ט שטודירט אין די ביכער. יעדעס פיצל. ווען ווילט איר זיך אריינציהען?

— איכ'יל אייך באצאלען פאר א חודש און כ'על זיך אריבערציען. נישט פריהער ווי איבערמארגען.

— נו, ווי איר ווילט. צו וואס וואוינען אין האטעל בריסטאל ווי באלד איר האט א צימער דא? ס'קאסט דארט היבש טייער.

— אט איז צען רובל.

די פרוי האט א קוק געטאן אויף דעם באנקנאט און זיך אנגערופען:

— נו, זאל זיין מיט מזל. איר האט א סך זאכען?

— צוויי וואליזעס.

— ברענגט זיי אריבער. מיר'ן אויף אייך אכטונג טאן ווי אויף אן אייגען קינד...

(ווייטערעס — קומענדע וואך)

# פאל מיוני און מוני ווייזענפריינד

(שלוס פון עדיטאריעל זייט)

האט מוני זיך אינגאנצען איבערגעגעבען צו דער ראלע. ער האט אויסגעפונען אלץ וואס ער האט געקענט וועגען דער פערזאן וואס ער האט געדארפט פארשטעלען אויף דער בינע, געזוכט זיך אריינלעבען אין יענעמס כאראקטער, לאנג און שווער שטודירט און געארבעט. ווען ער איז ענדליך אויפגעטראטען אויף דער בינע איז ער געווען דער טיפ, דער כאראקטער, די פערזאן, וואס ער האט פארגעשטעלט ביז דעם מינדעסטען פינגער, א מוסטער פון פערפעקטקייט. ער האט זיך ניט פארלאזן אויף זיין גרויסער טאלאנט, אויף זיין לאנג־יעריגער ערפארונג, אויף זיין גענטקייט; יעדע ראלע איז פאר אים געווען אן ארויסרוף, א פארמעסט, וואס האט געפאדערט זיין פולע אויפמערקזאמקייט, זיין גאנצע קאנצענטראציע.

מען האט דערציילט וועגען אים אז ווען ער האט געדארפט פארשטעלען דעם גרויסען פראנצויזישען שריפשטעלער עמיל זאלא, האט ער איבערגעלייענט אלץ וואס יענער האט געשריבען און אלץ וואס ער האט געקענט קריגען וואס אנדערע האבען געשריבען וועגען זאלא'ן, און פארשטעהט זיך אלץ וועגען דעם דרייפוס פראצעס, ביי וועלכע זאלא האט געשפילט די הויפט ראלע אין דער באפרייאונג פון דעם אידישען קאפיטאן.

ווען ער האט אנגענומען די ראלע פון דעם בארימטען ליבעראלען לאיער קלארענס דעראו אין דער פיעסע „אינהעריט די ווינד", האט ער ניט נאר דורכגעלייענט אלץ וואס ער האט געקענט קריגען וועגען דעם בארימטען „מאנקי טרייעל" וואס די פיעסע באהאנדעלט, נאר אויך אלץ וואס ער האט געקאנט קריגען פון דעראו'ס רעדעס און שריפטען, און געזוכט מענשען וועלכע האבען פערזענליך געקענט דעראו'ן אויף צו קריגען אלע איינצעלהייטען און איינדרוקען, וואס ער האט דערנאך פארקערפערט אין דער ראלע.

„אינהעריט די ווינד" איז אויפגעפירט געווארען אין 1955. מוני איז אויפגענומען געווארען מיט באגייסטערונג סיי פון דער קריטיק, סיי פון עולם. די צייטונגען האבען געשריבען אז מיט דער פיעסע האט מוני געמאכט א „קאמבעק", ווייל עס זיינען דעמאלט געהאט אוועק עטליכע יאר און מוני איז ניט אויפגעטראטען ניט אין די מוּאוויס און ניט אויף דער בינע. עס ווען זי וויל עמיצען דערהויבען, ווען די מואווי פראדוצירער האבען געזעהן אז מען קען שארען מיליאנען מיט דעם שוישפילער, האט מען אים געמאכט די גרעסטע רעקלאמע און אים אנאנסירט ניט אנדערש ווי „מיסטער פאל מיוני". קיין אנדער אקטיאר האט אזא כבוד ניט געהאט. אבער ווען עס איז אוועק א שטיקעל צייט, נאך די גרויסע ערפאלגען, און ער האט ניט געקענט קריגען קיין פאסיגע פיעסע, (אין גלאט א פילם האט ער ניט געוואלט אויפטרעטען) האבען די מואווי אנפירער באשלאסען אז מוני איז אויס, אז ער איז א „העזבין" און — מען דארף אים מער ניט.

דאס איז א צושטאנד וואס הערשט, דוכט זיך, נאר אין דער מואווי אינדוסטריע וואס שלינגט ממש מענשען און — שפייט זיי אויס. דער פאקט איז דאך אז דער „העזבין" האט געמאכט אזא געוואלדיגען ערפאלג אין „אינהעריט די ווינד" וואס אייניגע האבען באצייכענט אלס זיין גרעסטע ראלע.

נאר איך בין אלץ ניט זיכער אז קאפעל אין „דאס גרויסע געווינס" איז ניט קיין גרעסער קונסט ווערק, כאטש עס איז א סך א קלענערע ראלע.

## טראץ דעם דרוק פון איבען, איז ישראל פאפולער אין פוילן

(שלוס פון זייט 2)

אין ווארשע און אין גאנצען לאנד. פאר קיינעם איז ניט געווען קיין שום צווייפעל צו וואס די רעדאקטארען פון „פאליטיקא" האבען דערמיט געצילט.

אן עהנליכער פאל איז געשעהן אין איינעם פון די אויגוסט־נומערן פון דער ליטערארישער וואכענצייטונג „קולטורא", וואס האט גראד א נאמען פאר אן אנטיסעמיטישער צייטונג. אין סאמע היץ פון דער פרעסע־אקציע געגען ישראל, האט זיך דארט באוויזען אן ארטיקעל פון דעם פארגעשריטענעם שרייבער לעסלאוו בארטעלסקי, געווידמעט דעם אויפשטאנד פון די אידישע העפטלינגע אין טרויעריג־בארימטען היטלעריסטישען טויט־לאגער טרעבלינקא. מיט גרויס סימפאטיע און מיטגעפיהל באשרייבט דער אויטאר די ליידען און העלדישקייט פון די אידען.

די דערמאנטע צוויי פאלען זיינען זעהר כאראקטעריסטיש פאר די איצטיגע שטימונגען אין פוילען.

# שוים

## נאוועלע

פון
**יצחק ווארשאווסקי**

(פארזעצונג)

4

ווען מאקס באראבאנדער האט זיך דערנעהענטערט פינף מינוט צו אכט צום האטעל בריסטאל, איז שוין דארט געשטאנען טערעזא. ער האט זי דערקענט פונדערווייטענס: א הויכע, א דינע, אין א שמאל קלייד און אין א הוט מיט א שלייער. זי האט אויסגעזעהן א סך עלטער ווי אין דער דירה אויף דער דלוגע גאס. זי איז, אפנים, געווען אומגעדולדיג, ווייל זי האט געדרעהט דעם קאפ דא רעכטס און דא לינקס. מאקס האט באמערקט, אז זי האט אן אויסערגעוועהנליך לאנגען האלז. זי האט אים דערמאנט אן די עקזאטישע פייגל פון זאאלאגישען גארטען. ווען זי האט אים דערזעהן, האט זי געטאן א ציטער.

מאקס איז צוגעקומען און געקושט טערעזא'ס האנט איבער דער לאנגער הענטשקע. ער האט דערביי אראפגענומען דעם פאנאמא־הוט. זי האט געזאגט:

— וואו קאנען מיר אריינגעהן?

— דא נישט ווייט איז דא א קאפעע־הויז. מיר'ן עסען נאכטמאל.

— כ'בין נישט הונגעריג. אבער א שעלכל קאווע קאן איך נעמען. כ'ווייס אז ס'איז געווען אומטאקטיש פון מיין זייט אייך צו קלינגען, אבער איך בין אין א שלעכטער לאגע. ווי פלעגט זאגען מיין מוטער: אז מ'טרינקט זיך, כאפט מען זיך אן אין א שטרוי.

— וואס איז געשען?

— מיר'ן רעדען ווען מיר'ן זיך אוועקזעצען. אפשר קאנט איר געפינען א טיש באזונדער. נישט אלע זאלען קאנען הערען. מ'קאן מיך דא אין ווארשע, פון די סעאנסען, נאטירליך. מ'האט שוין געדרוקט מיין בילד אין די צייטונגען אויך. אבער כ'גלויב נישט אז מ'וועט מיך דערקענען. כ'האב, ווי איר ווייסט, קורצע האר, אבער כ'האב אנגעטאן א פלעכט איבער די האר און פארשטעלט ס'פנים...

— יא, איר האט אויסגעזעהן אנדערש. עלטער. איר רעדט גוט אידיש, כ'האב געמיינט אז איר רעדט נאר פויליש.

— מיין פאטער איז געווען א פרומער איד, א חסיד. מיר אבאנירען אין די אידישע צייטונגען און כ'לייען יעדן טאג דעם „היינט" און דעם „מאמענט". נאטירליך, די פוילישע גאזעטען אויך.

— ווי אזוי זענט איר עפעס געווארען — ווי רופט מען דאס — א מעדיום?

— איכ'ל אייך אלץ דערצעהלען. כ'וויל אייך גלייך זאגען פאראויס, אז בערנארד שקאלניקאוו איז נישט מיין ברודער.

— דאס האב איך אליין פארשטאנען.

— ווי אזוי?

— א, ער איז א קליינער און איר זענט א הויכע. ער זעהט אויס אפשר מיט דרייסיג יאר עלטער פון אייך. ער איז אייער געליבטער.

— קומט. נישט אזוי הויך. מענטשען הערען זיך צו. וואו איז דאס קאפעע?

— אט דא, אקעגנאיבער.

— נו, גוט.

אין קאפעע האט מאקס געפונען א טיש אין א צווייט צימער, נעבען פענסטער, אפגערוקט פון די אנדערע טישען. ס'איז דארט קיינער נישט געווען אויך, א חוץ איין אלטער פריץ וואס איז געזעסען אין אנדערען עק און געלייענט א צייטונג דורך א פארגרעסער־גלאז. ער האט געהאט א רויטע נאז פון א שיכור און א פאר לאנגע ווייסע וואנסען. מאקס און טערעזא האבען זיך אוועקגעזעצט.

גלייך האט זיך באוויזען א קעלנערין. זי האט געטראגען א קלייד פון לילא קאליר און איבער דעם א קורץ פארטוכעל מיט א שלייף אין דער זייט. זי האט אויסגעזעהן יונג, נישט עלטער פון אכצען יאר, און דארפיש פירש.

— ווי א פלוים וואס ס'ליגט נאך אויף איר דער טוי, — האט מאקס געטראכט. — מ'קאן זיך אסור מיט איר נישט אפ'סמ'ען...

טערעזא האט אים צוגעווארפען א בליק האלב מיט פארוואורף און האלב מיט פארשטענדעניש. זי האט א שאקל געטאן מיט'ן קאפ ווי צו זאגען: מאנסלייט בלייבען מאנסלייט...

נאך א ווייל האט טערעזא באשטעלט א טעפל קאקאא און מאקס — זעמל, הערינג, א פאנקוכען. ווען די קעלנערין איז אוועק, האט מאקס א זאג געטאן:

— פון א טעפל קאקאא וועט איר נישט האבען קיין כח אריבערצוברענגען די גייסטער.

— וויצעלט זיך נישט. ס'זענען דא גייסטער.

— וואו זענען זיי?

— אומעטום.

— איר האט זיי אליין געזעהן?

— נישט איין מאל, נאר טויזענט מאל.

— ווי זעהען זיי אויס?

— א, כ'וויל מיך איצט נישט אריינלאזען אין אזא שמועס. זיי זעהען נישט אויס ווי טויטע, נאר ווי לעבעדיגע. ס'זענען איבערהויפט קיין טויטע נישטא.

— ווער ליגט אויפ'ן בית־עולם?

— שטיקער ליים.

— כ'בעט אייך: דערצעהלט מיר מער וועגען דעם. זינט כ'האב פארלוירען מיין זוהן, טראכט איך טאג און נאכט נאר וועגען אזעלכע זאכען.

— א, מ'קאן נישט דערצעהלען.

— מיין זוהן קאן נישט קיין פויליש. אויפ'ן סעאנס האט ער גערעדט צו מיר פויליש. ער האט געזאגט ער האט באגעגענט זיידעס באבע. וואו האט ער זיי באגעגענט?

— כ'ווייס נישט. כ'הער ווערטער און איך חזר זיי איבער. טייל מאל הער איך אפילו נישט קיין ווערטער, אבער כ'קריג אן איינדרוק. גייסטער באנוצען זיך נישט אלעמאל מיט קיין שפראך. זיי גיבן אייך עפעס איבער און איר ווייסט וואס זיי האבען איבערגעגעבען.

— פארוואס גיבען זיי מיר גארנישט איבער?

— כ'ווייס נישט. מ'דארף געבוירען ווערען מיט א פעהיגקייט אויפצונעמען. אנומעלט בין איך געגאנגען צו א פריזירערין זי זאל מיר שערען די האר. מיר איז נישט באקוועם צו טראגען לאנגע האר. כ'זיץ אויף דער שטוהל און זי שטעהט איבער מיר מיט'ן שערל. פלוצלינג האבען זיך דערהערט קלעפ אין דער שטוהל. ס'איז געווען ווי עמיץ וואלט געקלאפט מיט א האמער אין האלץ פון דער שטוהל, אבער עפעס ווי פון אינעווייניג. דאס קאן מען גארנישט איבערגעבען. די קלעפ זענען אלעמאל א סימן אז מען וויל — ווי זאגט מען דאס? — מיין אויפמערקזאמקייט. געוועהנליך געשעהן אזעלכע זאכען קיינמאל נישט ווען איך געה ערגיץ. אבער דאסמאל האט גענומען קלאפען אין דער שטוהל ביי דער פריזירערין. — וואס איז דאס? — טוט זי א פרעג. כ'האב נישט געוואוסט וואס צו ענטפערען. די פרוי איז געווארען אזוי דערשראקען, אז די שער איז איר ארויסגעפאלען פון דער האנט. ס'איז נישט געווען מיין שטענדיגע פריזירערין, ווייל יענע איז געהאט ארויסגעפארען קיין שווידער אויף פרישער לופט. כ'האב געפרואווט מאכען די גאנצע זאך צו־נישט, אבער די קלעפ זענען געווארען אלץ שטארקער און די פרוי איז געווארען ווייס ווי קרייד. זי האט א זאג געטאן צו מיר: כ'ווייס נישט ווער איר זענט, אבער טוט מיר א טובה און געהט אוועק. איך האב מורא פאר אזעלכע זאכען. כ'האב איר געפרואווט באצאלען, אבער זי האט נישט געוואלט נעמען קיין געלט. זי האט מיך איינפאך ארויסגעטריבן.

— אפשר קאנט איר מאכען עס זאל קלאפען ביי מיר אין שטוב? איך וואלט אייך נישט ארויסגעטריבען.

— כ'קאן גארנישט מאכן. אויב ס'געשעהט, געשעהט.

— וואס האט יענער גייסט געוואלט? כ'מיין, דער וואס האט געקלאפט ביי דער פריזירערין.

— כ'ווייס נישט. ביי דער פריזירערין האט ער דערלאנגט אזעלכע קלעפ ווי ער וואלט זיך געגרייט איינצוווארפען דאס הויז. אבער ווען כ'בין געקומען אהיים, האב איך מער גארנישט פון אים געהערט. זיי זענען ווי לעבעדיגע מענטשען. זיי האבען זייערע קאפריזען און משוגעת'ען.

— וואו זענען זיי? וואס טוען זיי גאנצע טעג?

— כ'ווייס נישט. ערגיץ זענען זיי און עפעס טוען זיי. מ'גיט מיר נישט אפ קיין ראפארט. אנומעלט בין איך געזעסען אין שטוב און געצערוועט א זאק. מיטאמאל האב איך דערזעהן אן ארמיי — א גאנצע ארמיי. ס'איז נישט געווען מיליטער פון אונזער צייט, נאר פון אנדערע צייטען, אפשר מיט טויזענטער יאר צוריק. זיי האבען געטראגען פאנצערס. זיי האבען געהאלטען שפיזען. אנדערע זענען געריטען אויף פערד און אויף רייטוועגען. כ'ווייס נישט ביז איצט וואס און וועמען כ'האב געזעהן. טויזענטער סאלדאטען זענען פארביי אויף א וועג, מיט פערד, מיט אייזלען; דוכט זיך, אנדערע חיות אויך. ס'האט געדויערט אפשר דריי פערטל שעה ביז זיי זענען פארביי. אויב איר פרעגט צי כ'האב געזעהן רוימער, אדער עגיפטער, אדער גריכען, ווייס איך נישט וואס צו ענטפערען. קיין אידען זענען זיי זיכער נישט געווען.

— הייסט עס, אז אין הימל מארשירען די ארמייען וואס זענען שוין לאנג געשטארבען?

— נישט אין הימל. כ'האב זיי געזעהן דא אויף דער ערד.

— וואו זענען זיי געגאנגען? אויף מאנעווערס?

— כ'ווייס נישט.

— ס'האט זיך אייך גע'חלומ'ט, דאס אלץ.

— זאל זיין אזוי. כ'ווער נישט רייך אויב איר גלויבט מיר און כ'ווער נישט ארעם אויב איר גלויבט מיר נישט.

— זייט מיר מוחל, אבער איך לעבט הערפון.

— כ'בין נישט קיין קאליקע. כ'וואלט געקאנט פארדינען מיין ברויט. כ'בין אויך נישט אזוי מיאוס. כ'וואלט געקאנט חתונה־האבען און א מאן זאל מיר געבען פרנסה. כ'האב קיינמאל נישט געוואלט נוצען די דאזיגע קראפט מיינע פאר פראקטישע צוועקען. כ'האב אייך טעלעפאנירט און איר ווייסט נאך אלץ נישט פארוואס. כ'בין נישט געקומען זיך באריהמען פאר אייך מיט מיינע קרעפטען. מיין לאגע איז אזא, אז כ'מוז אוועקפארען פון דאנען — האט טערעזא געענדערט דעם טאן. — בערנארד האט מיר געזאגט, אז איר זענט אין ארגענטינע א רייכער מאן. אפשר וואלט איר מיר געקאנט העלפען? כ'מיין נישט מיט געלט, נאר מיר העלפען זיך ארויסרייסען פון דאנען — —

א ווייל האבען ביידע געשוויגען. טערעזא האט געטאן א זופ פון דעם טעפל קאקאא.

— פארוואס מוזט איר אוועק פון דאנען?

— א, ס'איז א סך צו רעדען. בערנארד האט מיך איינפאך פארשקלאפט. אט דאס וואס עס איז. ער האט, אזוי צו זאגען, אנטדעקט אין מיר די כוחות, אבער איך האב אים שוין אפגעצאלט ווער ווייסט וויפיל. א חוץ דעם האט ער מיך פארשקלאפט אויך אין אן אנדער זין. ער לאזט קיינעם נישט צו צו מיר. די געשיכטע איז אזא: ס'איז דא פאראן איינער א קלוסקי, נישט קיין איד, וואס איז אויך א מעדיום. ער איז א שילער פון א געוויסען פראפעסאר אכאראוויטש. ס'איז לאנג צו רעדען, אבער איך בין אריין אין א קלעם. פון די אלע לייט וואס קומען פרעגען אויף א גנבה פאר עטליכע רובל, אדער וועגען א מאן וואס איז אנטלאפען, קאן מען, ווי מ'זאגט, קיין שבת נישט מאכען. מיר האבען איין רייכען קליענט, א פירשט סאפיעהא, איינער פון דער באריהמטער משפחה, וועלכער האט פארלוירען די פרוי. ער איז געווען שטערבליך אין איר פארליבט, פאקטיש ביז משוגעת, אדער נאך ערגער. אין אנהויב פלעגט ער קומען צו קלוסקי'ן און ער האט אים געבראכט אלערליי גרוסען פון זיין פרוי. אבער פאר סאפיעהא'ן איז דאס נישט געווען גענוג. שפעטער האט אים קלוסקי געבראכט צו מיר. איך האב א סך מאל באקומען פון דער פרוי אלערליי איינדרוקען און אפילו וויזיעס, אבער דאס איז אלץ נישט גענוג פאר אים. קורץ, ס'איז געווארען קלאר אז דער פירשט וויל דאס אוממעגליכע: מאטעריאליזאציע, אזוי רופען מיר דאס, ווען א גייסט פארקערפערט זיך און ערשיינט אין א קערפער. אזעלכע זאכען פאסירען זעלטען. מ'קאן זיי איבערצעהלען אויף די פינגער פון איין האנט. ס'איז נישט לייכט פאר א גייסט זיך אנצוקליידען אין א קערפער. אבער אדאם סאפיעהא האט דאס כסדר געפאדערט. איך וויל אייך דא זאגען עפעס אינגאנצען אויפריכטיג: מ'קאן נישט זיין אין דעם פאך פולשטענדיג עהרליך און שולדיג זענען די קליענטען. ביי זיי עקזיסטירט נישט אזא זאך ווי אן אווענט אהן א קאנטאקט. זיי מוזען שטענדיג עפעס קריגען פאר זייער געלט. אבער די מענטשליכע נשמה איז נישט קיין מעכאנישע זאך. איר קאנט נישט אויפהויבען א טעלעפאן־טרייבל און טעלעפאנירען צו עמיצען וואס איז אריבער אויף יענער זייט. אבער יעדער וואס צאלט די דריי רובל פארלאנגט דאס. ס'שאפט זיך א לאגע, אז אויב מען קאן נישט יענעם געבען דעם אמת, מוז מען אים איינפאך אפנארען. די מערסטע מענטשען זענען צופרידען מיט ליגענס. זיי פארלאנגען דאס פאקטיש.

— ס'איז נישט געווען ארטורא, הא?

— כ'ווייס נישט. אפט ווייס איך שוין אליין נישט. כ'ווייס אויך נישט פארוואס איך דערצעהל אייך די אלע זאכען. איר זענט א פרעמדער און איר פארט באלד אוועק. איך אליין האב גארנישט וואס מורא צו האבען. כ'האב גערעדט מיט פראפעסאר אכאראוויטש. ער האט מיך אויסגעפרואווט, געהאט מיט מיר א גאנצע רייע סעאנסען און ער האט ערקלערט אין דער עפענטליכקייט, אז איך באזיץ אויסערגעוועהנליכע קרעפטען. אבער ברענגען פירשט סאפיעהא יעדע

(שלוס אויף זייט 6)

# שוים

(שלוס פון זייט 2)

נאכט זיין פרוי, קאן נישט קיין שום מעדיום.

— איז וואס טוט איר? איר אליין ווערט זיין פרוי?

טערעזא האט אויפגעהויבען דעם בליק.

— יא. ווי אזוי האט איר געטראפען?

— א, איך בין אמאל געווען א גנב. איך ווייס ווי אזוי מ'נארט אפ א יאלד.

— א גנב? וואו?

— דא אין ווארשע.

— ווירקליך? נו, אלץ איז מעגליך. ס'האט זיך געשאפען א לאגע אז איך מוז צוויי מאל אין דער וואך זיך באווייזען פאר דעם פירשט. ער באנוגענט זיך נישט מיט רייד. ער נעמט מיך ארום, ער דריקט מיך צו זיך. ער פרואווט זיך דערנעהענטערען צו מיר. דאס שמעקט שוין איינפאך מיט פראסטיטוציע. אבער בערנארד טרייבט מיך דערצו. א חוץ דעם וואס דער פירשט צאלט גוט געלט, איז ער אויך א שיכור און א האלבער משוגע'נער. ער האט שוין געסטראשעט בערנארד'ן אז ער וועט אים דערשיסען. ער האט שוין צוגעלייגט א רעוואלווער צו מיין ברוסט. קאנט איר זיך פארשטעלען אזא סיטואציע? א פארליבטער מאן סטראשעט דעם פאנטאם פון זיין פרוי מיט א רעוואלווער! אט צו וואס ס'קאן דערגעהן דאס מענטשליכע משוגעת.

— ער ווייסט, אז דאס זענט איר, נישט זיין ווייב.

-- יא, ער ווייסט. אבער ער וויל זיך אליין אפנארען. איך קאן דאס מער נישט אויסהאלטען. איך מוז אנטלויפען. אויב נישט, וועל איך מוזען באגעהן זעלבסטמארד.

---

(ווייטערעס — מארגען)

# שוים

## נאָוועלע

פון
יצחק ווארשאווסקי

(פארזעצונג)

5

אינדרויסען איז געווארען נאכט. ס'האבען זיך אנגעצונדען די עלעקטרישע לאמפען. דורך אן אפענעם אויבערלופט האבען אריינגעבלאזען ווארימע ווינטלעך. ס'איז מאקס'ן אויפגעפאלען, אז די טעג הויבען שוין אן צו ווערען קירצער. ס'האט זיך דערנעהנטערט דער חודש אלול ווען א פיש אין וואסער ציטערט און אידען זאגען סליחות.

טערעזא איז געהאט געווארען הונגעריג און מאקס האט באשטעלט פאר איר זעמל, הערינג, אייער. ער האט באטראכט ווי זי עסט און געקלערט: קיין גייסטער קאן זי נישט עסען; זי מוז אנפילען דעם בויך מיט שפייז ווי אלע אנדערע...

— קאן זי זיך אריינפאסען אין מיין פלאן? — האט מאקס זיך געפרעגט.

איצט, אז שמואל סמעטענע איז קראנק און רייזל קארק הייסט ווארטען, איז מאקס'עס גאנצער פראיעקט זיך געהאט צעפאלען. ער האט געהאט פארלוירען צירעלע'ן. רייזל קארק האט געהאט די דעה איבער באשע'ן. נו, און אזא ווי שמואל סמעטענע קאן קרענקען וואכען, חדשים, אפילו יארען.

מאקס האט געקנייטשט דעם שטערן, פארצויגען די ברעמען. ער האט געפרעגט:

— איר ווילט אנטלויפען פון דעם משוגע'נעם פריץ אדער אויך פון — ווי הייסט ער — שקאלניקאוו?

— פון אלץ מיט אנאנדער.

— וואס ווילט איר טאן אין ארגענטינע, חתונה האבען?

— וואס כ'וויל טאן, איז אהן שותפים.

— איר האט שקאלניקאוו'ן מער נישט ליב?

— א, ער האט מיך אזוי אריינגענומען אין די הענט, אז כ'בין איינפאך ווי א שפילכל ביי אים. ער נוצט מיך אויס. דאס אלץ. ווען איר רעדט מיט אים, ווייסט ער אלץ. ער גיט יעדען איינעם עצות. כ'האב געהערט ווי ער האט גערעדט צו אייך וועגען היפנאטיזם און טעלעגראמעס. ער אליין איז האלב משוגע און ס'העלפט אים נישט קיין שום היפנאטיזם. ער געהט צו נערוועןדאקטוירים. דאס איז דער אמת. ער האט מיך אליין אויך קראנק געמאכט. אויב כ'וועל זיך נישט ארויסרייסען פון אים, וועל איך קריגען א נערוועןצוזאמענברוך.

— וואס קאן איך טאן פאר אייך?

— כ'קאן נישט אנגעבען אויף קיין אויסלענדישען פאס, ווייל ווען ער וועט זיך דערוויסען, אז איך וויל אוועקפארען, וועט ער מאכען די גרעסטע סקאנדאלען. ער טרייבט מיך צו דעם סאפיעהא און דערביי איז ער משוגע אייפערזיכטיג. ווי אלט, רעכענט איר, איז ער?

— ער זעהט אויס ווי א יאר פופציג.

— אכט און פופציג יאר. איך מוז איינפאקען א קליין רענצעלע און זיך אריבערשמוגלען די גרעניץ. כ'האב געטראכט אז איר קאנט מיר העלפען.

— אריבער די גרעניץ איז א קלייניקייט. אבער וואס ווייטער? אויף הוצאות האט איר?

— כ'האב א ביסל געלט. וויפיל דארף קאסטען צו פארען קיין ארגענטינע?

— איר קאנט נישט אויסגעבען דעם לעצטען גראשען אויף א שיפסקארטע. ווען איר קומט אן אהין, קאנט איר נישט באלד מארגען אנהויבען אייערע געשעפטען מיט די גייסטער. איר מוזט קריגען קאנטשאפט. אין ארגענטינע קאן א פרוי נישט געהן אליין אין גאס. אויב איר געהט אליין אין גאס, וועלען זיך צוטשעפען צו אייך אלערליי שלעק. די פאליציי וועט אייך נישט באשיצען, ווייל ווען איר געהט אהן א שאפעראן — אזוי רופט מען דאס — זענט איר א גאסען־פרוי.

טערעזא האט אויפגעהויבען דעם קאפ פון טעלער.

— אזוי איז דארט? ווי איז אין אמעריקע, כ'מיין אין ניו יארק?

— א פרוי אליין איז אומעטום ווי א שיף אהן א רודער.

— הא? דערפאר האט דער בערנארד איבער מיר אזא כח — כ'קאן נישט אליין געהן אין די צייטונגען אנאנסירען. כ'קאן אפילו נישט דינגען א דירה אליין. ווי לאנג וועלען דאס פרויען זיין אזוי פארשקלאפט? כ'הער אז אין אויסלאנד איז אנדערש.

— ס'איז נישט אנדערש. אין לאנדאן איז געווען א דעמאנסטראציע און א פרוי האט געפרואווט שלאגען דעם מיניסטער, ווייל זיי ווילען גלייכבארעכטיגונג. אבער ס'העלפט זיי ווי א טויטען באנקעס. אויב עס באגלייט אייך נישט א מאן, מוזט איר האבען א דינסט, א מאמע אדער עמיצען אנדערש. אנישט, וועט מען אייך אפילו נישט אריינלאזען אין א האטעל. וואס איז ביי די גייסטער? דארט האבען די פרויען גלייכבארעכטיגונג?

— א, איר לאכט אויס מיר.

— כ'לאך נישט. כ'פרעג. ווי באלד די גייסטער עסען און רעדען, זענען זיי דאך ווי מענטשען. ערנסט גערעדט, אין ארגענטינע איז נאך ערגער ווי דא. ס'זענען אין בוענאס איירעס אויך פאראן טרעפעריגס און כ'בין אמאל אריינגעגאנגען צו איינער. זי'ט מיר געטראפען אויך. אבער דאס איז געווען אן אלטע פרוי און א דארטיגע. כ'דארף אייך נישט זאגען אז איר'ט זיך מוזען אויסלערנען שפאניש. אידען קומען זעלטען צו טרעפעריגס און וויפל אידען איז דארט פאראן? איר מוזט קאנען שפאניש. אין דעם פאך מוז מען יענעם פארדרעהען די ציין. וואס'ערע שפראכען קאנט איר א חוץ אידיש און פויליש?

— רוסיש.

— מער גארנישט?

— מער גארנישט.

— וואו איר זאלט נישט קומען, מוזט איר זיך אויסלערנען די שפראך. איר מוזט רעדען שנעל ווי א וואסער. איר האט אמאל געהערט ווי די ציגיינערינס רעדען?

— כ'בעט אייך, פארגלייכט מיך נישט צו זיי. כ'בין געקומען צו אייך מיט דער האפענונג, אז איר'ט מיר העלפען, אבער איר לייגט מיר שטיינער אויפ'ן הארץ.

— כ'זאג אייך דעם אמת. סאיידען איר ווילט כ'זאל אייך אפנארען.

— כ'מוז נישט זיין קיין מעדיום.

— וואס איר זאלט נישט וועלען טאן, מוזט איר קאנען די שפראך. אויב איר ווילט געהן ארבעטען אין א פאבריק, וועט איר פארדינען וואסער אויף קאשע. אידישע פרויען ארבעטען נישט אין ארגענטינע. אין ניו יארק איז עפעס אנדערש. דארט געהט איר ארבעטען אין א שאפ ביי א לאנדסמאן, אדער וואו ס'זאל נישט זיין, און קיינער טשעטעט אייך נישט. כ'בין דארט געווען און קען די שטאט. אבער עס איז דארט אויך שלעכט. איר מוזט ווערען א באַרדערין ביי א מיסיס — אזוי רופט מען דארט די באלעבאסטעס — און איר שלאפט מיט נאך דריי מיידלעך אין איין שטוב. איר ארבעט אפ א גאנצע וואך און ס'בלייבט אייך קוים אויפ'ן שטיקעל ברויט. איר מוזט פארען צו דער ארבעט מיט א באהן און אהיימפארען מיט א באהן. ווינטער ווערט מען געפרוירען פון קעלט און זומער ווערט מען דערשטיקט פון דער היץ.

— הייסט עס, ס'איז נישטא פאר מיר קיין שום אויסוועג?

— איר מוזט זיין אדער עמיצענ'ס ווייב, אדער עמיצענ'ס געליבטע.

טערעזא האט אונטערגעהויבען דאס גלאז ווי צו טרינקען און עס צוריק אוועקגעשטעלט.

— צו זיין עמיצענ'ס ווייב אדער געליבטע, מוז יענער געפעלען. איך קאן זיך נישט גלאט פארקויפען ווי א סחורה אויפ'ן מארק.

— טייל קאנען און טייל קאנען נישט. ביי די טערקען קויפט א מאן א ווייב און קיינער האלט עס נישט פאר קיין זינד. דער טאטע פארקויפט זיינע טעכטער. אונזער אייגענער זיידע, יעקב אבינו, האט געקויפט רחל'ען ביי לבנ'ען פאר זיבען יאר ארבעט און ער'ט אים נאך באשווינדעלט פאר א צולאג.

— כ'האב נישט קיין טאטע'ן וואס זאל מיך פארקויפען.

— פארט מיט מיר. איך זוך א געליבטע.

מאקס איז געווארען געפלעפט פון די אייגענע ווערטער. ער האט זיך געשראקען טערעזא זאל אים נישט אנזידלען, אדער אפילו זיך אויפהויבען און אים איבערלאזען. אבער זי איז געזעסען שטיל, מיט א געבויגענעם קאפ און אריינגעקוקט אין טעלער.

אינדרויסען, א פאר טריט פון פענסטער, האט זיך געהאט אפגעשטעלט א טראמוואי. טייל פאסאזשירען זענען אויסגעשטיגען, אנדערע זענען איינגעשטיגען. מאקס האט אינדערגיך אלעמען באטראכט. ווער זענען זיי? וואוהין פארען זיי? איז אלץ ביי זיי אין ארדענונג? אדער זענען זיי פונקט אזוי צעמישט ווי ער, מאקס, און טערעזא? ניין, זיי האבען אלע אויסגעזעהן איינגעזעסענע לייט וואס ווייסען גענוי וואוהין און צו וועמען זיי פארען. א יונגע דאמע האט געעפענט א טאש און ארויסגעגראבעלט פון א פיצעלע טייסטערל די פאר גראשען פאר'ן קאנדוקטאר. אויבענאן, נישט ווייט פון מאשיניסט, זענען געזעסען די רייכערע פאסאזשירען, יענע וואס צאלען פינף קאפיקעס אנשטאט דריי. דער טראמוואי האט געטאן א קלונג און זיך אוועקגעגליטשט. דארט וואו דער בויגען רייבט זיך אן אין די דראטען האט אויפגעבליצט אן עלעקטרישער פונק.

טערעזא האט אונטערגעהויבען דעם קאפ.

— איר לאכט אויס מיר, הא?

— כ'לאך נישט. כ'האב א ווייב וואס איז קראנק און האלב משוגע. כ'קאן מער מיט איר נישט לעבען.

— לויט ווי איר האט גערעדט צו בערנארד'ן, קאנט איר מיט קיינעם נישט לעבען.

— הא? ווען כ'האב עמיצען וואס איז מיר נאהענט, וואלט איך געקאנט. אין מיינע יארען איז שווער צו לויפען פון איין פרוי צו דער אנדערער. מ'זוכט א נאהענטע, א פריינד.

דאס איז דאך פארקערט פון מיין גאנצען פלאן, האט מאקס געטראכט. כ'דרעה אלץ איבער קאפויער...

ער איז געזעסען פאר'חידוש'ט פון זיינע רייד און דערפון וואס טערעזא הערט זיך צו צו אים. ער האט איינגעזעהן זינט יארען, אז ווי קרום א געדאנק זאל נישט זיין און ווי ווילד די רייד זיינע זאלען נישט פארקומען אים אליין, — האבען מענטשען פונדעסטוועגען זיך צוגעהערט צו אים און אפט מיט א מינע אשטייגער ווי זיי האבען שוין אליין אויך געקלערט דערוועגען. ער האט איצט פאקטיש פארגעשלאגען טערעזא'ן זי זאל ווערען זיין געליבטע און געטאן האט ער דאס נישט וויסענדיג צי זי געפעלט אים און אפילו מיט מורא זי זאל נישט איינוויליגען. אפשר האב איך צוליב איר געדונגען די וואוינונג ביי די פאריסאווערס? — איז אים דורכגעלאפען א רעיון. ער האט זיך איינגאנצען פארלאזט אויף זיין צונג. זי איז געווארען זיין פירערין, זיין גורל. ער האט געהערט ווי טערעזא זאגט:

— מיר קענען זיך נאך פאקטיש נישט. מיר'ן זיך ערשט דארפען באקענען.

— מיר'ן זיך באקענען. דאס וואס איר האט מיר דערציילט וועגען אייך איז טשיקאווע. האט איר אמאל ליב געהאט דעם בערנארד שקאלניקאוו?

— א, ער איז אזוי פיל עלטער פון מיר. ער האט אנטדעקט מיין פעהיגקייט. ער האט מיך געלערנט, ער איז געווען ביי מיר א לעהרער און א טאטע. איך שטאם פון א קליין שטעטל אין גרויס פוילען. ס'האט נישט געקאנט זיין אנדערש: כ'בין געווארען זיין געליבטע.

— פארוואס נישט זיין ווייב?

— ער האט א ווייב וואס וויל אים נישט גט'ען.

— נו, די אלטע מעשה.

— אבער ווי לאנג קאן דאס אזוי דויערען? ער איז שוין נאהענט צו זעכציג און איך בין נאך נישט קיין דריי און דרייסיג. ער צווינגט מיך צו די דאזיגע קונצען מיט דעם פירשט סאפיעהא. דאס הייסט, אז ס'איז מער נישטא קיין ליבע פון זיין זייט אויך. ער וויל מיך איינפאך אויסנוצען, פארקויפען. דאס געלט נעמט ער צו. ער זאגט מיר קיינמאל נישט וויפל ער האט און וואו ער האלט זיין געלט. כאטש איך האב עס אים געהאלפען פארדינען. מער ווי דאס עסען און אמאל א קלייד האב איך ביי אים נישט. כ'ווינטש אים נישט קיין שלעכטס, אבער וואס וואלט איך געטאן ווען ס'געשעהט מיט אים עפעס? זיין ווייב וואלט געקומען און מיך ארויסגעווארפען. ער איז שוין געווען ערנסט קראנק און ס'האט שוין אויסגעזעהן גאנץ שלעכט. דאנקען גאט, ס'איז אים בעסער געווארען. איך האב געוואכט איבער אים טאג און נאכט. אבער מ'האט מיר געזאגט, אז זיין ווייב האט שוין געשיקט שלוחים זעהן ווי ס'האלט מיט אים.

— ער האט נישט קיין צוואה?

— כ'האב איינמאל זיך דערוועגט צו דערמאנען אזא ווארט, האט ער מיר דערלאנגט פעטש.

— נו, אזוי.

— כ'וויל איינפאך אנטלויפען. אויב כ'וועל נישט אנטלויפען פון אים, וועט ער מיך צוריקקריגען. אט דאס איז ער.

— מיט אנדערע ווערטער, ער האט אייך היפנאטיזירט.

— ער קאן איבעררעדן א שטיין.

— אפשר האט איר אים ליב?

— און אפילו יא, מוז איך אויך אנטלויפען.

— קומט צו מיר. איך האב אויך א ווייב, אבער איכ'ל אייך אפשרייבען א הויז, אדער וואס איר וועט וועלען. איכ'ל אייך צונעמען א לעהרער און איר'ט זיך אויסלערנען שפאניש. ס'איז נישט קיין שווערע שפראך. איר'ט עפענען א סאלאן און ס'געלט וועט געהן פאר אייך, נישט פאר מיר. איך דארף נישט אייער געלט.

— וואס וועט זאגען אייער ווייב?

— זי קאן גארנישט זאגען. יעדער איינער אין ארגענטינע האט א מעטרעסע. אפילו די גלחים. מען קוקט אויף אזא פרוי מיט רעספעקט. כ'ביך געבליבען אהן א קינד און כ'וואלט נאך געוואלט, ווי מ'זאגט, א קדיש. וועמען זאל איך איבערלאזען מיין פארמעגען? איר זענט נאך יונג און איר וואלט אוואי־

(שלוס אויף זייט 3)

# שמוזים

פון

## י. וואַרשאַווסקי

(שלוס פון זייט 2)

אויך נאָך געוואָלט האָבען אַ קינד.

— יאָ. כ׳האָב ליב קינדער. ווי באַלד מיר וואוינען ווי שוועסטער און ברודער — ער שטעלט מיך פאַר פאַר יעדען ווי אַ שוועסטער —קאָן מער נישט זיין קיין רייד וועגען קיין קינד. כ׳האָב צוויי מאָל פאַרשווענגערט און כ׳האָבביידע מאָל געמוזט געהן צו אַן אַקושער־קע אַפטרייבען. דאָס צווייטע מאָל בין איך געווען האַלב־טויט. כ׳האָב געקראַגען אַ בלוט־שטורץ.

— דאָס איז נישט קיין לעבען פאַר קיין יונגער פרוי.

ס׳איז געוואָרען שטיל. אַ צוויי־טער טראַמוואַי האָט זיך אָפגע־שטעלט און ווי מאָדנע: ער איז געווען אינגאַנצען ליידיג.

טערעזאַ האָט אַ פרעג געטאָן:

— ווען פאָרט איר?

— כ׳קאָן פאָרען אַפילו מאָר־גען. קיין זאַך האַלט מיך דאָ מער נישט אָפּ. כ׳האָב אָפגעטאָן עטלי־כע נאַרישקייטען, אָבער אַז כ׳זיץ אויף אויף דער באַהן, בלייבט אַלץ פון הינטען. איין זאַך וויל איך בלויז: נאָך זיין ביי מיר אין שטע־טעל פון וואַנען כ׳שטאַם. ראַשקעוו הייסט עס. כ׳האָב דאָרט קרובים און כ׳וואָלט געוואָלט אַ קוק טאָן אויף זיי. אפשר קאָן איך עפּעס העלפען.

— פאַרוואָס זענט איר נישט גע־פאָרען באַלד אַהין?

— אָ, כ׳האָב מיך געהאַט פאַר־בענקט נאָך וואַרשע. אפשר דער־פאַר ווייל ס׳איז געווען באַשערט כ׳זאָל אייך טרעפען. אייב איר ווילט, פאַקט איין אַ פּאָר זאַכען — אָדער פאַקט גאַרנישט איין, מיר אַרט נישט — און מיר׳ן פאָרען צו־זאַמען קיין ראַשקעוו און פון דאָרט צו דער גרעניץ.

— וואו שטעקט־אָן דאָס ראַש־קעוו?

— ס׳איז נישט גאַר ווייט פון דער גרעניץ.

— וואָס וועל איך טאָן אין ראַש־קעוו?

— אָ, איר וועט וואַרטען אויף מיר עטליכע טעג. דער אמת איז, אַז כ׳בין נישט געפאָרען אַהין ווייל ס׳איז מיר געווען אומעטיג צו פאָ־רען אַליין. זינט מיין זוהן איז אַוועק פון דער וועלט, קאָן איך נישט בלייבען אַ מינוט אַליין. ווי נאָר כ׳בלייב אַליין, באַפאַלט מיך אַ מרה־שחורה און כ׳וויל מאַכען אַ סוף.

— אַזוי האָט איר אים ליב גע־האָט?

— כ׳ווייס גאַר נישט צי כ׳האָב אים אַזוי ליב געהאַט. ס׳איז מיר גלאַט געוואָרען פוסט, שרעקליך פוסט. איר גלויבט טאַקע אַז די טויטע לעבען?

— אָדער די טויטע לעבען, אָדער די לעבעדיגע זענען טויט...

— נו, איר זענט אַן אינטערע־סאַנט מיידל. מיט אייך צוזאַמען וואָלט איך געקאָנט זיין גליקליך...

(פאַרזעצונג פרייטאָג)

# שוים

נאוועלע

פון יצחק ווארשאווסקי

(פארזעצונג)

## קאפיטעל זעקס

1

— ווי משוגע קאן א מענטש זיין?! — האט מאקס גערעדט צו זיך אליין.

ער האט געהאט באצאלט צען רובל פאר א צימער אויף דער דזשיקע גאס, אבער טעג זענען אריבער און ער האט נאך אלץ געוואוינט אין האטעל בריסטאל. טערעזא איז גרייט געווען צו פארן מיט אים איבער דער וועלט; זי האט אים געזאגט קלארע ווערטער: זי וועט אים באגלייטן וואו ער וויל; אבער רייזל קארק האט געהאט צוגענומען זיין פאס. ער האט טעלעפאנירט עטליכע מאל אין טאג, אבער טיילמאל האט זי אינגאנצן נישט געענטפערט. און אנדער מאל האט זי א זאג געטאן: כ'קאן נישט גיין צום מאכער. כ'קאן נישט איבערלאזן דעם קראנקן אליין...

מאקס האט ארומגעשפאנט אהין און צוריק איבער דעם צימער. ער האט געהאט אוועקגעגעבן דעם ארגענטינער פאס א זונה פון קראכמאלנע גאס, אן אויסוואורף. זאל ער מעלדן דער פאליציי? זאל ער אוועק צו איר און איר צושטעלן דעם רעוואלווער צו דער ברוסט? זי קאן מאכן א געשריי. זי האט מסתמא אירע שטארקע. מ'וועט אים צעשלאגן און דערנאך וועט מען אים ארעסטירן פאר א צילאג. ס'האט דא ערגיץ אין ווארשע זיך געדארפט געפינען אן ארגענטינער קאנסול, אבער וואו איז ער? און וואס קאן ער, מאקס, זאגן דעם קאנסול? ווער גיט עפעס אוועק א פאס?

— נו, כ'בין אריין אין א פאסטקע!...

מאקס האט געפרואווט טעלעפאנירן באשע'ן, אבער צוגעקומען איז די באלעבאסטע. זי האט א געשריי געטאן:

— באשע איז פארנומען!

און אוועקגעלייגט דאס טרייבל מיט א זעץ.

— כ'בין ווערט דעם שטעקן. כ'בין ווערט אלץ וואס ס'קומט אויף מיר, — האט מאקס צו זיך גערעדט, — דער טייערער איד האט מיך פארשאלטן...

אהן דעם פאס האט מאקס אפילו נישט געקאנט פארן קיין ראשקעוו. וואו מ'קומט, מוז מען זיך איינמעלדן. זשאנדארמען קומען אריין אין וואגאן און הייסן זיך ווייזן א פאס. אויב מ'האט נישט, ווערט מען אוועקגעשיקט מיט'ן עטאפ. נו, אבער ער, מאקס, איז געבוירן אין ראשקעוו. ער קאן דארט ארויסקריגן א מעטריקע...

— איכ'ל זי דערשיסן! איכ'ל זי דערשיסן און דערנאך מיר אליין געבן א קויל אין קאפ — האט מאקס געזאגט צו זיך אליין. — אלץ איז בעסער ווי פוילן אין קרימינאל...

ער איז ארויס אין קארידאר און נאכאמאל אנגעקלונגען רייזל'ען. א מאנסביל איז צוגעקומען צום טעלעפאן. מאקס האט דערהערט א גראב קול.

— וואוינט דא רייזל קארק?

— יא, וואס ווילט עך?

— כ'דארף מיט איר רעדן.

— ווי הייסט עך?

— מאקס. מאקס באראבאנדער.

— באראבאנדער, הא? ווארט־צו.

יענער איז אוועק רופן רייזל'ען, אבער פינף מינוט זענען אריבער און קיינער האט זיך נישט אנגערופן. מאקס האט אוועקגעלייגט דאס טרייבל און ווידער אנגעקלונגען, אבער דאס מאל האט קיינער נישט געענטפערט. ער האט טעלעפאנירט א דריט מאל און א פערט מאל.

זאל רייזל זיך האבן דערוואוסט וועגן זיין באגעגעניש מיט טערעזא'ן? האט זי אים נאכגעשיקט שפיאנען? אדער האט זי גלאט געדארפט זיין פאס פאר אירע פוילע עסקים?

— דערשיסן איז נישט גענוג, — האט מאקס געטראכט. — איכ'ל שניידן פון איר לעבעדיגע שטיקער. זי'ס זיין גליקליך, אז כ'על זי פארטיג מאכן...

יארען זענען געהאט אריבער און ער האט אויף קיינעם נישט געטראגן קיין כעס. די אינגעלשע פאנטאזיעס וועגן שיסן, שלאגן, שטעכן זענען געהאט אויסגערונען. אלע זיינע קלערעכצער האבן געהאט צו טאן מיט ווייבער, מיט זיינע נערוון, מיט דאקטוירים, ווארעמבעדער, הידראפאטיע. אבער מאקס האט איצט געשפירט ווי דאס בלוט זידט אין אים פון צארן.

ער האט געעפענט די וואליזע און ארויסגענומען דעם רעוואלווער. ער האט איבערגעציילט די קוילען אינעווייניג.

— ניין, כ'מוז קויפן א מעסער, — האט מאקס באשלאסן. — אבער וואו קריגט מען א מעסער? ער וועט אוועק ערגיץ אין די האלעס, אדער פאר'ן אייזערנעם טויער, וואו ער קאן רעדן אידיש.

— נו, דאס איז מיין מזל, — האט מאקס זיך ווי פארענטפערט פאר זיך אליין. ער האט געדענקט דעם חלום זיינעם, ווי ער זיצט אין ארסענאל און די ארעסטאנטן גלאצן אויף אים שווייגנדיגערהייט.

דער דאזיגער חלום האט אים אלעמאל געשראקן. ער האט זיך איבערגע'חזר'ט צענדליגער מאל און שטענדיג איז ער אויפגעקומען פון אים מיט דער אייגענער אומהיימליכער שווערקייט און מיט דער זיכערקייט, אז מ'ווייזט אים, ווי פרעה מלך מצרים, גאט'ס פלעצער... ווי האט ער דארט געהייסן, יענער אין חומש, דער בעקער־מייסטער, וואס יוסף האט באשיידט זיין חלום?

מאקס האט זיך דערמאנט די ווערטער: „און די פייגל וועלן עסן דאס פלייש פון דיר"...

מאקס האט איצט געזעהן דאס בילד גלייך ווי אמאל אין חדר: א האלב־פינסטערער גרוב, יוסף אין א צעריסען העמד, מיט לאנגע האר... דער מייסטער פון געטראנקען, דער בעקער־מייסטער... „גאט וועט אויפהויבן דיין קאפ און דיך אומקערן אויף דיין שטעל... „פרעה וועט אראפנעמען דיין קאפ פון דיר און דיך אויפהענגען אויף א בוים"...

ער, מאקס, האט געלערנט אמאל. ער האט נאך איצט געדענקט „אם אויסרעדען ביי ואני בבואי מפדן ארם... און כאטש איך בין דיך מטריח מיט מיין קבורה, אבער דיין מוטער רחל האב איך נישט אזוי געטאן... ס'איז נאך געווען א שטיקל אקער־לאנד... די ערד איז געווען דורכגעלעכערט ווי א רעשעטע... מאקס האט זיך געפרואווט דערמאנען די ווייטערדיגע ווערטער, אבער ער האט מער נישט געדענקט. בלויז דער ניגון איז געבליבן.

— ווי האט ער געהייסן דער מלמד? איטשעלע כענטשינער... ווי לאנג איז דא אין דעם, הא? נו, אלץ איינס. כ'בין א פארלוירענער, א פארלוירענער... כ'על מיין גורל נישט אויסמיידן...

מאקס האט אריינגעשטעקט דעם רעוואלווער אין דער הויזן־קעשענע. ער האט פארשלאסן די טיר און איז אראפ מיט די טרעפ. ער האט איבערגעלאזט דעם שליסל ביים קלערק. מאקס האט זיך שטומערהייט געזעגנט מיט דעם האטעל, דעם קלערק, די אנדערע באדינער. היינט באנאכט וועל איך שוין אוודאי שלאפן אין טורמע, אדער אפשר ליגן ערגיץ א טויטער... זיי מוחל, ראשעל. זיי מיר מוחל, צירעלע... זייט מיר מוחל, טייערער איד... כ'האב אלץ כשר פארדינט, אלע שמיץ! מ'זאל מיך כאטש ברענגען צו קבר ישראל...

מאקס איז געגאנגען מיט'ן טעאטער־פלאץ, דער סענאטאריען־גאס, באנק־פלאץ. דער זייגער אין ראטהויז האט געוויזן צען מינוט נאך צוויי. אויבן, אויפ'ן טורעם, אזוי הויך, אז מ'האט געמוזט פארדרייען דעם קאפ, האט געקרייזט א קליין מענטשעלע — א פייערלעשער, וואס האט אויסגעשפירט א שרפה. צו דער אפערע איז צוגעפארן א פלאטפארמע מיט דעקאראציעס, שטיקער ווענט וואס האבן געוויזן הייזער, א גארטען, א טייך, שוואנען...

אויף דעם באנק־פלאץ איז ווידער אריינגעפארן אין טויער א קעטשל מיט געלט, באוואכט פון צוויי באוואפנטע וועכטער. מאקס האט געקוקט אויף זיי און זיי האבן צוריקגעקוקט. — וואס וואלט געווען, אשטייגער, ווען כ'נעם ארויס דעם שפייער און דערשיס זיי? מ'וואלט מיך געכאפט. די גאס איז פול מיט פאליציי... — נו, נארישע געדאנקען. וואס זענען זיי שולדיג? זיי זענען אוודאי טאטעס פון קינדער...

מאקס איז אריין אין דער פושעכאדניע, ארויס פאר'ן אייזערנעם טויער. צווישן די פילארען פון דער וויענער סאלע האבן הענדלערינס אויסגערופן קנעפ, שפילקעס, נאדלען, ציכלער, רעשטלעך סחורה, אבער קיינער האט דא נישט פארקויפט קיין מעסערס.

וואו קריגט מען א מעסער אין ווארשע? — האט מאקס זיך געחידוש'ט. ער האט נישט בדעה געהאט צו לאזן דער רייזל'ען שטארבן מיט א גרינגען טויט.

ער האט זיך אריינגעדרעהט אויף פלאץ מיראווסקי, זיך געלאזט צו די האלעס. דא קריגט מען אלץ, אפילו פיש פון ים... ער איז אריין אין דער ערשטער האלע, אבער אלץ וואס ער האט דארט געזעהן איז שפייז; פוטער, קעזן פון אלערליי סארטן, עפל, בארנעס, פלוימען, טייטלען, פייגן, כאלווע. יא, רינדער־פלייש, היגער, קאטשקעס, אינדיקעס. וואס איז דאס, הא? א פעזאנט. נו, און דאס? האזען... אלץ, אבער נישט קיין מעסער.

— וועה איז מיר, וואס טוט זיך מיט מיר? אפשר איז נאך צייט צו געפינען עפעס אן אנדערע עצה? — האט מאקס זיך געפרעגט. — אפשר אמאל אוועק צו דער פאליציי און אלץ דערצעהלען? מ'הענגט נישט קיינעם פאר פארלירן דעם פאס. איכ'ל שיקן א טעלעגראמע ראשעל'ן און איר הייסן קומען. זי'ס מיך ראטעווען...

מאקס האט זיך אפגעשטעלט א וויילע. צווישן דער ערשטער האלע און דער צווייטער זענען געשטאנען טישען מיט טעפ, פאיאנס, געשיר. אויף איין טיש זענען געלעגען מעסערס — געוועהנליכע קיך־מעסערס מיט הילצערנע שטילען. מאקס האט אויסגעקליבן דאס בעסטע מעסער און באצאלט. ער האט צוגעשטעלט א נאגל צו דער שארף ווי א שוחט צום חלף. שטומפיג ווי האלץ.

ווי אויסטערליש, נאר א פאר טריט ווייטער האט מאקס דערזעהן א גוי מיט א מאשין צו שארפען מעסערס; אן אלט מענטשל מיט ווייסע וואנסען, איינגעפאלענע באקען, אנגעטאן אין אן אפגעלאקירטען שפענצער און אין א בלוי היטל מיט א גלאנציגען דאשעק. מאקס האט אים אפגעשטעלט און אים דערלאנגט דאס מעסער. ער האט געהאט פארגעסן ווי מ'זאגט אויף פויליש: שארפען. ער האט גערעדט אויף שטום־לשון.

דער אלטער האט צוגעפירט דאס מאשינדל צום טראטואר און גלייך גענומען שארפען דאס מעסער אין דעם שלייף־שטיין. פונקען זענען אזש געפלויגען. פון מאל צו מאל האט ער געטאן א קוק אויף דער שארף.

— אט אזוי באגעהט מען מארדען? — האט מאקס אין זיך גערעדט. — כ'שפיל מיך גלאט...

ער האט באקומען דאס מעסער און באצאלט דעם גוי צוואנציג גראשען. יענער האט געפרואווט געבן א רעשט, אבער מאקס האט אוועקגעמאכט מיט דער האנט.

ער איז איצט געגאנגען ביז דער ציעפלע, פארביי די קאזארמע פון וואלינער פאלק. מ'האט אינעווייניג מושטירט סאלדאטען. אן אפיציר איז געריטען אויף א פערד.

מאקס איז געשטאנען און געגאפט. ער האט געהאט א געפיהל אז ער האט שוין דאס אלץ איבערגעלעבט. אויף דער וואך? אין חלום? אלץ איז אים פארגעקומען היימיש; דער מעסער־שלייפער, די אידענע מיט דעם איינעם אויג, וואס האט אים פארקויפט דאס מעסער, דער אפיציר אדער פעלדפעבל, וואס איז ארומגעריטען אויף א פערד בעת אן אנדערער, מיט א נידריגען ראנג, א קארפאראל, אדער א דרייבענדלדיגער, האט אויסגערופן אויף רוסיש די קאמאנדע. די סאלדאטען האבן פונדערווייטנס אויסגעזעהן אלע גלייך און עפעס ווי הילצערנע גולמ'ס. די באיאנעטן זייערע האבן געגלאנצט אין דער זון. פון אונטער דעם פערד'ס פיס האט זיך אויפגעהויבן א שטויב.

— וואס לערנען זיי זיך? — האט מאקס געטראכט. — הרג'נען מענטשען... ווייזט־אויס, מ'מוז הרג'ענען, מ'מוז. פריהער אדער שפעטער ווערן מענטשען אזוי געמיין, אז מ'מוז זיי אוועקלייגען...

ס'האט אין אים פונסניי אויפגעקאכט דער צארן: אויב זי'ט מיר נישט געבן דעם פאס, איז זי א קדוש... זי'ט נישט מאכן פון מיר ס'גענאר... ס'לעבען איז מיר שוין נמאס סאי־ווי־סאי...

מאקס איז צוגעקומען צו עק קראכמאלנע און איז צוגעגאנגען צום טויער נומער דריי און צוואנציג. אין בוזעם־קעשענע האט געשטעקט דאס מעסער, אין הויזען־קעשענע האט געשווערט דער רעוואלווער.

— ס'איז נאך נישט צו שפעט זיך אומצוקערען אהיים. — האט א קול אים געווארענט. — באלד וועט זיין צו־שפעט...

אבער וואוהין זאל ער געהן אהן א פאס? ניין, ער קאן זיך נישט לאזען אזוי אנפייפען... א נאכאל מוז ווערען באשטראפט... אויב נישט, וועט די וועלט ווערען פול מיט מנוולים... וואס קאן ער איר טאן אויב נישט זי הרג'נען? זי אנקלאגען צום נתנה תוקף? זי רופען צו א דין־תורה ביים טייערען איד? עפעס אין מאקס'ן האט געלאכט. פאר גראנדאווניקעס איז דא איין לעהרע; פארפעסטען א מעסער... זיי פארשטעהען בלויז איין לשון... די קסרים אליין פארשטעהן אויך נישט עפעס אנדערש. ... מ'רייסט זיך אזוי לאנג ביי די נעז ביז מ'הויבט אן א מלחמה...

מאקס איז ארויף מיט די טרעפ צו רייזל קארק. ער האט אנגעקלאפט, אבער מ'האט נישט געענטפערט. ער האט געטאן א שטופ די טיר און זי האט זיך געעפענט. ער איז פארביי דעם קארידאר, די מיטל־שטוב. ער האט געטאן א בליק אין קיך. איז קיינער נישט אין דער היים? ער האט געעפענט א טיר און דערזעהן שמואל סמעטענע. ער איז געזעסען אין בעט, דער רוקען אונטערגעלעהנט מיט דריי קישענס, אנגעטאן אין א בארדא שלאפראק. ער האט אויסגעזעהן געזונט, אבער דאס מויל איז אים געשטאנען אין דער קרום. אונטער די אויגען האבן געהאנגען בלויע טארבעס. ער איז פארגעקומען מאקס'ן אויסטערליש פעט און אנגעבלאזען.

א וויילע האט שמואל סמעטענע געקוקט אויף מאקס'ן פון אונטער די געדיכטע ברעמען. דערנאך האט ער געזאגט:

— נו, קומט אריין.

— רייזל איז נישטא?

— געגאנגען איינקויפען. די דינסט איז אוועק. ווי אזוי זענט איר אריין? די טיר איז אפען?

— נישט פארמאכט.

— נו, זעצט אייך. איר ווייסט שוין וואס מיר איז קאפויער געקומען, הא?

— יא, כ'זעה. אזוינע זאכען געהען אריבער.

— הא? כ'בין געווען געזונט און שטארק. מיטאמאל האט עפעס גענומען ציטערען אט דא און ס'איז מיר געווארען טונקל פאר די אויגען. כ'בין אוועקגעפאלען אין מיטען גאס צ'ישען אלע וואגענס און פלאטפארמעס. אז כ'האב געעפענט די אויגען, בין יאך געלעגען אין שפיטאל.

— ס'טרעפט. איר זעהט נישט אויס שלעכט.

— זעכציג יאר אפגעלעבט און קיינמאל ביי קא' דאקטאר נישט געווען. טוט א קוק אויף מיין מויל. קרום.

— ס'עט זיך אויסגלייכען.

— כ'האב נישט געוואלט ליגען אין שפיטאל. כ'האב פיינט א שפיטאל. א בעט נעבען מיר איז עמיץ געשטארבען. ווי קאן מען געזונט ווערען אז עמיץ גוסס'ט נעבען אייך? ס'זענען געקומען א פאר גוטע ברידער און כ'האב געזאגט: כ'וויל נישט ליגען אין לאדוש. כ'האב געלעבט אין ווארשע און אין ווארשע וויל יאך שטארבען. מ'האט געקויפט אן אייגלייג־בעטל

---

(שלוס אויף זייט 3)

# שזוים

(שלוס פון זייט 2)

און מ'האט מיך אוועקגעטאשטשעט צו דער באהן. רייזל האט פון גאר־ניש' געוואוסט. זי עפענט די טיר און זעהט מיך א ליגענדיגען. זי'ט געטאן א לאז־ארויס א געשריי אז מ'האט געהערט איבער א האל־בער גאס.

— זי טוט כאטש אכטונג אויף אייך?

— ווער זאל אכטונג טאן אויב נישט זי? כ'האב זי פון מיסט ארויסגעהויבען און זי פאר א קיי־סערינע געמאכט. זי וואלט שוין לאנג געפוילט אין רינשטאק ווען נישט יאד... מיין ווייב איז ערגיץ אין מיכאלין אויף דאטשע, א רוח אין איר מאמע'ן אריין. מ'שלעפט דעם וואגען אזוי לאנג ביז מ'פאלט אוועק. אז מ'האט צוויי היימען, קאן מען נישט שפארען. כ'האב שי־טערע פינגער אויך. א רובל איז ביי מיר א ממזר. נו, אבער דאס אלץ איז גוט אז מ'איז געזונט. אז כ'קאן נישט געהן מיט די שררה'ס אין שענק, אדער כ'ווייס־וואו, ווערלע זיי צו מיר ניש' קומען —

— אפשר קאן איך אייך מיט עפעס העלפען?

— העלפען? ווי אזוי?

— כ'קאן אייך בארגען געלט.

— צו וואס זאלט איר דאס טאן? איר'ט דא נישט בלייבען. איר פארט אוועק. ווען איר בלייבט אין ווארשע, איז עפעס אנדערש.

— כ'פאר נאך נישט אוועק. אז איר'ט קומען צו די כוחות, וועט איר מיר אפגעבען.

— הערט נאר א מעשה! די אייגענע גוטע ברידער מאכען זיך גע'פגר'ט און דא קומט א פרעמ־דער פון יענעם עק וועלט און וויל מיר בארגען געלט. וואס טוט איר אז יאד מאך צו אן אויג? היינ־טיגע צייטען א מענטש איז ווע־ניגער ווי א פליג. אט לעבט ער און אט איז נאך עים.

— איר'ט לעבען און זיין גע־זונט.

— נו, אפשר. זי האט געלט. זי'ט אפגעשפארט א קניפל. אבער

פון

# י. ווארשאווסקי

ס'ווילט זיך נישט נעמען ביי איר. ווי זאגט מען דאס? א נעמער איז ניש' קא' געבער. א מאנסביל גיט אלץ אוועק און מ'גיט 'אים אפילו נישט א דאנק, אבער אז מ'דארף נעמען ביי א נקבה, איז שוין בע־סער צו ליגען אין קבר.

— איכ'ל אייך בארגען. ביי מיר זענט איר קוראנט.

— נו, נו, כאפט אייך ניש' צום טייסטער. אזוי שלעכט האלט נאך נישט מיט מיר. זיי זענען דא אלע געווען: דער קאמיסאר, די רעווי־ראוועס, ס'גאנצע געזינדל. רייזל האט געשטעלט משקה און זיי האַ־בען געטרונקען. דערנאך זענען זיי אוועק. וואס געהט זיי אן? וואס האט איר אפגעמאכט מיט רייזל'ען? וואס'ערע מסחרים וויל זי מיט אייך מאכען? ס'איז אלץ פוסטע זאכען.

— יא, כ'ווייס.

— ס'איז אנדערע צייטען. נישט אמאל. ווען יאד בין געקומען אויף דער קראכמאלנע, האט מען גע־שיקט מיידלעך איבער דער וועלט ווי קעלבער. מ'האט קאליע געמאכט א מויד און זי איז גלייך געווארע־א טליק. א מיידל אהן א בתולה איז געווען ווי אהן א קאפ. היינט פאר־קויפען זיי זיך אליין. אנדערע ווי־לען גאר אראפזעצען דעם קייסער.

אוועק־טאווע, ס'איז נישט וואס ס'איז געווען.

— כ'ווייס. ס'איז גלאט פאנ־טאזיעס.

— זי'ט זיך צוגעשארט צו אייך, הא?

מאקס האט געשוויגען א ווייל.

— צוגעשארט? ניין.

— פארוואס נישט? זי'ט גע־זאגט אז זי גוסטירט אין אייך.

— זי איז אייך דען נישט גע־טריי? — האט מאקס געפרעגט.

שמואל סמעטענע האט אפגע־ווארט. דאס מויל זיינ'ס איז גע־ווארען נאך קרימער.

— וואס ווייסט מען ביי אזוי־נע? זי רייצט זיך, זי רייצט זיך. מיין מאמע איז געווען א כשר'ע אידישע טאכטער. מיין טאטע איז אוועק אויף פינף יאר דינען פא־ניע'ן און זי איז עים געבליבען גע־טריי ווי דעם ערשטען טאג. זי האט גענייהט קליידער און עים געשיקט געלט אין פאלק. וואס ווייסט א מאנסביל היינטיגע צייטען? ס'איז איין גרויס געהינטעכץ. יום־כיפור לויפען זיי אין שוהל אריין. צומאר־גענס איז אלץ ווידער הפקר־פיעט־רושקע. נו, ווי לאנג כ'האב גע־לעבט וועל יאד נישט לעבען. אפשר אויף יענער־וועלט וועט מען זיך דערוויסען דעם אמת...

— ס'איז דען דא א יענע־וועלט?

— עפעס מוז זיין...

(ווייטערעס — מארגען)

# וואָס קענען מיר טאָן?

(שלוס פון עדיטאריעל זייט)

גרעסטער מאס פון פרייהייט. פאר־וואס דאן טעראר?

לאמיר דאס קלאר מאכען מיט א פאר ביישפילען. מיר האבען אין ניו יארק א שפאניש־רעדענדיגע מינדערהייט, די פארטאריקאנער. ווען זיי וואלטען געקומען מיט דער פאדערונג, אז שפאניש זאל ווערען די אפיציעלע שפראך אין ניו יארק, וואלט דאס נאטירליך געווען דער גרעסטער אומזין. אבער ווען זיי קומען מיט א פארלאנג, אז זייערע קינדער זאלען האבען די מעגליכ־קייט צו לערנען שפאניש אין די

לען און בעסערע שולען איז די פא־דערונג פון אט דער קאמיסיע פאר וואשינגטאן.

אט די מעגליכקייט דארף אויך געגעבען ווערען פאר פארשיידענע עטנישע און רעליגיעזע גרופעס איבער'ן גאנצען לאנד. אין ניו יארק איז שוין געמאכט געווארען אן אנ־הויב פון אזא סיסטעם פון אויטא־נאמיע אין געוויסע קווארטאלען. און צו וואס באמת קומען כסדר מיט טענות צו ווייסע לערערס און ווייסע פרינציפאלס, אז זיי זענען עס שולדיג אין דער הינטערשטע־ליגקייט פון די נעגערשע תלמידים? א דעמאקראטישער ענטפער מוז

# שוים

## נאוועלע

פון **יצחק ווארשאווסקי**

(פארזעצונג)

שמואל סמעטענע האט צוגעמאכט די אויגן. פלוצים האט מאקס דערהערט א שנארך. שמואל איז געהאט איינגעשלאפען. נאך א ווייל האט מאקס זיך אויפגעהויבען און זיך געלאזט ארויסגעהן. אדער אפשר האט ער בלויז געוואלט מאכען א פאר טריט? ער איז אריין אין מיטל־שטוב, געטאן א בליק אויף דער קאמאדע און דערזעהן זיין פאס. ער איז געווארען אזוי דערשטוינט אז ער איז געבליבען שטעהן שטיל. דערנאך איז ער צוגעגאנגען און אים גענומען. ער האט אים געבלעטערט א ווייל און אריינגעלייגט אין בוזעם־קעשענע. א נס! א נס! — האט עפעס אין אים גערופען. — ס'איז נישט באשערט געווען כ'זאל הרג'נען א מענטש! ס'איז איצט מאקס'ן געווען קלאר אז די גאנצע רייד וועגען א מאכער און קאפיעס איז אלץ ליגען. זי האט איינפאך געוואלט צונעמען זיין פאס פאר א משכון. אבער פארוואס האט זי אים געהאלטען אויף דער קאמאדע? אלץ אין מאקס'ן איז געווארען פול אונטערטעניגקייט און באדרענגעניש. מ'לאזט נישט אין הימעל ער זאל אומקומען. ער איז נישט ווערט, אבער א גוטער מלאך טוט אויף אים אכטונג... ער האט וואויל באנומען אז ווען שמואל סמעטענע וועט זיך אויפכאפען און זעהן אז ער, מאקס, איז נישטא, וועט ער זיך וואונדערן. אבער ווי באלד ער ברויך נישט קיין געלט, וואס האט ער, מאקס, דארט צו טאן? ער האט געמוזט ארויס פון דער דאזיגער דירה. ער האט געדארפט אטעמען די פרייע לופט. ביים טויער האט מאקס דערבליקט רייזל קארק. זי איז אים געקומען אקעגען מיט א קארב פול מיט שפייז און גרינסען: א הוהן, א הייפטל קרויט, א קאראפיאל, טאמאטען. ווען זי האט אים דערזעהן, איז זי געבליבען ווי פארגליווערט. זי האט א זאג געטאן:

— ביזט געווען אויבען?

— יא, כ'בין געקומען געווארפען צו שמואל'ן.

— וואס טוט ער? פארוואס האסטו נישט טעלעפאנירט אז דו קומסט?

— כ'האב טעלעפאנירט, אבער קיינער געהט נישט צו צום טעלעפאן. עפעס א פארשוין האט געענטפערט אז ער געהט דיך צורופען און מיך געלאזט שוויצען.

— וואס פאר'א פארשוין? וואס רעדסטו? קיינער קומט דא נישט אריין.

— דאס איז געווען נעכטן, נישט היינט.

— נעכטען? קיינער קומט דא נישט. א, ס'איז דא געווען מנשה דער פעלדשער.

— וואס איז מיט מיין פאס? כ'האב דיר געזאגט אז כ'דארף האבען מיין פאס — האט מאקס געזאגט אויספראוועריש און שטרענג.

— ווארט, כ'על אוועקשטעלען דעם קויבער. ער וועגט אפשר דריי פוד. כ'האב געגעבען דיין פאס דעם מאכער, אבער ער איז שטארק פארנומען און ער לייגט־אפ פון טאג צו טאג. כ'דארף געהן צו אים, אבער אז שמואל איז אין אזא הייט, האב איך נישט קא' מינוט צייט. וואס דארפסטו אזוי נויטיג דעם פאס? ווילסט שוין אוועקפארען?

— אפשר יא?

— און מיך וועסטו לאזען אזוי שוויצען? — האט רייזל צוריקגעפרעגט.

— וואס איז? כ'האב דיך פארפיהרט? ביזט נעבעך געווען א כשר'ע בתולה?

רייזל האט אויף אים א קוק געטאן האלב־מיט־געבעט האלב־מיט־חוצפה.

— דארפסט מיך מעהר נישט, הא?

— קודם־כל, גיב מיר אפ דעם פאס. דערנאך וועלען מיר שמועסן.

— דער פאס איז ביים מאכער, נישט ביי מיר.

— וואו וואוינט דער מאכער? איכ'ל אליין צו אים אריבערגעהן.

— מיט דיר וועט ער נישט וועלען רעדען.

— הייסט עס, כ'מוז בלייבען שוויצען אין ווארשע ביז דו וועסט דיך אויסקראצען?

— מאקס, וואס איז דער מער מיט דיר? — האט רייזל קארק געפרעגט.

— דער מער איז אז דו ביזט א הונט, א חזיר, א קאנאליע. אזוינע ווי דו איז א מצווה צו דער'הרג'ענען. אפילו דער'הרג'ענען איז צו פיל כבוד פאר דיר. דיך דארף מען צעקוועטשען ווי א וואנץ.

— מאקס, ביזט פון זינען אראפ?

— כאנטע, מנוול, געמיינע צויג!

מאקס האט זיך נישט געקאנט מעהר איינהאלטען. ער האט איר דערלאנגט א פלעם. רייזל האט זיך שיער נישט איבערגעקערט.

— מאקס, וואס טוסטו?

— אט דא איז מיין פאס!

און מאקס האט ארויסגענומען דאס ביכל פון בוזעם־קעשענע. ער האט עס געדרעהט פאר רייזל'ס פנים ווי א שפיגעלע. רייזל'ס אויגן זענען געווארען פול מיט געלעכטער, פול מיט צער.

— האסט געזוכט ביי מיר אין די שופלעדער, הא?

— ער איז געלעגען אויבען־אויף אויף דער קאמאדע. די גאנצע מעשה מיט'ן מאכער איז געטשאקעט. ליגנער! גנב! זשוליק, פיאווקע! דיין סוף איז געקומען. דו הערסט צי נישט? איכ'ל דיך קאלט מאכען!...

און מאקס האט צונויפגעבאלט א פויסט.

— מאקס, טוה נישט אפ קא' נארישקייט! — האט רייזל גערעדט שטיל און מיט ווארעניש. — אז וועסט נאכאמאל ארויפלייגען אויף מיר א האנט, וועט די גאס זיין שווארץ. כ'האב דא מענטשען וואס וועלען זיך פאר מיר אננעמען.

— ווער? דיינע אלפאנסען?

— ווער ס'זאל נישט זיין, וועסטו מיט קא' גאנצע ביינער פון דאנען גישט אוועק.

— כ'האב דיך טיף טייער אין דר'ערד!

און מאקס האט געטאן אויף איר א שפיי — גלייך אין שטערן.

רייזל האט אפגעווישט דעם שפיי מיט'ן ארבל.

— מאקסעלע, שעהמען מעגסטו דיך ביז'ן ווייטען האלז.

— איך דארף מיך שעהמען? וואס האסטו געהאלטען מיין פאס? פאר א משכון?

— כ'האב אים געוואלט אוועקטראגען צום מאכער, אבער דערווייל איז געשעהן ס'מאלעיר מיט שמואל'ן. מאקסעלע, וואס שטעהען מיר אין טויער? ס'עט באלד ווערן א גראסשקע. קום ארויף און לאמיר רעדען ווי מענטשען.

— דו ביזט דען א מענטש? ביזט וועניגער ווי א ווארם. ס'איז אפילו א מיגל דיך צו צעטרעטען.

— כ'בין וואס כ'בין. כ'האב דיר נישט געזאגט אז כ'בין א רביצין. דו קריכסט צו רביים, נישט יאך. ביזט געקומען צו מיר און כהאב גערעדט מיט דיר קלארע ווערטער. אויב דו ווילסט ווערען א סטאטיק, איז דאס נישט מיין שולד. מיר'ן זיך צונויפגערעדט און כ'האב געמיינט אז ס'עט געהן א גאנג. דער שמואל איז שוין געווען אן אפגעפאהרענער פריער און אצינד איז ער אן אויסגעקלאפטע הושענא. יאכ'ל עים לאנג נישט האלטען. אויב ר'עט נישט צוריקגעהן צום ווייב, וועל יאך אים אוועקפירען קא' טשיסטע אין שפיטאל. ביי מיר איז א שטוב, נישט א הקדש. גאנץ פראסט און פשוט. אויב דו וועסט צוווארטען א פאר טעג, בין איך דיינע און קאנסט טאן מיט מיר וואס דו ווילסט. כ'האב דיר נישט געוואלט צונעמען דעם פאס. וואס דארף יאך דיין פאס? כ'קאן קריגען טויזענט פעסער פאר איינעם. יענע נאכט האסטו געשוואוירען ביי דער נשמה פון דיין זוהן אז האסט מיך ליב.

— כ'האב נישט געשוואוירען ביי קיין שום נשמה. טשאקער, בליאגער, טאפשע!

— האסט געשוואוירן. כ'טראכט מיר נישט אויס. האסט שוין אוודאי פאטשאפעט אן אנדערע און ווילסט מיט איר אנטלויפען. מאקסעלע, יאכ'ל דיך נישט צוהאלטען. נישט כ'קאן און נישט יאך וויל. דארפסט נישט שטעהן דא און מיך רופען נעמען. אויב ווילסט געהן, געה לחיים ולשלום און האב א גוטען שליטועגס. אויב יאך וויל פאהרן קאן ארגענטינע צו מיין שוועסטער, קאן יאך פאהרען אהן דיר. כ'האב נאר יאויף הוצאות. די גאנצע גאס לויפט מיר נאך, דאס איז דער ריינער אמת. כ'קאן האבען א אינגל פון נײַנצען יאר, איז מיין נאמען נישט רייזל. מיר וואלטען געקאנט זיין א גוטע פאר, נאר אויב דו שלאגסט מיך שוין איצט, קאן יאך פון דיר קא' גוטס נישט האפען.

— וואס זאל איך טאן, דיך קרשען?

— פארוואס נישט? קום ארויף און טוה מיט מיר וואס דו ווילסט. יאכ'ל פטור ווערען פון עים היינטמארגען און די גאנצע וועלט איז פאר אונז אפען. דו האסט געלט און יאך בין אויך נישט אהן א גראשען. מיר'ן מיטנעמען באשע'ן און זי'ט זיין אונזער דינסט. קאנסט דיך שפילען מיר איר וויפל דו ווילסט. אויף איר בין יאך נישט פעקערזיכטיג.

— פארוואס האסטו נישט צוגעלאזט מיר זאלען זיך טרעפען? — האט מאקס געפרעגט פארבליפט פון די אייגענע ווערטער.

— ווייל דו ווייסט נישט וואס ס'טוט זיך מיט דיר. דו ביזט אינגאנצען צעיאכמערט. דו טוסט אלץ אהן א קאפ. זי איז שבת געקומען אהיים מעהר טויט ווי לעבעדיג. די אלטע לאזען זי איצט נישט ארויס פון שטוב. אזוי, מאקסעלע, האנדעלט מען נישט. דו דארפסט מיך מעהר ווי יאך דארף דיך.

— כ'דארף דיך אויף א כפרה.

— נו, גוט. געה און זאל דיר גאט העלפען.

א ווייל זענען ביידע געשטאנען שטיל. רייזל האט א קוק געטאן אויף דעם קויבער. מאקס האט זיך געצעגערט א ווייל.

— ביזט געווען פאלש צו שמואל'ן — האט ער געזאגט. — אלע דיינע רייד זענען ליגענס.

— פון וואנען ווייסטו אז כ'בין עים געווען פאלש? ער'ט עס דיר געזאגט?

— כ'ווייס.

—אזוי גיך האט ער זיך פארטרויט פאר דיר, הא? שוין דריי יאר ווי ר'איז נישט קא' מאנסביל.

— אבער דו ביזט געבליבען א נקבה, הא?

— כ'מיין עפעס. יאכ'ל בלייבן א נקבה אפילו ווען כ'על ליגען אין קבר.

— די מתים וועלען קומען צו דיר, הע?

— דערווייל וויל איך א לעבעדיגען.

און רייזל האט אויפגעהויבן דעם קויבער.

מאקס האט נאכגעקוקט ווי זי געהט אריין אין דעם פאדערהויז. נאך א ווייל האט ער זיך געלאזט איר נאכגעהן. ער האט א זאג געטאן:

— גיב מיר דעם קויבער.

רייזל'ס אויגען האבען אויפגעלויכטען.

— ווילסט זיין א קאוואליער, הא? קום, יאכ'ל דיר מאכען קאווע.

ער איז איר נאכגעגאנגען און געטראכט אז אזוי געהט אן אקס צו דער שחיטה. א בהמה'שע שווערקייט האט אים אנגענומען און א טעמפקייט. נו, כ'בין נישט בעסער פון איר, האט מאקס צו זיך גערעדט. ער האט אנגעטאפט די בוזעם־קעשענע. אלץ יא, נאר דעם פאס מיינעם וועט זי מעהר נישט אנריהרען, האט ער ביי זיך באשלאסען. רייזל האט געעפענט די טיר און זיי זענען אריין. מאקס האט זיך אוועקגעזעצט אויף א בענקל אין קיך. רייזל האט אוועקגעשטעלט דעם קויבער אויף דער ערד.

— ווארט, כ'על טאן א קוק צו עים.

זי איז אוועק און זיך לאנג געזוימט. מאקס האט ארויסגענומען א שרייב־פענדל און גענומען שרייבען ציפערן אויף א נאטיץ־ביכל. שוין וואכען און חדשים ווי ער האט גערעכענט דעם אייגענעם רעכענונג: וויפיל געלט ער האט מיטגענומען, וויפל ס'קאסט אים א טאג, ווי לאנג ער קאן נאך אויסקומען פאר דער סומע וואס איז אים געבליבען. אויב כ'האב געקאנט נאך אלעמען געהן צו איר, האב איך אינגאנצען נישט קיין כאראקטער, האט מאקס גערעדט צו זיך. — כ'בין אינגאנצען א שמאטע. נו, צו וואס האב איך גענומען דאס צימער אויף דער דזשיקע? כ'בין משוגע פאר א צולאג... רייזל האט זיך אומגעקערט.

— ער שלאפט.

—וואס ווילסטו טאן? — האט ער געפרעגט.

— דו ווייסט וואס.

און זי האט געטאן א חאונק. נו, קיין געמיינערע זאך איז נישטא אויף דער גאנצער וועלט! — האט מאקס צו זיך געזאגט. זי איז ארויס אין קארידאר און ער איז געגאנגען נאך איר. זי האט געעפענט די טיר צו א שטוב וואו ער איז נאך נישט געווען פריהער. ס'איז דא געשטאנען א בעט. רייזעל קארק'ס אויגען זענען געווארען פול מיט ווינקעניש. מאקס האט א זאג געטאן:

— ער קאן זיך נאך אויפכאפען.

— ער קאן נישט געהן.

— ניין, רייזל, כ'וויל דאס נישט!

— זיי נישט קא' יאלד.

— וועסט טאן דאס אייגענע ווען דו וועסט זיין מיט מיר — האט מאקס געזאגט.

— ניין, מאקסעלע, דו ביזט א מאנסביל.

ער האט זי ארומגענומען און זי האט זיך צוגעדריקט צו אים. זי האט דערוועקט אין אים סאי תאווה און סאי שנאה. דער טעלעפאן האט געקלונגען, אבער רייזל האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ אין דער ברייט, א סימן אז זי וועט נישט ענטפערען. מ'האט געקלאפט און געקלונגען אין דער טיר אויך. וואס איז דאס פאר אן אפרייסעניש אויף זיי? — האט רייזל גערעדט. דאס פנים איר'ס איז געווארען הייס און דאס מויל איר'ס האט האלב געקושט און האלב געביסען. זי האט א פרעג געטאן:

— מאקסעלע, מיר פאהרען צוזאמען?

— יא, שטיק שמוץ.

— רוף מיך נישט אזוי. יאכ'ל דיר זיין געטריי.

זי האט זיך א ווארף געטאן אויף דעם בעט און אים מיטגעשלעפט מיט זיך. דער מאטראץ האט געטאן א טויבען קלונג. זי האט אים אויסגעטאן דאס רעקל, זיך געראנגעלט מיט זיינע הויזען, די שלייקעס. די לייעז־ברילען זענען אים ארויסגעפאלען פון וועסטל־קעשענע. מיט

(שלוס אויף בינטעל בריוו זייט)

# שוים

פון

## י. ווארשאווסקי

(שלוס פון זייט 2)

אמאל האט געטאן א קנאל און רייזל האט ארויסגעלאזט א קוויטש. דער רעוואלווער האט געהאט אויסגעשאסען. א רויך און א געשטאנק פון פולווער. די קויל האט, אפנים, געטראפען רייזל'ען. זי איז אראפגעפאלען פון בעט, זיך אויפגעהויבען, גענומען לויפען מיט אויסגעשפרייטע הענט און שרייען מיט א באנומען קול; ער'ט מיך געשאסען! געשאסען! זי האט געהאט פארקייטעלט די טיר און אנשטאט זי אויפצוקייטלען, האט זי געריסען די קליאמקע. מאקס האט דערזעהן בלוט אויפ'ן דיל. ער האט זיך אויפגעזעצט און געגאפט. ער האט איר אפילו נישט געפרואווט העלפען. נו, דאס איז עס! דאס איז עס! — האט עפעס אין אים געזאגט. רייזל האט אפגעריסען דאס קייטל. מאקס האט געהערט ווי זי שרייט; געוואלד! פאליציי!.. ראטעוועט!.. ראטעוועט! ער האט פארנומען א טויב געשריי פון שמואל סמעטעגע. פון הויף האבען זיך אויך דערהערט געוואלדען. מאקס האט אפילו נישט געפרואווט אנטלויפען. ער האט אריינגעשטעקט די האנט אין דער הויזענקעשענע און דאס מעטאל פון רעוואלווער איז געווען ווארעם. מאקס האט דערזעהן אז אויסגעברענט לאך אין זיינע הויזען. ער האט באנומען, אז ס'קאן דינען ווי א באוויז דאס ער האט נישט געשאסען רייזל'ען מיט בייזען ווילען, אבער ער האט זיך געפונען אין א פרעמד לאנד, אהן אייגענע, אהן פריינד. דער וועג פון דאנען האט געפירט אין תפיסה, אפשר צו קאטארגע, סיביר.

מאקס האט געוואלט ארויסנעמען דעם רעוואלווער פון קעשענע, אבער עפעס האט ער מורא געהאט זיך צוצורירן צו דעם משחית. ער האט זעד דערמאנט אן דעם מעסער. אויב מ'וועט געפינען ביי אים אין בוזעם־קעשענע א מעסער, וועט דאס זיין א באוויז, אז ער איז געקומען הרג'ענען. ער האט באנומען אז ער דארף טראכטען גיך, עפעס טאן וואס זאל אים ראטעווען, אבער אלץ אין אים איז געווארען טעמפ און אפילו גלייכגילטיג. דער טייערער איד האט מיך פארשאלטען!..

דער קאפ איז אים געווארען שווער, די פיס ווי אפגענומען. נו, ס'איז דער סוף... דער אינעווייניגסטער שנאה זיינער, דער צולהכעיס־טוער, האט געהאט אפגעהאלטען א נצחון. א ווייל האט מאקס פארגעסען וואס ער האט געוואלט טאן. דערנאך האט ער זיך ד ע ר מ א נ ט. ער האט זיך אנגעבויגען אויפצוהויבען דאס רעקל, וואס איז אראפגעפאלען אויפ'ן דיל, אבער אין דער רגע האט ער פארנומען טריט, א לויפעניש. די טיר האט זיך אויפגעפרעלט און ס'איז אריין א סטאקאווי, א סטרוזש און א ציווילער פארשוין. דער סטאיקאווי האט געהאט ארויסגענומען די שאשקע פון דער שייד. ער האט א געשריי געטאן;

— רוקי ווערך! (די הענט אין דער הויך).

מאקס האט אויפגעהויבען די הענט.

• • •

מיט א פאר טעג שפעטער האט מען מאקס'ן איבערגעפיהרט מיט א קעטשל אין ארסענאל. ס'איז געווען פארנאכט. אלץ איז פארגעקומען גענוי ווי אין דעם חלום, וואס האט זיך איבערגע'חזר'ט צעהנדליגער אדער אפשר הונדערטער מאל; ער איז געגאנגען אויף טרעפ, וואס די ברעגען זייערע זענען באשלאגען מיט אייזען. מ'האט געעפענט א שווערע טיר און אים אריינגעלאזט אין א זאל מיט גרויע ווענט און מיט טאפטשאנעס אין מיטען. דאס געקראטעטע פענסטער, פארצויגען מיט א נעץ פון דראט, האט דורכגעלאזט ווייניג ליכט. אין דער האלבער פינסטערניש זענען געשטאנען פארשוינען אין גרויע שפענצערס, גרויע הויזען. די פנים'ער האבען אויך אויסגעוויזען גרוי. אלע האבען געגלאצט אויף אים שווייגענדיגערהייט. אלץ איז געווען באשערט פאראויס. עפעס אזוינס ווי א פרומקייט האט אנגענומען מאקס'ן געמישט מיט פחד. ער, מאקס, איז געקומען קיין ווארשע און אפגעטאן די אלע ווילדקייטען פאר איין צוועק: דער דאזיגער חלום זאל ווערן וואר...

(סוף)